„שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך"

ספר

# זכרונות פון צוויי דורות

— מאת —

רעוו. אלכסנדר זיסקינד הורוויץ
בל"א מו"ה יעקב מאיר ז"ל
מחבר „תורה בחרוזים"
שו"ב ומורה עברית בת"ת בעיר סאַן אַנטאָניא, טעקסעס

## חלק ראשון

שנת תרצ"ה לפ"ק

הונף והורם לכבוד בני ובנותי חתני וכלותי:

בתי היקרה מ׳ חנה ובעלה המהולל מר צבי הירש מעקרא.

בני היקר מר אליהו גורוויץ ורעיתו כלתי המהוללה מ׳ קאַטיע.

בתי היקרה מ׳ אידע ובעלה המהולל מר הערדי העססיל אשר בביתם מצאתי מנוחה בכבוד אחרי מות רעיתי פייגה רעליע ז״ל.

בתי היקרה מ׳ אסתר ליבמאַן.

בני היקר מר שלום ורעיתו כלתי המהוללה מ׳ חנה.
ובני ב״ז מר יעקב ורעיתו כלתי המהוללה מ׳ פערע.

בכבוד אחרי מות רעיתי פייגה רעליע ז״ל.
אביהם המחבר

רעוו. אלכסנדר זיסקינד הורוויץ

# ציון
# לנפש חיה

שם רעיתי חבצלת השרון
בספר ז"ה יחקה לזכרון!

פייגה רעליע בת ר' שלום ז"ל



בצום כפור בית־אל הלכה
יום תמים צמה שיח שפכה
מחר ערב שבת שלחן ערכה
נר של שבת הדליקה בברכה
אם הבנים מעונג שמחה,
בנשף חשק בזכח משפחה.
פתאום הה! שמחתנו נהפכה
לליל חרדה יגון ואנחה.
רעיתי תמתי אותנו זנחה
הודנו והדרנו אתה לקחה!

פ
י
י
ג
ה
ר
ע
ל
י
ע
תנצב"ה

פארה פריה פור התפורה
יבשה הגפן נצמתה, נשברה.
ימים ושנים בצילה חסיתי
גיל שבעתי, עונג רויתי
הוד והדר זיו תמונת פניה.
רב חן וחסד תפקנה עיניה
עיני תרמענה עת אחזה תמונתה.
לבי יתר ממקומו בזכרי אהבתה
יאבלו, יבכיו בניה ובנותיה.
על מותה יאנחו כל מכיריה!

אחרי סבלה שני ימים מכאובים עלתה נשמתה השמימה ערב סוכות
תרצ"א (מ'ר' ה'מ'ו"ת') לפ"ק.

כבוד ידידי מאד נעלה, תלמיד חכם וסופר
כמוה"ר אַלכסנדר זיסקינד הורוויץ נ"י
בסאַן אַנטאָניאָ, טעקסאַס.

שאלתו להביע דעתי בדבר הספר אשר נותן לפנינו היום, ואחרי אשר קראתי ושניתי ושלשתי בעיון רב ובחשק נמרץ הנני להגיד לכבודו אף כי לא צריך להסכמתי אשר כויהודא ועוד לקרא, כי כבר עלית במרום שבית שבי לקחת מתנות מתנת אלקים בפה ממלל רברבן קנה שם טוב משמן טוב בחבוריו „תורה בחרוזים" המעידים עליו גדולי הדור ובראשו הגאון ר' חיים הירשענזאָן וכלם עטרוהו בנזר תפארה, והספר הזה המכלכל תולדת המחבר שירים ומאמרים הוא לאבן־בוחן למשכילים ולמביני דבר כי את טל ילדותו ושחרותו הקדיש לגדולות ונצרות, ומה בילדותו כך בזקנותו אל אחת כמה וכמה, כמאמר חז"ל זקני תורה כל זמן שמזקינים דעתן מתישבת עליהם (קנים פג). לכן אמינא לפעלא טבא יישר חילו. השוכן מעלה יאריך ימיו ושנותיו, יזכה להפיץ מעיונותיו, יכירו ויוקירו תלמידיו ומיודעיו, להביא את הברכה בתוך ביתם את „ספריו", כנפש מוקירו באהבה רבה נאמנה

אברהם יחזקאל
בהרב הגאון משה יהודא זצ"ל
ראַבינאָוויץ,
רב בבהכ"נ רודפי שלום,

בחדש ניסן, התרצ"ה
סאַן אַנטאָניאָ, טעקסעס.

Rabbi Ephraim Frisch
Temple Beth-El
San Antonio, Texas

Residence:
130 Luther Drive

March 20, 1934.

Rev. A. Z. Gurwitz,
San Antonio, Texas.

Dear Mr. Gurwitz

I consider it a privilege to be a subscriber to your forthcoming volume "Memories of Two Generations," which is to contain the story of your life and of your contacts with interesting people who have done things for the advancement of Judaism and for the promotion of Jewish learning and literature. Your previous writings have already assured you an honored place among the authors of our time. The San Antonio Jewish community feels itself honored in having you as a resident and sage.

Sincerely yours,
EPHRAIM FRISCH

Rabbi David Tamarkin
Congregation Agudas Achim

San Antonio, Texas

May 1, 1935

Rev. A. Z. Hurwitz,
423 East Laurel,
San Antonio, Texas.

It has been a pleasure for me to read and review your work, "Memories of Two Generations." In it I have found almost a complete history of the everyday life of both the student and the layman, especially of the smaller European towns.

It will afford me great joy to have this work in my library alongside of your 'Torah in Rhyme."

San Antonio Jewry takes pleasure in having you as one of its citizens.

Sincerely yours,
DAVID TAMARKIN

# הקדמה

עולם קטן, א קליין וועלטעל איז דער מענש, זאָגען אונזערע חכמים, דער מענש אין זיין קורצען לעבען איז פאר זיך א גאנצע וועלט אין א קליינעם מאַסשטאַב, מיט זיין אייגענער לעבענס געשיכטע, און אין דער זעלבער צייט — איז ער א שרייפעלע פון דער אייביגער גרויסער וועלט-מאַשין, וועלכע עקזיסטירט שוין טויזענטער יאָהרען. יעדער איד איז א חלק פון דעם גאַנצען כלל, נאָר ניט אלע חלקים זיינען גלייכע. די חלקים פון די גדולים, פון די חכמים פון אלע צווייגען פון ווי־סענשאפט, זיינען פיעל גרעסער פון די חלקים פון געוויינליכע מענשען, אויך די מאַשיניסטען וועלכע טרייבען די וועלט-מאַשין, די מלכים, די שרים און די העלדען פון יעדער דור, פון אלע נאַציאָנען אויף דעם גאנצען ערד קוגעל, סיי די גוטע, נאָבעלע, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער גוטסקייט, און סיי די אכזרים-טיראַנען מיט זייער גרויזאַמען אכזריות'קייט. אָט די אלע, ווערען פארצייכענט פון די היסטאָריקער אויף דער וועלט מצבה, די וועלט-געשיכטע, יעדער נאָך זיין פארדינסט. אבער אזוינע מענשען זיינען זעהר ווינציג אין יעדען דור. דער כלל, דער גאנצער המון, די געוויינליכע מענשען, אפילו זיי אלע צוזאמען האָבען פילייכט דעם גרעסטען חלק אין דער וועלט־מאַשין, און העלפען טרייבען זי ניט ווינציגער פון די גדולים און אפשר נאָך מעהר, מיט זייערע הענט און קראפט, מיט זייער בלוט און שוויים. וואָרום מיט חכמה אליין, וואָלט די גרויסע וועלט ניט געבויט ווערען, און די וועלט-מאַשין וואָלט זיך פון אָרט ניט גערירט. אָבער דער איינצעלנער מענש פון דעם המון,

יעדער באזונדער האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכענט, אז זיין לעבענס-געשיכטע זאָל פארשריבען ווערען, כאטש פיליכט, די איבערלעבונג פון זיין וועלטעל איז זעהר אינטערעסאנט. נאָר ווער קען דאָס אינטערעסירן צו באשרייבען א פשוט'ען בשר ודם? איז אָט די אלע הונדערטער מיליאָנען אין יעדער דור, וועלכע קריכען ארום אויף אונזער וועלט ווי די מוראשקעס לויפען אַהן אויפהער, מאַטערען זיך מיט'ן ביטערען שוויים, צו ארייינברייינגען זייער לעבענס מיטעל, מאַטערען זיך אָפּ זייער גאַנצען לעבען ביז זיי קומען צום ברעג פון דעם שטורעמדיגען „ים החיים", און ענדיגען זייער וועלטעל, ווערען זיי דאן פאר־שלונגען אין דעם גרויסען וועלט-זומפּ, וועלכער שלינגט איין אלע באַשעפעניש און ווארפט זיי אריין אין תהום, אין אָבגרונד פון פארגעסונג און קיין זכר בלייבט ניט פון זיי.

זיי האָבען געלעבט אין דער פינסטער, געשטאָרבען אין דער פינסטער און זייער נאָמען ווערט צוגעדעקט אין דער פינס־טער. אזוי ציהט זיך א דור נאָך אַ דור, איינער נאָך דעם צוויי־טען, די וועלט-ראָד דרעהט זיך אהן אויפהער, ברייינגט ארויף איין דור און לאָזט איהם אראָפּ צום גרונד און אויף זיין אָרט געהט ארויף א צווייטער, און אזוי דרעהט זיך כסדר, ווי דער וועלט-חכם האָט געזאָגט — דור הולך ודור בא, — איין דור געהט אוועק און א צווייטער — קומט. — ואין זכרון לראשונים — מען דערמאָנט ניט די ערשטע, זיי ווערען פארגעסען. אזוי האָט דער שעפער געגרינדעט די וועלט און אזוי פיהרט זיך אָהן אויפהער, אָהן ענדערונג.

באטראכטענדיג דאָס אלעס, און באטראכטענדיג זיך זעלבסט מיין ארעם חלק, וואָס איך האָב אין דער וועלט-מאַשין. איך האָב ניט זוכה געווען, זיין באשיינקט פון דער נאַטור מיט געטליכע פעהיגקייטען, איך האָב זיך מיט גאָרנישט אויסגע־צייכענט פון דעם פשוט'ען בשר ודם, אז מיין לעבענס געשיכטע זאָל פארשריבען ווערען דורך אַן אַנדערן. אלזא, פיהלענדיג אז איך בין ביכלת אליין אָנצושרייבען, און ס'קען זיין, אז מיין

לעבענס-געשיכטע זאָל זיין אינטערעסאנט צום לעזען, איז וואַ־רום זאָל איך ניט שרייבען? אונזערע חכמים זאָגען — אם אין אני לי מי לי? — אויב איך בין ניט פאר זיך אליין, ווער וועט פאר מיר?

די תורה זאָגט אונז — שאל אביך, ויגדך זקניך ויאמרו לך, — פרעג דיין פאָטער, דיין זיידען וועלען זיי דיר זאָגען, וואָס מיט זיי האָט געטראָפען. הייסט דאָס, אז יעדען באדארף אינ־טערעסירען, וואָס מיט זיין פאָטער און זיין זיידען איז פאר־לאָפען. יעדער מענש מוז צום ווייניגסטען וויסען, וואָס מיט צוויי דורות פאר איהם איז געווען. דאָס קען איהם פיעל גוטס געבען. אלזא וועט מיין לעבענס געשיכטע געוויס זיין אינטע־רעסאנט פאר מיינע קינדער און אייניקלעך. ווי איך בין ערצוי־גען געווארען ביי מיינע עלטערען ע״ה, אין די חדרים ביי אמאָ־ליגע מלמדים און דערנאָך אין די ישיבות, און ווי איך האָב פארבראכט מיין וועלט אין די יונגע און אין די מיטעלע יאָה־רען, און אויף דער עלטער און ביז׳ן מיין איצטיגען איינזאמען לעבען, ווען איך שרייב דיזען „ספר הזכרונות״ זיי זאָלען מיך דערמאָנען לעזענדיג דיזען ספר, אמאָל מיט א זיפץ, און אמאָל מיט א שמייכעל אויף זייערע ליפען. און פיללייכט וועלען זיי געפינען פיעל נוצליכע זאכען צו אָפלערנען גוטע מידות פון דער פיהרונג פון דעם אלטען דור!

מיין האָפענונג איז גרויס, אז מיין ספר הזכרונות וועט נוצליך זיין פאר פיעל אפילו פאר פרעמדע, וועלכע וויסען מיך ניט און ניט געהערט פון מיר, ווייל מיין ספר איז ניט געשרי־בען געוואָרען א געשיכטע פון א יחיד, דאָס איז א געשיכטע כמעט פון א כלל, ווייל ניט מיין פאָטער ע״ה און ניט איך זעלבסט זיינען געווען אן אויסנאם אין יענער צייט. אלע אידען פון יענע דורות אין אונזער שטאַנד האָבען זיך אזוי געפיהרט אין יענער צייט מיט זיך זעלבסט און מיט זייערע קינדער. אלע מנהגים, אלע טראדיציעס ווערט דא געמאָלט א בילד פון יענער צייט, ווי דער איד האָט זיך געפיהרט דעם גאַנצען יאָהר, זיינע

וואָכעדיגע טעג, זיינע שבתים און יו״ט, די ימי אבל, די טרויער טעג. ווען דער איד באקלאָגט זיין פארגאנגענע צייט, גאָר פון אַמאָל אדער די ימי בקשה ותחנונים, די געבעט-טעג. ווען דער איד האָט פארגאָסען פאר גאָט זיין תפלה אויף זיין צוקונפט ווי ימים נוראים, ראש השנה און יום כפור. דער ציטער, דער שרעק, די אומרוהיגקייט וואָס דער אמאָליגער איד האָט גע־פיהלט? וואָס זיין אידישע הארץ, זיין נשמה האָט דורכגעלעבט ווען ער האָט אָנגעטאָן זיין ווייסען קיטעל און איבערגעדעקט זיך מיט זיין טלית איבער'ן קאָפּ, געזאָגט דעם „על חטא״, גע־קלאפט זיך אין הארצען אפילו אויף אזעלכע זינד, וואָס ער האָט ניט געטאָן, טרערען פארגאָסען פאר דעם רבש״ע דעם גאנצען יום כפור'דיגען טאָג, א הונגעריגער, אן אויסגעמאַטערטער פון תענית, איז ער באלד פון זיין טרויער, אריבער צו די פרעה־ליכקייט פון זמן שמחתנו. די באגייסטערונג און די אויפבליהונג פון זיין נשמה, אויסגעווישט זיינע פארוויינטע אויגען און פרעה־ליך געווארען, ווייל גאָט הייסט — פרעהליך זיין. „זמן שמחתנו״, זיין פיהלונג אין אלע זיינע יום טובים נאָך זייער באדייטונג נאָך, ניט פארפעלענדיג קיין איינציגען דין און מנהג. אויך ווערט דא באשריבען די שטרעבונג פון יעדער אידען, צו ער־ציען זייערע קינדער אין אידישען גייסט, די שמחה פון די על־טערען ווען זיי האָבען דערלעבט אוועקשיקען זייער קינד אין חדר, צי אין ישיבה. אויך איז דאָ א בילד פון די אַמאָליגע חדרים מיט די מלמדים, זייער סדר הלמוד, די ישיבות מיט די ישיבה בחורים, זייער לעבען און וואָס פאַר אַ טיפּ מענשען זיינען אַרויס פון זיי? אויך אמאָליגע כלי קודש, רבנים, שוחטים, חזנים, אלע אויסגעמאָלט א ריכטיגע בילד.

דער ערשטער טייל ווערט באשריבען די „ימי הילדות״, די קינדער יאָהרען, פון פיער יאָהר, זינט איך האָב אָנגעהויבען לערנען אלף בית, ביז איך בין אוועק אין דער ישיבה.

ווי ליעב און ווי טייער זיינען אָט די זכרונות! אָט די קינדערשע יאָהרען! די גליקליכסטע, די בעסטע, די איידעל־

סטע, די הייליגסטע און די ריינסטע אין דעם מענשענס לעבען, ריין אָהן א פלעק אויף דער נשמה. זיס און ליעב זיינען די זכרונות פון דער קינדערשער וועלטעל, ווען מען שרייבט און ווען מען לעזט וועגען איהר, שפּעטער ווען די פריהלינג בלו־מען האָבען שוין אָפּגעבליהט, די זומער טעג אָפּגעקיהלט. די זון וואַרפט שוין איהרע שטראהלען זעהר שוואך. עס איז שוין אָנגעקומען דער הערבסט מיט זיינע כמורנע, וואָלקענדיגע טעג, ס'בלאָזען פייכטע, פוילע און טריבע, בייזע, קאַלטע ווינ־טען בלאָזען און פייפען און רופען דעם לעבלאָזען ווינטער, וועלכער נעמט אריין אין זיינע שטארקע הענט און פרעסט אויף אומדערבארעמענדיג זיינע קרבנות, פרעסט און ווערט ניט זאַט.

אָט אין די ימי הזקנה, ווען מ'גיט זיך א קער אהינטער, מ'גיט א בליק מיט קלאָהרע אויגען און מ'באַטראַכט מיט א קלאָהרען זינען אויף דער לאַנגער שטרעקע וואָס מ'איז אריבער־געגאנגען. וואָס זעהט מען הינטער זיך? א גרויסען, א לאַנ־גען שאָטען, און מעהר ניט! דאָס איז אין גאנצען וואָס מען האָט ערוואָרבען פאר דעם גאנצען לעבען. אלע אמאָליגע זיסע חלומות, אלע פאַנטאַזיעס, וועלכע ס'האָט זיך גע'חלומ'ט, פאַר־געשטעלט, זיינען צורונען געוואָרען, אלע האָפענונגען זיינען צושוואומען און צוברעקעלט געוואָרען אויף שטיקלאך אָן די פעלזען פון דעם רוישענדיגען ים החיים, פון אלץ געוואָרען תהו ובהו! וויסט און פוסט מעהר ניט „חלמא טבא חזיא" — א גוטען חלום געזעהן. ס'טרעפט א צייט אז ס'ווערט דונקעל־חשכ'דיג אויף דער נשמה, אז מען ווערט אָן דעם גאנצען לוסט פון לעבען, די גאנצע וועלט מיט איהר פּראַכט און גלאַנץ.

אָט אין די חשכ'דיגע טעג גיט מיט אמאָל א שיין א גאָל־דענער שטראַהל, א ליכטיגער פון אמאָליגער קינדער וועלט. יענע זיסע, גליקליכע צייט, דאַן בליהט אויף און ס'לעבט אָפּ די פארוואָלקענטע הארץ און באלעבט די נשמה. מען ווערט א ווײילע צוריק יונג און מען לעבט איבער די קינדערשע וועלט.

דאָן פארגעסט מען די געגענוווערטיגע לאגע, די פארצווייפעלטע, וועלכע האָט אומצופרידען געמאכט דאָס לעבען.

געבענטשט זאָלען זיין די עראינערונגען פון די קינדער־יאָהרען, די זכרונות פון די פארגאנגענע, פאַרגעסענע טעג פון די פארגאנגענע וועלטען.

אין דעם צווייטען טייל ווערט באשריבען די ימי הבחרות, ווען איך בין געוואָרען א ישיבה־בחור, ווי איך און אויך פיעל ד"ג ווי איך האָבען איבערגעלעבט יענע צייט בחומר און ברוח. און וואָס פאר א ווירקונג האָבען די ישיבות געמאכט אָט אויף די יונגע מענשען, און וואָס פאר א סאָרט מענשען האָבען די ישיבות ארויסגעגעבען?

דער דריטער טייל פון מיינע ימי עליה, זינט נאָך מיין הייראט, און די ימי עמידה, די מיטעלע יאָהרען, ווי איך האָב געלעבט און אלץ וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען.

אין פערטען טייל איז באשריבען די ימי ירידה, די עלטערע יאָהרען ביז מיין טיפען עלטער, ווען איך שרייב דיזען ספר.

כאָטש דער ספר איז א באשרייבונג פון א יחיד, א גע־וועהנליכער מענש, נאָר ווייל יעדער מענש איז פאררעכענט פאר אן עולם קטן, „א קליין וועלטעל", קען זיין אז זיין לע־בענס־געשיכטע זאָל זיין גאנץ אינטערעסאנט ניט ווינציגער ווי די באשרייבונג פון א גדול הדור.

איך האָף אז די לעזער פון דיזען ספר וועלען געפינען פיעל נוצליכע זאכען און וועלען האָבען א גייסטיגען פארגע־ניגען.

מיין באשרייבונג הויבט זיך אָן פון דער צייט ווען איך בין געוואָרען פיער יאָהר ביז איצט ווען איך בין העכער פון זיבעציג. אלע עפיזאָדען וועלכע האָבען געמאכט אן איינדרוק אויף מיר איז אלץ איינגעקריצט געוואָרען אין מיין מח. איך געדיינק אלץ ריכטיג, ווי איך וואָלט דאָס איצט איבערגעלעבט. איך בין ניט מגזם קיין זאך, אלץ ווי עס האָט פאסירט. יעדער בילד ווי ער האָט דאן אויסגעזעהן.

דעם ספר רוף איך אָן מיט׳ן נאָמען „זכרונות פון צוויי דורות“, ווייל אין איהם שפיגעלט זיך אָפּ דער פיהרונג און די טרעפונג פון צוויי דורות, פון יעדער דור, דער טיפ איד פון אי־דישקייט, זייערע מנהגים, זייערע טראַדיציעס, זייערע מעלות מיט זייערע חסרונות, ווי דאָס איז געביטען געווארען אין דער צייט פון צוויי דורות ביסלאכווייז פאר מיינע אויגען, אין אלע הינ־זיכטען בחומר און ברוח. ווען דער זיידע, וואָס איז געשטאָר־בען מיט פופציג יאָהר צוריק זאָל איצט אויפשטעהן תחית המתים, וואָלט ער געפינען פאר זיך גאָר א נייע וועלט, א אידישע, וואָס וואָלט געווען גאָר פרעמד פאר איהם.

איך שרייב דא אלע מנהגים ווי אונזערע עלטערען, מיט זיבעציג יאָהר צוריק, האָבען זיך געפיהרט אין די ימים נוראים טעג, אין די ימי אבל: ספירה, דריי וואָכען, תשעה באב, די ימים טובים: ראש השנה, יום כפור, פסח, שבועות און סוכות.

עס וועלען זיך, פיליייכט געפינען מענשען, וואָס וועלען אָפּלאַכען פון אונזערע עלטערען, וואָס זיי האָבען אָפּגעהיט נארישע מנהגים, זאָלט איהר וויסען, אז אלע אידישע מנהגים בכלל זיינען הייליג, אפילו די וועלכע זיינען אביסעל איבער־געכאַפּט די מאָס, נאָך היינטיגע צייט, ווארום יעדער אידישער מנהג וואַקסט און האָט א שורש פון הייליגטהום, צי פון דברי חז״ל, אָדער פון א מקרה וואָס האָט מיט אידען געטראָפען, אָבער אלס ציהט זיך פון א ריינעם קוואַל. אמת, עס געפינען זיך מנהגים של שטות, ווי די חז״ל רופען זיי אָן, ווייל אידען אין זייערע גלות יאָהרען וואנדערענדיג צווישען פילע פעלקער, האָבען זיי דארטען גע׳ירש׳נט נאַרישקייט אויך, אבער זיי זיינען זעהר ווינציג און ווערען בטל בששים. אָבער בכלל זיי־נען אלע אידישע מנהגים ריין פון נאַרישקייט און מיר זיינען מחויב אָפּצוהיטען אלס וואָס אונזערע עלטערען האָבען גע־האַלטען פאר הייליג, אָהן אויסנאם, ווי די וועלט זאָגט: — אז א מנהג ברעכט אמאָל א דין.

איך האָף אז מיין ספר וועט נוצען בריינגען און פארגע־
ניגען פארשאפען לעזענדיג, והיה זה שכרי.

ממני המחבר

אלכסנדר ז. הורוויץ,
בא"א מו"ה יעקב מאיר ז"ל.
מחבר „תורה בחרוזים" שו"ב ומורה עברית
בסן אנטאָניא, טעקסעס

הנה יש רבים מיודעי וממכירי המתלוננים עלי מדוע כתבתי את ספרי "תורה בחרוזים" וגם את הספר הזה זכרונות ימי חיי, אידיש ולא עברית? הנני להשיב להם. חלילה לי מקחת את הבכורה משפה העבריה הבכירה ולתתה לאחותה הצעירה „אידיש", השפה העבריה קודש היא וחביבה עלי מאד, וכל ימי נתתי להשפה הזאת, ועד נאמן הוא הספר אשר יש ת"י בכתובים, ספר כתוב שירי שפת קודש. אך הסיבה שהביאתני לכתב את ספרי אידיש ולא עברית, בעבור שחפצתי (וזה חפץ כל מחבר) שספרי יהי' דבר השוה לכל נפש ויהי' נקראים בכל בית ישראל. ולדאבון לבנו קוראי ויודעי שפת עבר מועטים המה ונער יכתבם, וכשבלים בודדות בעמק רפאים המה בכל עיר ועיר. לכן לוא כתבתי את ספרי עברית היו מונחים ת"י כאבן שאין לה הופכין ולא הבאתי תועלת בעמלי לא לי ולא לאחרים, ועמלי עם כספי יחד הי' עלו בתהו. לכן כתבתי אותם בשפה המדוברת כמעט בכל בתי בני ישראל, ויהי' נקראים גם לנשים ולאנשים אשר שפת עבר זרה להם, והיה זה שכרי.

כן הנני אומר דברים אחדים ע"ד מנהגי אבותינו, הנה אנכי כתבתי בספרי איך התנהגו אבותינו בדורותם בימי חגינו ומועדינו, בזמן שמחתנו וששונו, בימי אבלנו וצומנו, אל תדמו קוראים נכבדים כי לבקר או להתל ממנהגיהם אני בא, חלילה לי מלהטיל מום בקדשים, להשפיל או להלעיג ממנהגי אבותינו.

מנהגי אבותינו יקרים לי מאד, כי כל המנהגים בכלל קדושים וטהורים הם. אף גם במקום שהפריזו על המידה, כי גם בהמה יש יסוד נאמן ומקור טהור מאיזה רמז מדבר שבקדושה, או מאיזה מקרה שקרה את אבותינו נהגו לעשות את זאת לזכרון לדורות, אך אין אנו יודעים מאין הוא בא, לכן אין לנו להרהר עליהם. ואם בעבור שאנחנו ב״י נעים ונדים זה כאלפים שנים בארצות הגוים בכל קצוי תבל בין עמים שונים, יוכל היות כי גם אבותינו ירשו מהם מנהגי תפל ושטות. והרבה פעמים נמצאים בדברי חז״ל באמרם על איזה מנהג, זה מדרכי האמורי או מנהג שטות. אלא המנהגים האלה מעטים המה ובטלו בששים, וכל המנהגים בכלל ממקום קדוש יבאו וממעין טהור ימשכו, ועלינו לשמרם ולעשות כאשר עשו אבותינו. ואנכי בא בספרי להציגם כמו שהם בלי כחול ופרכוס, למען ידעון דור הבא אחרינו, דור אשר לא ראו ולא שמעו כל אלה וכל המנהגים זרים המה להם. למענם כתבתי ותקותי חזקה שימצאו ברכה בהם ויעשו רושם טוב בלבבם וילכו בדרך אשר דרכו אבותינו והיה זה שכרי בעמלי.

ממני המחבר הכותב למען האמת,

**אלכסנדר ז. בא״א יעקב מאיר ז״ל הורוויץ**

---

איך פאַנג אָן דערצעהלען מיין לעבענס געשיכטע פון אָנהויב אָן.

איך בין געבאָרען געוואָרען אין דעם יאָהר כת״ר (1859) אין דער שטאָדט מינסק. מיינע עלטערען זיינען געווען ניט רייך, האָבען געצויגען זייער חיונה פון א שפייז קראָם. מיין פאָטער יעקב מאיר ע״ה איז געווען א איד א למדן. אין זיין פרייע צייט געזעסען און געלערענט, האָט ליעב געהאט א בן תורה און איז באליעבט געווען ביי יעדען. פאר זיין אָרענט-

ליכקייט און פאר זיין נאָבעלען כאראַקטער געוועזן א פרומער איד, נאָר ניט קיין פאַנאַטיק, געלעבט מיט אלעמען פריינדליך און אין דעם זעלבען גייסט ערצויגען זיינע קינדער. מיין מוטער אביגיל ע"ה, איז געוועזן א פרוי פון דער אמאָליגער וועלט, פרום און גוטהערציג. אין הויז האָט זיך קיינמאָל ניט געהערט קיין זידעל-וואָרט, קיין געשריי, אלץ איידעל און שטיל, פלעגט ליעב האָבען געבען עסען ישיבה בחורים, וואָס זיצען און לערנען, מקרב זיין זיי. זי פלעגט זאָגען — מיינע קינדער לערנען דאך אויך אין די ישיבות אין דער פרעמד, פיהל איך גוט ווי די עלענדע קינדער נויטיגען זיך אין די התקרבות, אין די פריינד-שאפט פון פרעמדע מענשען. איהר פאַרלאַנג איז געוועזן, אז איהרע קינדער זאָלען זיין לומדים, עהרליכע לייט צו גאָט און צו לייטען.

ברידער זיינען מיר געוועזן פינף, שוועסטער האָבען מיר געהאט פיער. איך בין דער אינגסטער פון אלעמען, דער בן זקונים. ערצויגען בין איך געוואָרען ווי א בן יחיד, ווייל דער עלטערער ברודער איז געוועזן פארהייראַט און די דריי אינ-גערע ברידער האָבען געלערענט אין דער פרעמד אין ישיבות, פלעגען קומען אהיים אויף א יום טוב, און באלד צוריק.

די שוועסטער, דריי פון זיי זיינען אויך געוועזן פארהיי-ראַט, נאָר די אינגסטע איז געוועזן אין דערהיים. מיר האָט גאָר-נישט געפעלט אפילו ביי מיינע ארימע עלטערען. די מאמע האָט גוט צוגעזעהן איהר מוזשיניקעל איהם זאָל אלץ דערגעהן. זי פלעגט זאָגען — דערפאַר וועט ער איבער הונדערט יאָהר לערנען נאָך מיר א פרק משניות און זאָגען א רבנן קדיש. פון איהר האָפענונג אויף עולם הבא, האָב איך גענאָסען פון עולם הזה!

# 1
# מיינע עלטערען פאָהרען ארויס אין א דאָרף, אויפ'ן פינפטען יאָהר הויב איך אָן לערנען

אויף מיין פינפטען יאָהר פארלאָזען מיינע עלטערען די שטאָדט מינסק מיט דער שפייז-קרעמעל און האָבען זיך באַזעצט אין א דאָרף ניט ווייט פון דער שטאָדט ראקאוו, געדונגען ביי דעם פּריץ פון דאָרף א וואַסער-מיהל מיט א וואיוניע וואָס מען וואליעט די פויערשע געוואנט. דאָס איז געווען פּורים-צייט. די קעלט איז נאָך גרויס געווען. בין איך שטענדיג אין הויז געזעסען, געהן צו די גוי'אישע שכנים שפּילען מיט זייערע קינדער, האָב איך ניט געקענט, ווייל איך האָב ניט פארשטאנען זייער שפּראך. האָדעוועענדיג זיך אין א גרויסער שטאָדט צווישען אידען, קיין מאָל ניט אָנגעזעהן א קריסטליכע קינד אין די אויגען. אין א פּאָר וואָכען ארום די זון האָט אנגעפאנגען צו וואַרימען, האָט די מאַמע מיר ערלויבט ארויסגעהן אין גאס אביסעל שפּילען. איך בין אוועק צום מיהל, איז מיר שטארק געפעלען געווארען די פארפראָרענע טייך, ווי די פּויערים מיט זייערע שליטלאך פאָהרען איבער'ן אַייז און ווי די קליינע שקאָצימלאך גליטשען זיך. כ'האָב געפּרואווט כאַפּען אליין א גליטש, נאָר אָהן ערפאָלג, איך בין באַלד געפאלען און עס האָט אויסגעבראָכען א גרויסער געלעכטער פון די שקאָצימלאך, וועלכע האָבען זיך דאָרטען געפונען. א שמחה מיט זיי, א איד איז געפאלען. א פארשעהמטער בין איך אנטלאָפען אין הויז. אויף מאָרגען בין איך אוועק צום מיהל זעהן ווי די וואסער לויפענדיג דורך דעם בריק פאלען אויף די רעדער פון מיהל און דרעהען זיי. איך האָב געקוקט א צייט און ניט פאַרשטאַנען צו וואָס בעדארפמען דאָס? בין איך אריין אין מיהל פרעגען דעם טאַ-

טען. דער טאַטע האָט מיך געפיהרט און געוויזען, ווי די רעדער דרעהען די שטיינער אין מיהל און די שטיינער מאַהלען די תבואה, וואָס עס שיט זיך פון אויבען צווישען זיי און עס ווערט דערפון מעהל וואָס מיר באַקען דערפון ברויט, אויך האָט ער מיר געוויזען ווי די רעדער הויבען אויף די גרויסע, שווערע טוקאטשעס, זיי לויפען פלינק ארויף און אראָפּ און שטויסען די געוואנט, וועלכע ליגט אין קאסטען אונטער זיי. פון דאן אָן פלעג איך אלע טאָג געהן אין מיהל און זעהן די וואונדערליכע בילד, ווי די וואַסער דרעהן די רעדער און די רעדער די שטיי־נער וואָס מאַהלען מעהל און ווי די טוקאטשעס לויפען ארויף און אראָפּ אזוי פלינק. איך פלעג אָפּשטעהן שעה'ענווייז און קוקען יעדען טאָג, ביז וואַנען איך האָב זיך באַקאַנט מיט די שקאָצימלאך פון דאָרף, שוין פאַרשטאַנען און גערעדט אנדערע ווערטער אויף גוי'איש, פלעג איך זיך שוין שפּילען מיט זיי אין הויז און אין דרויסען. שטארק באפריינדעט זיך מיט זיי.

אויף פּסח זיינען געקומען מיינע ברידער פון דער ישיבה. נאָך פּסח זיינען די צוויי קלענערע אוועק צוריק אין דער ישיבה און דער עלטערער איז פאַרבליבען אין דערהיים (אברהם־בער) העלפען דעם טאַטען. האָבען די עלטערען באַ־טראכט, אז ס'איז שוין צייט אנפאנגען לערנען מיט מיר. איך בין שוין אַלט געווען באלד פיער און א האלב יאָהר. מיין פאָטער האָט געקויפט אן אלף־בית, אָנגעקלעפּט איהם אויף א ברעטעל און מיין ברודער אברהם בער האָט געלערענט מיט מיר. די מאַמע פלעגט אָפט שטעהן לעבען מיר און אָנקווע־לען הערענדיג ווי איהר מזשיניקעל לערענט און פלעגט אראָפּ־וואַרפען א גראָשען, א קאָפּיקע אויפ'ן א"ב, זאָגענדיג, אז דאָס וואַרפט דיר א מלאך דערפאַר וואָס דו לערענסט גוט. די מלאכים האָבען ליעב די קליינע קינדערלאך די וואָס לערנען. איך האָב זיך געלערענט מיט חשק און פלעג אָפט פאַרייסען די קאָפּ צום באלקען, מיר פלעגט זיך ווועלען זעהן דעם מלאך וואָס וואַרפט די קאָפּיקעס. ס'פלעגט טרעפען אָפט, ווען דער

א׳ ב׳ פלעגט העגגען אויפ׳ן וואנט, פלעג איך זיך שטעלען נעבען איהם און לערנען אליין. ער איז מיר אזוי באליעבט געוואָרען, אז אפילו ווען איך האָב שוין געלערענט סידור, האָב איך איהם אויך ניט פארלאָזען, ביז וואַנען מיין פאָטער האָט די ברעטעל א״ב ארויפגעטראָגען אויפ׳ן בוידים. אין א מאָנאט ארום האָב איך שוין געלערענט סידור און אין א יאָהר צייט ארום האָב איך שוין געלערענט חומש. מיינע עלטערען זיינען געווען צופרידען מיט דעם רבי און מיט דעם תלמיד, נאָר זיי זיינען געווען אומרוהיג, וואָס איך פארברענג מיט די דאָרפישע שקאָצים, מורא האָבענדיג איך זאָל זיך פון זיי ניט אָפּלערנען, מוז מען מיך אוועקשיקען לערנען אין שטאָדט. די שטעדטעל ראק איז געווען פון אונז ניט ווייט, וועלען זיי מיך שיקען לער־נען דאָרטען.

אין א שעהן זומערדיגען פריהמאָרגען נאָך שבועות, איך האָב זיך געשפּילט מיט מיינע חברים, האָט די מאַמע מיך אריינגערופען און געזאָגט מיר, וואָס זי וועט מיך שיקען אין שטאָדט לערנען. מיר איז די בשורה ניט געפעלען געווארען, מיר האָט זיך ניט געוואָלט שיידען מיט מיינע חברים. אומ־צופרידען בין איך ארוים און דערצעהלט מיינע חברים, אז איך מוז זיי פארלאָזען. זיי איז דאס אויך ניט געפעלען געווארען, זיי זיינען זעהר באפריינדעט געווען מיט מיר.

אָט די קליינע בני עשו׳לאך האָבען ניט פיינט זייערע אידישע חברים, נאָר ווי זיי וואקסען, וואקסט מיט זיי די שנאה צו דעם אידען און זיינען גערען אז זיי ווערען פטור פון איהם (ווען זיי בעדארפען איהם ניט מעהר).

איך האָב זיך מיט זיי פריינטליך צוזעגענט און בין אריין אין הויז, געזעסען דעם גאנצען טאָג אומעטיג, וואָס איך בע־דאַרף פארלאָזען די היים און די חברים. אויף מאָרגען גאנץ פריה האָט די מאַמע גענומען צוגרייטען מיך. אויסגעבאָדען, אָנגעטאָן מיר א ווייסע העמד, א נייעם ארבע כנפות, די נייע היטעלע מיט דער קאפּאָטקע, וואָס מען האָט מיר גענייט אויף

יום טוב. עטליכע ווייסע העמדלאך מיט זאָקען און דעם סדור מיט א תהילים און דעם חומש אלץ אין איינעם איינגעבונדען אין א פּעקעל, אויך מיטגעגעבען א טעפּעלע פּוטער מיט א צעהנדליג טרוקענע גאָמעלקעס און גרייט אין וועג.

דער טאַטע איז צוגעפאָהרען צום הויז מיט דעם פערד און וועגעלע און געהייסען מיר קריכען אויפ'ן וואָגען. די מאַמע האָט ארויפגעלייגט מיין באַגאַזש און מיך האָט זי ארויפגע־זעצט אויפ'ן וואָגען אָנגעבענטשט און געקושט מיט פריידען טרערען באנעצט מיין פּנים, וואָס זי האָט זוכה געווען שיקען איהר מוזיניקעל לעהרנען. די מאַמע מיט דער שוועסטער זיי־נען געשטאַנען און געקוקט, געפּאַכט מיט די הענט און איך אויך האָב אלע ווײלע געקוקט הינטער זיך ביז וואנען מיר זיינען פאַרשוואונדען געוואָרען. מיר איז געווען אין אָנפאנג אומעטיג, מיין פאַטער האָט דאָס באמערקט, האָט ער גענומען מיך איינרעדען מיט גוטע רייד און צוגעזאָגט אז איך וועל זיך גוט אויפיהרען, לערנען גוט און פאָלגען דעם רבי און לעבען גוט מיט די חדר קינדער, וועט ער מיך נעמען אָפט אויף א שבת אהיים. איך האָב געזעהן אז דער טאַטע איז זעהר גוט צו מיר, עס איז איצט אן עת רצון, האָב איך געבעטען ביי איהם ער זאָל מיר געבען די לייצעס מיט דער בייטש אנטרייבען דעם פערד, דער טאַטע האָט מיר ניט אנטזאגט פון דעם פאר־גענינגען. איך האָב דאָס ביי איהם קיינמאָל ניט גע'פּועל'ט. איך בין געוואָרען פרעהליכער און אזוי פארבראכט ביז מיר זיינען געקומען אין שטאָדט.

קומט נאָר אהער איהר קליינע קינדערלאך! קומט וועל איך אייך דערצעהלען אביסעל פון מיינע זכרונות, פון מיינע אַמאָליגע קינדערשע יאָהרען, כדי איהר זאָלט וויסען ווי איך און נאָך אפולע, אפולע קינדערלאך אין מיין אופן האָבען דא־מאָלסט פארבראכט זייערע קינדערשע יאָהרען. דאָס וואָס מיר האָבען אמאָל געזעהן און איבערגעלעבט, וועט איהר דאס געוויס ניט זעהן און ניט איבערלעבען. די צייטען האָבען זיך

געביטען, עס איז איצט ניטאָ אַמאָליגע פיהרונג מיט איהרע מעלות און חסרונות. איך וועל אייך דאָ דערצעהלען פון יענע גוטע און שלעכטע צייטען וואָס מיר האָבען דאן איבערגעלעבט אין אונזערע קינדערשע יאָהרען, אין דער קינדערשער וועלטעל. יענע צייטען וועלען שוין ניט קומען צוריק, דאָס וואָס איז געוועזען וועט שוין ניט זיין. ניטאָ די אמאָליגע שטעדטלאך, אמאָליגע חדרים מיט אמאָליגע מלמדים, וואו מיר אידישע קינדער האָבען פארבראכט אונזערע קינדערשע יאָהרען, אין די חדרים אין די ארימע קליינע צימערלאך פון פריה ביז'ן נאכט, און בייניאכט שפעט ווינטער־צייט ביי די בייזע מלמדים וועלכע האָבען אונז געשטאָפּט מיט אזוינע גייסטליכע שפּייז, וועלכע אונזער קינדערשער מוח'ל האָט דאָס זעהר ווינציג פארשטאנען. נאָר וויסען מעגט איהר, אז אין די קליינע ארימע צימערלאך איז פול געוועזען מיט גייסט און פּאָעזיע, און די בייזע מלמדים זיינען געוועזען מיט גוטע אידישע הערצער און האָבען איינגע־פלאנצט אין די הערצער פון זייערע תלמידים אידישקייט, רע־ליגיאָן און ליבשאפט צום אידישען פאָלק, וואָס איצט, ליידער איז ווינציג דאָ.

## 2

## די שטעדטעל ראקאָב אין דער צייט ווען איך בין אהין געקומען לערנען

די שטעדטעל ראקאָב געפינט זיך ביי פינף רוסישע מייל פון מינסק, א קליין שטעדטעל אומגעפעהר זיבעציג, אכציג אידישע פאמיליעס און ווינציגער קריסטען, וועלכע זיינען גע־זעסען אלע באזונדער אין די זייטיגע געסלאך. די אידען האָ־בען פארנומען דעם צענטער פון שטעדטעל, אן ערוב איז גע־מאכט געוועזען, פארצייגען א דראָט אין די אידישע גאַסען מען זאָל מעגען טראָגען שבת. הייזער געבויט פון הילצערנע גראָבע קלעצער באדעקט מיט דינע ברעטלאך (שינדלען) אדער מיט שטרוי. אָט די ניט רייכע געמיינדע האָט געהאט אלע כלי־

קודש: א רב און א שוחט—א חזן (אין איין מענשען), דער רב איז געווען א גדול בתורה, ער האָט ניט אויסגעלערענט כולה תורה „על רגל אחת” אויף איין פוס, נאָר „עלי יד אחת”, אויף איין האַנט, ער האָט מעהר ניט געהאט ווי איין האַנט (אזוי געבאָרען), נאָר אויף די שכירות וואָס ער האָט גענומען איז איהם איין האַנט געווען איבערגענוג. שכירות האָט ער גענו־מען ביים בעדער, וועלכער האָט געהאלטען די שטאָדט באָד און געצאָלט אין קהל א פאָר רובעל א וואָך איז דאָס געווען אויף שכירות פאר דעם רב, און פון דעם ליכט־מאַכער, וואָס ביי איהם האָבען אלע ווייבער פון שטעדטעל געמוזט קויפען ליכט אויף שבת און יום טוב אויף בענשען. ער האָט אויך געצאָלט א פאָר רובעל א וואָך אלץ פאר דעם רב, און פוןביידע פרנסות איז ער געווען א קבצן. מקיים געווען די תורה אין אָרעמקייט, געזעסען און געלערענט און געווען צופרידען. דער שוחט־און חזן איז אויך געווען פון די קליינע נגידים פון ביידע פראָפעסיעס.

אביסעל ניט וווייט פון צענטער זיינען געשטאַנען אויף א גרויסען פלאַץ צוויי שוהלען. א קאַלטע שוהל א הויכע מיט א קופאָל דער דאַך, אין איהר האָט מען געדאַווענט נאָר זומער. און א בית המדרש מיט צוויי הרובעס. ביים טיהר פון ביידע זייטען. אין איהר האָט מען געדאַווענט דעם גאַנצען יאָהר, אין דערפריה צוויי מנינים. „וותיקן”, דער ערשטער מנין די בעלי־מלאכות און מענשען פארנומענע אין געשעפט, און דער אנדער מנין, די כלי־קודש און מלמדים, אויך די עלטערע מענ־שען. נאָכ׳ן דאַווענען פלעגט דער רב לערנען מיט די באַלע־באַטים א בלאַט גמרא (חברה ש״ס). צו מנחה פלעגט קומען א גרויסער עולם, און בין מנחה־למעריב פלעגט דער רב זאָגען „מדרש”. בייטאָג האָבען געלערענט דאָרטען (אויב זיי האָבען געוואָלט) עטליכע ישיבה בחורים שטאָדטישע און פרעמדע, די פרעמדע פלעגען שלאָפען אין שוהל, זי איז קיינמאָל ליידיג ניט געשטאַנען און פארשלאָסען ניט געווען.

3
# מלמדים און בעלי מלאכות

מלמדים האָבען דארטען אויך ניט געפעלט, זיי זיינען גע־וועז צוטיילט אין דריי גרופּעס: גמרא מלמדים, חומש מיט רש״י מלמדים און דרדקי מלמדים. פון די מלמדים זיינען גע־ווען: אלטע לייט, פון מיטעלען עלטער און יונגע לייט, געפּאַ־לענע באלעבאטים, זיי האָבען פארלאָרען זייער פארמעגען, ניטאָ מיט וואָס צו האנדלען, לעבען בעדארפמען דאך, ווערט מען א מלמד. אביסעל תורה האָט דאָך כמעט יעדער ליטוואק. ער געדענקט נאָך וואָס ער האָט אמאָל געלערענט אין חדר. פיעל קענטעניש באדארף האָבען א אידישער מלמד? פיעל ער קען איז די והיתר, קיין עקזאמען איז דערויף ניטאָ. נאָך א סאָרט מלמדים, יונגעלייטלאך, זיידענע יונגערמאנטשיקעס, ישיבה בחורים וועלכע האָבען חתונה געהאט און זייערע שוויגער־עלטערען האָבען זיי צוגעזאָגט נדן מיט א פּאָר יאָהר קעסט, אין משך פון קעסט געוואָרען א פאמיליע מאן, מיט א פּאָר קינדערלאך, מען מוז אָנפאנגען מפרנס זיין א ווייב מיט קינ־דער. מסחר טאָן איז ניט ער ווייס ווי און ניטאָ מיט וואָס, די עטליכע רובעל נדן אָדער ער האָט זיי שוין גע׳פּטר׳ט, אדער מען האָט איהם צוגעזאָגט און ניט געגעבען. נו, איז צו וואָס נעמט מען זיך? וואָס קען טאָן אזא יונגערמאן? ווי מען זינגט די לידעלע: „איך וואָלט וועלען זיין א רב האָב איך ניט קיין תורה! זאָל איך וועלען זיין א סוחר, האָב איך ניט קיין סחורה!״ בעדארפמען געפינען אזא געשעפט, וועלכער פאָדערט ניט, ניט קיין תורה און ניט קיין סחורה, ווערט מען א מלמד, מ׳קלייבט צונויף עטליכע קינדער איז פארטיג א חדר און מען האָט חיונה, קיין גרויסע הוצאות פאָדערט ניט דער געשעפט, דער זעלבער צימער, וועלכען ער פאַרנעמט מיט זיין פאמיליע איז גענוג פאר

א חדר אויך, מ׳שטעלט אריין א טיש א גרעסערען מיט א פּאָר לאנגע ביינקלאך באזעצען די תלמידים און ס׳איז א חדר כדת. אי, וואָס ס׳איז אביסעל איינגלאך און ניט אזוי ריין, דאָס איז פון די קליינע זאכען. ווער בעדארף זיך צוקוקען אויף דעם? בין הזמנים לייגט ער צו אביסעל טרחה און קלייבט צונויף זיינע צאָן קדשים, ווערט ער פארטיג מיט זיין חדר און ווערט באַזאָרגט אויף א גאַנצען האַלב יאָהר מיט חיונה (אויב מ׳צאָלט איהם שכר למוד). נו, בעדארפמען גאָר א בעסערען געשעפט? דער איצטיגער לערער (אמעריקאנער) קען אודאי מקנא זיין אמאָליגען מלמד, איהם איז געווען גוט, ער האָט ניט בעדארפט אָנקומען צו די פּרעזידענטען פון די תלמוד תורות ער זאָל אויף זיי זאָגען מבינות, וואָס דאָס רוב זיינען זיי גאָר פון די קליינע מבינים אויף די זאכען, און אין זיינע הענט ליגט דער גורל פון די לערער, און פון דעם למוד אין תלמוד תורה איז ניט אמאָליגען מלמד בעסער געווען? (אזא יאָהר אויף אונזערע שונאים) אין א פּרט זייט איהר גערעכט, נאָר איהר האָט א חשבון צדק, וועט איהר זעהן, אז סאַי דער אמאָליגער מלמד, און סאַי דער איצטיגער לערער איז דער „צד השוה שבהן", אז ביידע זיינען אויף צרות! ·

אין שטעדטעל האָבען זיך געפונען בעלי־מלאכות פון אלע מינים, שניידער, שוסטער, קירזשנער, זייגער־מאַכער, סטאָלי־אַרעס און ד. ג. שניידער איז געווען צווייערליי, שטאָדטישע און דאָרפישע. די שטאָדטישע זיינען געווען גוטע בעלי מלאכות, אויך ניט קיין שלעכטע קבצנים, זיי פלעגען נייען פאר דער אידישער געמיינדע און פאר די רייכע קריסטען. די דאָרפישע שניידער (לאַטוטניקעס) פלעגען נייען נאר ביי די פּויערים אין די דערפער, פלעגען אוועקגעהן צו פוס מיט דעם שער און אייזען אויפ׳ן פּלייצע און אָפּזיצען אין דאָרף די גאנצע וואָך, פלעגט אויפנייען פאר דעם פויער א פּעלץ מיט א סוויטע און פאר דער פויערטע א קלייד מיט א ווייבערשע סוויטקע. (ער פלעגט נייען מענערשע און ווייבערשע בגדים). אויף שבת

פלעגט ער קומען אהיים און נאָך שבת צוריק. אבער שוסטער איז קיין דאָרפישע ניט געווען, די דאָרפישע-ליטווישע פויערים האָבען ניט גענוצט קיין שוכוואַרג, יעדער פויער פלעגט אויס-פלעכטען לאַפּטשעס פון קאָרע פון בוימער פאר זיך און פאר זיין גאנצער פאמיליע און דאָס האָבען זיי געטראָגען, הייִנט צו וואָס דאַרפען זיי דעם שוסטער? און די פּריצים פון דאָרף כדומה, דער גלח, דער סטארשינא, דער שרייבער פון קאנ-צילאריע, זיי פלעגען געבען נייען די שטאָדטישע שוסטער.

עס זיינען געווען נאָך פיעל בעלי-מלאכות מכל המינים, נאָר כמעט אלע זיינען געווען ארימע, נאָר שלמה דער דאמסקער שניידער, ער איז געווען א באַלעבאָס און פלעגט זאָגען א דעה אין די קהל'שע זאכען.

אין מיטען שטאָדט איז געווען א גרויסער ליידיגער פלאץ, וועלכער האָט געדינט פאר א מאַרק אויף די זונטאגדיגע טעג אָדער אין א יריד צייט. די גאנצע וואָך איז ער געווען ליידיג פון מענשען, ער האָט גענוצט פאר בהמות און ציגען, וועלכע זיינען פארבליבען אין דער היים, האָבען פארשפּעטיגט אין דערפריה געהן מיט'ן פאַסטוך אין פעלד, פלעגען דאָרטען שטעהן אָדער ליגען און וואַרעמען זיך אנטקעגען זון און רוהיג מעלה-גרה זיין. ד"א (חזרים) האָבען דארטען אויך געפונען א מקום מנוחה, אויסציהען זיך בהרחבה אין די גרינע בלאָ-טעס, וועלכע האָבען קיינמאָל ניט אויסגעטריקענט. אין דער פריה און פאַרנאַכט, ווען די יאַטקעס וואו מען פארקויפט פלייש זיינען געווען אָפען, האָט איהר געקענט זעהן אויף יענעם פלאַץ גאנצע סטאַיעס מיט הינט, וועלכע ליגען אומ-געשטערט און גריזשען די ביינער, וואָס זיי האָבען געכאפּט נעבען די יאַטקעס, וואָס זיינען געווען ניט ווייט פון מאַרק.

ארום דעם פלאץ פון אלע זייטען זיינען געווען די קראָמען מיט שענקלאך און עטליכע אָפענע ביידלאך פון קירזשנער. א גאנצע וואָך זיינען די ביידלאך געווען ליידיג, נאָר אויף זונטאג אדער א יריד צייט פלעגען די קירזשנער פארנעמען

זיי מיט זייערע סחורה. די קראָמען זיינען געווען א גאנצע וואָך אָפען א חוץ שבת, נאָר קונים זיינען זעהר ווינציג געווען. די קרעמער פלעגען זיצען ביי די קראָמען און פלעגען רוהיג דרעמלען. דערפאר אבער זונטאג פלעגט דער זעלבער שלאָפעדיגער פלאץ ווערען וואַכעדיג פון גאנץ פריה ביז שפעט ביינאכט. באלד נאָך דעם ערשטען מנין פלעגען זיך עפענען אלע קראָמען. עס פלעגט ווערען רעש'דיג, פול מיט מענשען, וועגען מיט פערד, פון די פויערים, וואָס פלעגען קומען פון די דערפאר ברייננגען אין שטאָדט זייערע דאָרפישע פראָדוקטען פארקויפען און איינקויפען פאר זיך און זיין פאמיליע אלץ וואָס ער באדאַרף.

ביי די אָנגעלאָדענע וועגען פול מיט תבואה און מיט אלערליי דאָרפישע סחורה פלעגען שטעהן די פויערים, ארומגערינגעלט פון אידישע קונים, און נעבען די וועגען פלעגען זיצען די פויערטעס מיט גרינס אלערליי און מיט עופות, מיט קערב מיט אייער און ווייבער מיט די קאָשעקעס ארום זיי. עס האָט געטומעלט, גע'רעש'ט דעם גאנצען טאָג. די קרעמער האָבען א ווײלע ניט גערוהט. אין די קראָמען מיט די פויערים געמאָסטען, געוויגען, גע'טענה'ט מיט זיי, נעבען די קראָמען געשלעפט זיי אין קראָם. אמאָל פלעגט טרעפען אז צוויי קרעמער, אָדער קרעמערקעס פלעגען שלעפען א פויער יעדער צו זיך, און דער פויער פלעגט שטעהן מיט צושפרייטע פיס און מיט אן אָפענעם מויל און ניט וויסען וואוהין צו קערען זיך, ביז די שטאַרקערע האַנט פלעגט איהם ארייגשלעפען צו זיך. אָט אזוי האָט גערודערט ארום די קראָמען דער גאנצער טאָג ביז פאַרנאַכט. פאַרנאַכט אז דער פויער האָט שוין פארקויפט זיינע סחורה און איינגעקויפט פאר זיך, דאן איז ארום די שענקלאך געוואָרען פרעהליך. דער פויער, אַז ביי איהם אין קעשענע בלייבט עטליכע גראָשען, געהט אריין אין שענק נעמען אביסעל בראנפען. ער טרינקט אליין און צוזאמען מיט זיינע חברים ביז מען ווערט שיכור, מען זידעלט זיך, מען

קריגט זיך, מען צושלאָגט זיך, און מען קושט זיך און ווייטער געטרונקען כל זמן עס איז דאָ פּארוואָס, מען טרינקט ביז שפּעט אין אָוונט ביז די פויערטע שלעפּט ארויס דעם שיכור'ען מאַן איהרען פון שיינק. דאָס איז דעם פּויער'ס די גאנצע עולם הזה, זיין גאנצער פארגעניגען, אין דעם פארברייננגט ער זיין פרייע צייט, זיינע חוגאות (יום טובים) אין טרינקען, שיכר'ן. פון בעסערס ווייס ער ניט.

פון דעם איינציגען טאָג זונטאג האָט די שטעדטעל גע־צויגען איהר גאנצע חיונה כמעט. אָט אין דער שטעדטעל האָט מיך מיין פאָטער געבראכט לערנען אין חדר צו א מלמד.

4

## מיין רבי, זיין פאַמיליע, זיין וואוינונג און דער חדר

ווי איך האָב פריהער געשריבען, זיינען די מלמדים געוועזן צוטיילט אויף דרדקי, חומש מלמדים און גמרא מלמדים, און אזוי ווי איך בין געוועזן א חומש אינגעל האָט מיין פאָטער פאר מיר אָבגעזוכט א חומש־מלמד, איינעם פון די בעסטע אין שטעדטעל אברהם חיים דער מלמד האָט גע'שם'ט אין שטעד־טעל פאר דעם בעסטען מלמד. ביי איהם האָבען געלערענט די באַלעבאטישע קינדער פון שטעדטעל.

דאָס איז געוועזן א איד אומגעפעהר א יאָהר פערציג, א הויכער ניט קיין מאָגערער מיט א לאַנגע שווארצע באָרד, פאַרגרייזעלטע, לאַנגע פאות מיט גרויסע פאר'חלומ'טע אויגען, וועלכע האָבען ארויסגעקוקט רוהיגקייט און פריינדשאפט. גע־קליידעט איז ער געוועזן ווי א כלי קודש אין יענער צייט. א גאַנץ לאַנגע קאפּאָטע פאַרנאַנדערגעשניטען ביז העלפט פון הינטען אין שיך מיט ווייסע זאָקען, וואָס האָבען זיך ארויס־געזעהען פון אונטער זיינע קורצע הויזען. א לאנגער וואָלע־נער טלית קטן מיט כפולשמונה'דיגע ציצית, א היטעל מיט א סאַמעטענע יארמולקע, וועלכע האָט באדעקט זיין קאָפּ פון הינטען ביז'ן האלז און האָט זיך האלב ארויסגעזעהן פון אונ־

טער'ן היטעל. א העמד מיט א גרויסען קאלנער אָבגעלייגט און פאַרבונדען מיט לאַנגע בענדלאך, וועלכע זיינען אראָפּגע־האַנגען אויף זיין היילער ברוסט און האָבען זיך אַרויסגעזעהן דורך זיין אָפּגעשפּילעטען טלית קטן.

זיין פרוי אין זיינע יאָהרען, נאָר זי האָט אויסגעוויזען פיעל עלטער פון איהם איבער איהר קליידונג, די „ליענטע (שטערען־טיכעל) וואָס האָט באדעקט איהר אָפּגעגאָלטע קאָפּ און אראָפּגערוקט כמעט ביז די אויגען, דאָס האָט פארעלטערט איהר פּנים.

קינדער האָבען זיי געהאט נאָר צוויי (ניט ווי ביי א מלמד), א טאָכטער פון א יאָהר זעכצעהן און א אינגעל א יאָהר זיבען, הירשעל־שמעון. געוואוינט האָבען זיי אין א אייגענער הייזעל פון דריי קליינע צימערען: א קיך, א שלאָף־צימער אָפּגעצאָמט מיט עטליכע ברעטער און אן עס־צימער וועל־כער איז א גאַנצען טאָג גענוצט געווארען פאר א חדר צו לערנען מיט די צעהן תלמידים. א לאַנגער טיש איז געשטאַנען און פון ביידע זייטען צוויי לאַנגע ביינקלאך אויף זיי פלעגען זיצען די תלמידים און א קליין ביינקעל אויבען־אָן וואו דער רבי איז געזעסען. אויף איין וואַנט איז געהאַנגען א בילד מיט גרויסע אותיות „מזרח", דאָס בילד האָט אָנגעוויזען, אז דאָס איז דער מזרח זייט, מען זאָל וויסען וואו מען דאַרף שטעהן צו שמונה עשרה. אונטער דעם וואָרט „מזרח" איז געוועזען אויסגעמאָלט צוויי לייבען וואָס האָבען געהאלטען מיט די פאָדערשטע פיס די לוחות מיט די צעהן געבאָט, אונטער זיי איז געוועזען אונטער־געשריבען „גבור כארי" (שטארק ווי א לייב). ווען ניט דער אונטערשריפט וואָלט מען ניט וויסען וואָס פאר א ברואים דאָס זיינען. אָט דער מזרח־בילד איז געוועזען זעהר פארשמוצט פון פליגען, הפּנים אז פליגען האָבען אויך ליעב צו זיצען אין מזרח זייט.

אין א ווינקעל אויף א פּאָליצקע זיינען געשטאַנען פיער מעשענע לייכטער אויף ליכט בענטשען (די רביצין פלעגט בענ־

טשען פיער ליכט: פאר זיך, פאר דעם מאַן און די צוויי קינדער) און א פלעשעל מיט א קידוש גלעזעל פאר דעם רבי'ן אויף קידוש און הבדלה. די פּאָליצקע איז געווען אין דרום זייט (די מנורה איז אמאָל אין ביהמ"ק אויך געשטאנען אין דרום זייט), אין צפון זייט איז געהאנגען א גראַדקע*) מיט געשיר, אויבען פליישיגע טעלער און לעפעל און אונטען מיל־כיגע, און די לעפעל זיינען געווען מיט קארבען מען זאָל ניט פאַרבייטען. דאָס איז געווען די גאנצע כלי בית. נעבען הויז איז געווען ארומגעצאַמט מיט הילצערנע שטעהענדיגע פלעקער א גרויסער גאָרטען, דעם צאָם האָט דער רבי אליין געמאכט „בין הזמנים", ווען ער איז פארטיג געוואָרען מיט זיין קנעלונג, אויפגעקליבען זיין חדר בשלימות, פארזאָרגט מיט חיונה אויף א האַלב יאָהר, האָט ער זיך דאן פארנומען מיט ארבייט ארום זיין הויז און העלפען דער רביצען סוף ווינטער פארזייען דעם גאָרטען, און סוף זומער אראָפּנעמען די פרוכט פון גאָרטען. דער גאָרטען איז געווען אן אמת'ער גן־עדן, אין איהם האָט זיך געפונען פון כל טוב, וואָס א מויל קען רעדען. אלערליי ירקות, אוגערקעס, קירבעס, בורעקעס, ציבעלעס, מערען, ריבען, בעב־לאך האָבען זיך געדרעהט אויף שטעקענס, א פּאָר בייטען בולבעס, אלץ וואָס א מלמד בעדארף האָבען צום לעבען. מעהר ניט דער עץ החיים מיט'ן עץ הדעת האָבען געפעלט (דאָס פעלט ביי א מלמד).

א ציג האָט ער אויך פארמאָגט (א בהמה איז צופיעל רייכקייט פאר א מלמד) א ציג איז דאָס געווען גאָר אן אויס־נאָם, טאקע די אמת'ע „חד גדיא". די רביצען פלעגט פון איהר האָבען מילך זעהר פיעל, אויסער וואָס זי פלעגט פאַרווייסען אלע טאָג צו וואַרמעס און צו וועטשערע דעם קרופניק, האָט זי נאָך געהאט קעז און פוטער אויף צו מאכען אלע שבת אויף

*) א גראַדקע, דאָס איז געווען אויף אריינשטעלען די געשיר, טעלער, לעפער, א צוויי־גאָרענדיגע אויף פליישיגע און מילכיגע.

שלש סעודות א מילכיגען פלאָדען. די רביצען פלעגט איהר צוזעהן זעהר גוט. זי האָט געזאָגט, אז די ציג גיט איהר האַלב הוצאה, זי איז ביי איהר טייערער פאר א בהמה.

5

## אונזער קומען צום רבי׳ן, מיין לערנען און מיין לעבען דאָרטען

אז מיר זיינען ארויף צום רבי אויפ׳ן הויף האָבען מיר געפונען עטליכע חדר־אינגלאך האָבען זיך געשפּילט און פון די אָפענע פענסטער פון הויז האָט זיך געהערט דער קול „קול יעקב" פון די צאן קדשים, וואָס האָבען געלערענט. ווי מיר זיינען אריין אין הויז זיינען זיי שטיל געווארען און א קער געטאָן זיך מיט די פּנים׳ער צום טיהר, ווי פרייטאג צו־נאַכט אין שוהל צו „בואי בשלום"*). דער רבי, וואָס איז געזעסען אָהן א קאַפּאָטע נאָר אין טלית קטן, אין דער שפּיציגער יאר־מולקע אויפ׳ן קאָפּ, איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און אויסגעשמעקט דעם טאַבאַק וואָס ער האָט געהאַלטען צווישען די צוויי פינגער און געגעבען דעם טאַטען א ברייטען „שלום עליכם", געבעטען איהם זיצען און א בליק געטאָן אויף מיר. אַז מיין פאָטער האָט איהם געזאָגט: אז ער האָט מיך גע־בראכט אהער לערנען און איך זאָל ביי איהם עסען און זיין קוואַרטיר, דאַן האָט ער מיך צוגערופען און האָט מיך א קניפּ געטאָן מיט צוויי פינגער פאר׳ן באַק (א צייכען פון ליעבשאפט) און געפרעגט ביי מיר צוויי שאלות מיט אמאָל, צי קען איך, און צי וויל איך לערנען? אויףביידע שאלות האָב איך געענט־פערט מיט איין וואָרט: יע!

דערווייליע האָבען די קינדער געכאפּט א שמועס צווישען זיך און ניט אראָפּגענומען די אויגען פון מיר. דער פאָטער האָט מיט׳ן רבי׳ן אָפּגערעדט, האָט דער רבי געהייסען מיר

---

*) פרייטאג צו קבלת שבת, איז דער מנהג, אז צו „בואי בשלום" גיט זיך דער גאנצער עולם א קער צום טיר מקבל פּנים זיין „שבת מלכתא".

זעצען זיך ביים טיש. דער טאַטע האָט אריינגעטראָגען מיין באַגאַזש אין שטוב און האָט זיך געזעגענט מיט מיר און אָנגע־זאָגט אז איך זאָל לערנען גוט און פאָלגען דעם רבי, לעבען גוט מיט די חברים, געגעבען מיר א צעהנערעל (5 קאָפּיקעס) א מתנה. פון גרויס שמחה, וואָס איך האָב געקראָגען אזא גרויסען קאַפּיטאַל האָב איך פארגעסען וואָס איך פארבלייב דאָ אליין אין דער פרעמד. געזעגענט זיך צופרידען מיט'ן פאָ־טער און ער איז אוועק. די קינדער פון חדר האָבען מיך צוגע־נומען פאר א גוטען גאסט, זיינען באלד מיט מיר באפריינדעט געוואָרען. איך וויים ניט עד היום די פסיכאָלאָגיע פון קינ־דער, צי דאָס ליגט אין דער נאַטור פון קינדער צו מקרב זיין א גר, אדער ווייל זיי האָבען באמערקט וואָס מיין פאָטער האָט מיר געגעבען עטליכע קאָפּיקעס, דאָס האָט זיי צוגעצויגען צו מיר, ווייל זיי וועלען פון מיר עפּעס געניסען? (גרויסע האָ־בען אויך דעם זעלבען נאַטור) „אוהבי עשיר רבים", צום נגיד חנפ'עט מען זיך, אפילו דעם רבי'ס אינגעל, וועלכער האָט גע־וועלטיגט מיט גרויסקייט איבער אלע חדר־קינדער האָט זיך אויך גע'חנפ'ט צו מיר. אַי, ווי גוט איז א נגיד צו זיין!

## 6

## די רביצ'ן מיט דער ציג

צו ווארמעס זיינען אלע קינדער אוועק אהיים, האָט די רביצ'ן צונויפגעלייגט די ספרים אויף איין זייט טיש און האָט געלייגט א טישטוך און געגרייט צום טיש. צוליב מיר איז דער ווארמעס געווען א יום טוב'דיגער, נאָך די באַצוועענע מיט'ן קרופּניק האָט זי געמאכט א פיינקאָכען. אָפּגעגעסען, צוגענו־מען פון טיש. די קינדער זיינען געקומען, איז ווייטער א חדר, מען זיצט און מען לערענט. מיר האָבען געלערענט ביז פאר־נאַכט, די חדר־קינדער זיינען אוועק אהיים, דער רבי אין שוהל צו מנחה און מעריב, נאָר איך מיט דעם רבי'ס אינגעל זיינען געבליבען אין דערהיים.

מיר איז זעהר אומעטיג געווארען. דערמאָנט זיך אָן דערהיים, ניטאָ דאָ די מאמע ווער ס'זאָל מיך צערטלען, ניטאָ דאָ מיינע דאָרפּישע חברים מיט וועמען אזוי פריינדליך זיך שפּילען. עס האָט מיר פארקלעמט ביים האַרצען און איך האָב אָנגעהויבען וויינען. די רביצ'ן האָט דאָס דערזעהן, האָט זי מיר געטרייסט און צוגערופען איהר אינגעל און האָט איהם געהייסען ער זאָל מיך נעמען געהן מיט מיר איבערנעמען די ציג וואָס קומט פון פעלד. (שטענדיג פלעגט דאָס טאָן די טאָכ־טער, נאָר צוליב מיר האָט זי אונז מכבד געווען). דער שפּאַ־ציר איבערנעמען די ציג איז מיר געווען אומבאַקאַנט, איך האָב ניט געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט. מיר זיינען ניט געגאנגען, נאָר געלאָפען, ווייל די רביצ'ן האָט אונז געזאָגט מיר זאָלען גיכער געהן ניט פאַרשפּעטיגען, ווארום די ציג קען נאָך אריינשפּרינגען ערגעץ אין א גאָרטען. דעם רבי'ס אינגעל איז געלאָפען אפריהער און איך נאָך איהם, און מיר האָבען אין צייט געכאפּט די ציג, ער האָט זי געהאלטען פאר איין האָרען, איך פאַר דעם צווייטען און מיר האָבען זי געפיהרט, זי האָט אפילו חשק געהאַט ארויסצורייסען זיך פון אונז, נאָר מיר האָבען זי געהאַלטען פעסט און געבראכט זי בשלום אהיים. אָט די סלוזשבע האָב איך אָנגעהאלטען א לאַנגע צייט און שטענדיג געווען מיט גליק, זי האָט זיך קיין מאָל פון אונזערע הענט ניט ארויסגעריסען. עס האָט אונז קיין מאָל קיין סיבה ניט געטראָפען. איך האָב ביי דער רביצ'ן אזוי פיעל נושא חן געווען פאר מיין ארבייט, אז זי האָט מיר געטרויט איך זאָל אליין געהן איבערנעמען די ציג און איך האָב אויסגעהאלטען עקזאמען, ביז וואנען די רביצ'ן איז פארטיג געווארען מיט דער ציג, איז דער רבי געקומען פון שוהל, מיר האָבען אָפּגע־געסען וועטשערע און געגאנגען שלאָפען. די ביינקלאך וואָס זיינען געווען ביי טאָג פארנומען מיט די חדר־קינדער אויף זיצען, ביינאַכט האָבען זיי געדינט פאר א בעטעל אויף שלאָ־פען, מען האָט ביידע ביינקלאך צונויפגעשטעלט איז געווארען

א בעט פאר מיר מיט דעם רבי'ס אינגעל. אָט דער זעלביגער צימער האָט געדינט: פאַר א חדר אויף לערנען, פאר אן עס־צימער און פאר א שלאָף־צימער אויך.

ליגענדיג אויף די הארטע ביינקלאך, האָט זיך מיר ניט גוט געשלאָפען, דער בעל חלומות האָט פאַרגעשטעלט פאר מיר ווי די רביצ'ן זאָגט מיר, אז איך זאָל אליין וואָס גיכער לויפען און ברייננגען די ציג. איך לויף, דוכט זיך מיר, מיט דער ציג און האלט זי שטאַרק פאר די הערנער, נאָר זי האָט זיך ביי מיר אויסגעריסען און ארייננגעשפרונגען צום גלח אין גאָרטען. שפרינג איך איבער'ן צאָם און לויף כאפען זי, זיינען אויף מיר אָנגעפאלען דעם גלח'ס הינט,*) האָב איך אָנגעהייבען שרייען פון שלאָף, דער רבי האָט דערהערט מיין געשריי איז ער צוגעלאָפען צו מיר און פרעגט מיך, וואָס איז מיט מיר? אז איך האָב אויפגעעפענט די אויגען און דערזעהן אז דער רבי שטעהט נעבען מיר און איך ליג גאר אויף מיין געלעגער, ניטאָ קיין רביצ'ן, ניטאָ קיין ציג, קיין הינט, האָב איך זיך זעהר פארשעהמט, האָב זיך צוגעדעקט איבער'ן קאָפּ, ניט רעדענדיג קיין וואָרט און איינגעשלאָפען ביז טאָג.

דער צווייטער טאָג איז געוועזען ניט אנדערש פון דעם ערשטען. דער זעלבער לערנען, די זעלבע רביצ'ן, די זעלבע ציג מיט די האַרטע ביינקלאך אויף שלאָפען. דער אונטערשייד איז נאָר געוועזען אין עסען, דעם ערשטען טאָג צו וואַרמעס איז געוועזען א פיינקאָכען, דעם אנדער טאָג איז שוין ניט געוועזען. אלע טאָג כמעט די זעלבע מאכלים, מילכיגע באטשווענע פון דעם אייגענעם גאָרטען און א מילכיגער קרופניק פארווייסט מיט מילך פון דער אייגענער ציג. די ערשטע צייט בין איך שטארק ניט צופרידען געוועזען, ניטאָ די היימישע צערטליכקייט פון די עלטערען, ניטאָ די היימישע שפייז, דער עסען אין דער

*) דעם גלח'ס הינט אין אונזער דאָרף זיינען געוועזען זעהר בייזע, איך פלעג פאר זיי שטענדיג מורא האָבען.

צייט ווען איך האָב געוואָלט, און דאָ בעטען עסען האָב איך זיך געשעהמט און די רביצ׳ן האָט געהאַט א שוואַכען זכרון, זי פלעגט זעהר אָפט פארגעסען און איך פלעג אָפט אונטער־הונגערען, נאָר מיט דער צייט בין איך צו אלץ צוגעוואוינט געוואָרען. געלערענט האָב איך גוט, געוואָרען דער בעסטער תלמיד אין חדר, די חדר־קינדער האָבען פאר מיר דרך ארץ געהאט, נאָר מיט פאַרדרוס, וואָס דער רבי לויבט מיך, אז דער ישובניק קען בעסער פאר זיי די שטאָדטישע. דער רבי האָט אָנגעהויבען נעמען מיך צו מנחה אין שוהל (די ציג פלעגט שוין אליין קומען אהיים). אין שוהל בין איך שוין באקאנט געוואָרען מיט קינדער פון אנדערע חדרים אויך. איך האָב שוין געהאט פיעל חברים און פארבריינגען גוט די פרייע צייט. געלאָפען, געשפרונגען צוזאַמען. אמאָל בין איך געווען דער פערדעל און זיי די אָנטרייבער און אמאָל פארקערט, (ווי עס טרעפט ביי גרויסע) און אזוי האָב איך געלעבט פרעהליך אין מיין קינדערשער וועלטעל.

7

## דער רב פאַרהערט מיך אין שוהל און לויבט מיך

אז דער רבי האָט מיט מיר געלערענט די סדרה „כי תצא" האָב איך ביי איהם געפרעגט א קשיא אין חומש. (איך געדיינק זי נאָך אי היינט) ער האָט ניט געקענט פארענטפערן מיר, האָט ער צו מנחה דערצעהלט דעם רב, האָט דער רב מיך צוגערופען און מיך געפרעגט — דו האָסט דאָס דיין רבי׳ן געפרעגט א קשיא אין חומש? — נו, זאָג איבער, וואָס האָסטו געפרעגט? איך האָב איהם איבערגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט, ניט געשעמט זיך. דער רב איז נתפעל געוואָרען, ער האָט מיך ארומגענומען און האָט מיך געגלעט איבער׳ן קאָפּ און געזאָגט מיר — דו ביזט א גוטער, א שעהנער אינגעל, לעהרען מיט חשק וועלען אלע דיך ליעב האָבען.

אלע אידען פון שוהל האָבען געקוקט אויף מיר מיט אזא מין חן, אז מיין קינדערשער מוח'ל האָט אויך פאַרשטאַנען, אז דאָס איז פאַר מיר א כבוד און איך שטעה העכער פון אנדערע חדר-קינדער, האָב איך אָנגעהויבען פיהלען אביסעל גרויסקייט און אוועקגעוואָרפען שפּילען מיט זיי אין די קינדערשע שפּי-לאכץ און געזוכט עפּעס גרעסערס, נאָר ניט געוואוסט וואָס. מיר האָט זיך זעהר געוואָלט מיין פאָטער זאָל קומען און נעמען מיך אהיים אויף שבת איך זאָל קענען דערצעהלען דער מאַמען דעם כבוד וואָס איך האָב געהאט.

דער לוסט פון כבוד הויבט זיך אָן פון די קינדערשע יאָה-רען. ס'איז זעהר זיס איינגענעם צו הערען דערצעהלענדיג די שבחים וואָס מען רעדט וועגען דיר און אמאָל אליין באריהמען זיך. ס'איז אפילו ניט פון די גוטע מידות ביי א מענשען, שטרעבען און נאָכלויפען נאָך כבוד, אָבער פיעל מאָל בריינגט דאָס גוטס אויף דער וועלט. פיעל חכמות אין אלע צווייגען פון וויסענשאפט האָט דער כבוד געבראכט אויף דער וועלט, פיעל גוטע און נאָבעלע זאכען ווערען געטאָן נאָר צוליעב כבוד. אמת פיעל מאָל בריינגט דאָס אומגליק אויף זיך אליין און אויף דעם צווייטען, נאָר וואו די זון שיינט מוז זיין א שאָטען אויך, ס'ווענדט זיך וועץ און ווי מען נוצט דאס אויס.

פרייטאג אז מיר זיינען געזעסען ביים טיש און געזאָגט שיר השירים מיט'ן ניגון פסוק ביי פסוק, האָב איך דערזעהן דורכ'ן פענסטער, אז מיין פאָטער איז צוגעפאָרען צום הויז. פון שמחה בין איך ארויסגעשפרונגען פון טיש און געלאָפען איהם אנטקעגען, ניט אָנפרעגענדיג ביים רבי.

דער פרייטאג איז געווען א פרעהליכער טאָג. איך האָב זיך געפרעהט, ווייל איך פאָר אהיים מיט מיין פאָטער. דער רבי מיט דער רביצ'ן האָבען איהם דערצעהלט וואָס איך לערען זיך גוט, און מיין פאָטער האָט זיי געגעבען א פאָר רובעל, נאָר די חדר-קינדער זיינען געווען מיט פאַרדרוס און מיט קנאה, אז זיי האָבען געזעהן ווי איך זעץ זיך אויפ'ן

וואָגען און דער טאַטע האָט מיר איבערגעגעבען די לייצעס מיט דער בייטש צו טרייבען דעם פערד, האָבען זיי אויף מיר געקוקט מיט קנאה, אזא פאַרגעניגען האָבען זיי קיין מאָל ניט געהאַט.

ליבע קינדערלאך! דאָס וואָס איהר האָט מקנא געווען דעם דאָרפישען אינגעל דעם גייסטיגען פאַרגעניגען ווען דער רבי און דער רב האָבען איהם געלויבט פאַר זיין פעהיגקייט אין לערנען, דערויף זייט איהר בארעכטיגט. „קנאת ספרים תרבה חכמה". איהר וועט מקנא זיין דעם וואָס לערענט גוט, וועט איהר זעהן אז איהר זאָלט אויך גוט לערנען, אבער מקנא זיין איהם דעם פאַרגעניגען וואָס ער איז איין מאָל אין 2 מאָ-נאַטען געפאהרען אהיים און געהאלטען די לייצעס, דאָס איז פון אייך אן אומרעכט, ווארום האָט איהר ניט בארעכענט, אז איהר פלעגט יעדען טאָג געהן אהיים צו אייערע עלטערן און פיהלען די צערטליכקייט פון אייער פאָטער און מוטער, און ער, דער ישובניק פלעגט פארבלייבען אין דער פרעמד עלענד און שלאָפען אויף האַרטע ביינקלאך, ווארום זאָלט איהר איהם ניט פארגינען דעם איצטיגען פראגעניגען וואָס ער באקומט אזוי זעלטען? נאָר דאָס זעלבע זעהען מיר אין אונזער לעבען ניט נאָר צווישען קינדער, נאָר אויך צווישען גרויסע, מיט קינדערשען שכל.

## 8

## מיין רייזע אהיים, א געשפּרעך מיט מיין מוטער

פאָהרענדיג האָב איך מיין פאָטער דערצעהלט אלץ וואָס מיט מיר האָט פאַסירט די גאנצע צייט: מיין לערנען, מיין עסען, מיין שלאָפען, ניט פארפעלט דערצעהלען פון דער רביצ'ן מיט דער ציג. אלץ „בקיצור", נאָר מכח וואָס דער רב האָט מיך געלויבט, דאָס האָב איך שוין „מאריך" געווען, ווייל איך האָב באַמערקט אז דעם טאַטען טוט דאָס הנאה (כאָטש ער האָט שוין געוואוסט דערפון).

מיר זיינען געפאָהרען לאַנגזאַם. אפילו מיין פאָטער האָט זיך געאיילט, ערב שבת, עס איז שפעט, נאָר דער פערדעל האָט דערפון ניט געוואָלט וויסען, ער איז זיך געגאַנגען טראָט ביי טראָט ווי אלע טאָג זעהר רוהיג, אז ער פלעגט א כאַפּ טאָן א שמיץ מיט'ן בייטש, פלעגט ער א לויף טאָן אביסעל און ווייטער רוהיג. א פערדיש קאָפּ, פארשטעהט ניט, אז מען וועט ווייטער שמייסען. איך האָב צייט געהאט צו באטראכטען די פעלדער מיט די אָפּגעשניטענע תבואות, וואָס זיינען געבונדען אין גארבען, שטעהען פול אין די פעלדער, דאָס האָט מיר דערמאָנט וואָס איך האָב געלערענט אין חומש מיט די גארבען וואָס יוסף האָט געזעהן אין חלום. באטראכט דעם וואלד וועלכער איז ניט ווייט געוועזן פון אונזער דאָרף. עס האָט מיר א דריק געטאָן ביים הארצען, ווי איינער וואָס דערזעהט זיין אלטען פריינט וועלכען ער האָט א לאַנגע צייט ניט געזעהן, דאָס איז דער וואַלד אין וועלכען איך מיט מיינע דאָרפישע חברים פלעגען זיך שפילען אונטער די גרינע בוימער, קלייבען דאָרטען רויטע און שוואַרצע יאַגעדעס, רייסען נים פון די ניסען בוימער. מיר האָט זיך געוואָלט אראָפּלויפען כאָטש אויף א ווייַלע אין וואלד אריין, נאָר מיין פאָטער האָט מיר ניט ערלויבט, ס'איז ערב שבת.

מיר זיינען אריינגעפאָהרען אין דאָרף, דערזעהן די דאָרפישע קליינע שטיבעלאך מיט קליינע פענסטערלאך, שטרויענע דעכער, גאנצע, אָפּגעריסענע, שמאָלע, שמוציגע געסלאך, בלאָטע וואו חזירים ליגען רוהיג. נעבען די טויערען פון די הייזער ליגען הינט, וועלכע פאַלען אן אויף דורכפאָרער און דורכגעהער. מיינע אלטע חברים די שקצים'לאך מיט באָרוועסע פיס אין לייווענטענע הויזען פארקאַטשעט ביז די קניע טאָפּטשען אין די בלאָטעס. זיי האָבען מיך דערזעהן, האָבען זיי אין איין אויסגעשריי מיט שמחה אָנגערופען מיך מיט'ן נאָמען. א שמחה מיט זיי, זיי האָבען א אידען דערזעהן. באמת זאָגענדיג, אז איך האָב זיך אויך דערפרעהט מיט זיי. אָט די שמוציגע שקצים זיי־

נען ביי מיר ליעב געווען, זיי זיינען דאך מיינע חברים, די קינדער פון אונזער דאָרף. מיין קינדערשער שכל האָט דאָס ניט באַנומען, אז אָט די קליינע שקצים׳לאך וועלען אויסוואקסען גרויסע פויערים און ווערען אנטיסעמיטען, שונאי ישראל, זיי וועלען שלאָגען און פייניגען אונזערע ברידער און שוועסטער מיט עניים קשים אָהן א פונק רחמנות, ווי עס פּאסירט אין אונזערע גלות-יאָהרען אמאָל און היינט אין פיעל לענדער. אָט די קליינע הענטעלאך וועלכע זיינען איצט פארשמוצט אין קויט, אין בלאָטע, וועלען אויסוואַקסען און ווערען ידים ידי עשו, עשו׳ס בלוטיגע הענט און פארשמוצען זיי מיט אידישע מאַרך און בלוט, ווי עס האָט געטראָפען אין דער צייט פון דעם צורר ישראל ניקאָלאַי דעם צווייטען, און נאָך דער וועלט-מלחמה אין אוקראינע און אין פוילען די שרעקליכע פּאָגראָ-מען, וועלכע האָבען חרוב געמאכט פילע אידישע שטעדט.

א צופרידענער בין איך צוגעפאָהרען צו אונזער הויז. די מאַמע איז ארויסגעלאָפען אונז אנטקעגען, שוין געווען אָנגע-טאָן אין בגדי שבת, אין הויז איז אלעס געווען פאַרטיג לכבוד שבת, צוגעקליבען, אויסגעשאָטען מיט געלע זאַמד, דער טיש נעגרייט, די שבת חלה זיינען געלעגען באדעקט מיט א ווייסע סערוועט, די אויסגעשייערטע לייכטער אָנגעשטעלט מיט ליכט, די פלעשעלע מיט בראנפען און א קידוש גלעזעל געשטאַנען גרייט. די מאמע האָט מיך ארומגעכאפּט און האָט מיך צוגע-דריקט צו זיך און מיט פריידען טרערען געקושט מיך, איהרע הייסע און ליעבליבע קושען פיהל איך נאָך ווי איצט, ווען איך דערמאָן זיך. מיר וואָלט זיך שטארק גלוסטען איך זאָל קענען איצט פאַלען אויף איהר קבר און קושען דעם בערגעל ערד וואו איהר הייליגער פּראך איז באהאלטען, אבער דער שיקזאל האָט דאָס גערויבט פון מיר. ווייט, ווייט בין איך פאַרוואָרפען גע-וואָרען פון דיזען הייליגען אָרט, דער גרויסער וועלט-ים און טויזענטער מיילען טיילען מיך אָפּ פון יענעם אָרט, וואו איהר פארשטאָרבענער קערפּער רוהט דאָרט, אבער איהר גייסט,

איהר הייליגע נשמה שוועבט פאר מיר ווי דאָ פאר מיינע אויגען ווען איך דערמאָן איהר נאָמען. איהרע זיסע רייד קלינגען נאָך איצט אין מיינע אויערען, איך געדיינק נאָך איצט די רייד, וואָס זי האָט מיט מיר פארבראכט דעם גאנצען שבת׳דיגען טאָג. זי האָט אלץ ביי מיר אויסגעפרעגט, און איך האָב איהר אלץ דערצעהלט מיט׳ן רבי און מיט דעם רב, מיט דער רביצ׳ן און מיט דער ציג. די מאַמע האָט אלץ אויסגעהערט און איהרע אויגען האָבען געלויכטען פון שמחה, און אָפטמאָל האָבען זיך טרערען געוויזען אין איהרע אויגען, טרערען געמישט פון פרייד און טרויער. זי האָט מיך געליבט און זאָגט — מיין קינד, לערען זיך גוט וועסטו אויך זיין א רב. דער וואונש איהרער איז מיר ניט געפעלען געווארען און איך האָב איהר געזאָגט:
— מאַמע, איך וויל ניט זיין קיין רב! זיין א קאַליקער מיט איין האַנט. (דער ראקעווער רב איז מיט איין האנט ווי איך האָב געשריבען). מאַמע, דאָס בין איך מוחל, איך וויל ניט זיין קיין רב און וויל ניט זיין קיין קאַליקער. (איך האָב געמיינט, אז אלע רבנים זיינען קאַליקעס). מיין מוטער האָט אָנגעהויבען צו לאַכען און האָט געזאָגט — מיין ניט, מיין זוהן, אז אלע רבנים זיינען קאַליקעס, אז אנדערש קען מען ניט זיין קיין רב, ווען ער זאָל ניט זיין קיין קאַליקער, נאַר א רב קען אויך זיין אַ קאַליקער ווי יעדער פשוט׳ער מענש, ווען ער ווערט געבאָרען מיט איין האַנט, ווען אָט דער רב וואָלט זיין א פראָסטער מענש וואָלט ער געוועזן א פראָסטער קאַליקע, ווייל ער איז געבארען מיט איין האַנט, אין געגענטייל, רבנים זיינען פון די שעהנסטע מענשען און מען גיט זיי אָפּ גרויס כבוד. זיי זיינען געאַכטעט ביי גאָט און ביי לייטען, הלואי וואָלסטו מיין זוהן ווערען א רב, וואָלט איך זיך גליקליך געשעצט. זעה מיין זוהן לערען זיך גוט און ווער א רב.

זי האָט מיר נאָך דערצעהלט די גרויסקייט פון רבנים און זעהר פיעל געלויבט זיי, אז איך האָב געקראָגען גרויס חשק צו ווערען א רב, און איך האָב איהר צוגעזאָגט, אז איך וועל לערנען גוט און ווערען א רב.

ליבע מוטער! דיין פארלאנג און מיין צוזאָג איז ניט ער־פיהלט געוואָרען. די צייט האָט אזוי מיטגעבראכט, מיר מענ־שען, מיר קענען זיך ניט שטעלען אנטקעגען אונזער שיקזאל, עס זאָל ריכטיג געשעהן נאָך אונזער ווילען, נאָך אונזער פאַר־לאַנג. די צייט האָט צושטערט מיינע זיסע חלומות פון מיין צוקונפט, נאָר אין גאנצען האָב איך זיך ניט אויסגעדרעהט פון צו זיין א קהל'שער מענש. איז ניט קיין רב, בין איך א שוחט, א לערער. איך פיהל דעם טעם פון א כלי־קודש'דיגען לעבען. פאַרשוואַרצט ווערען איז גענוג מען זאָל זיין א שוחט אָדער א מלמד. היינט אז גאָט העלפט ביידע זאכען אין איינעם איז געווים דינו!

9

## איך פאַרלאָז מיין רבי'ן מיט דער רביצען און די שטאָדט

נאָך שבת האָט מיין פאָטער מיך אָפּגעפיהרט צוריק אין שטאָדט צום רבי'ן. די ערשטע עטליכע טעג האָב איך גע־ביינקט אהיים, נאָר דערנאָך בין איך צופרידען געוואָרען. דער רבי האָט מיט מיר אָנגעהויבען לערנען רש"י, עס איז אפילו אַביסעל צו שווער געוועזן פאר מיר, נאָר איך בין צופרידען. איך האָב אלץ מקנא געוועזן דעם רבי'ס אינגעל, וואָס ער לע־רענט שוין רש"י, און איך האָב געלערענט מיט חשק און ליעב געהאט דעם רבי'ן ביז וואנען עס האָט געטראָפען א סיבה, וואָס האָט פארטריבען מיין חשק און איך האָב פאַרהאַסט דעם רבי'ן מיט דער רביצ'ן מיט איהר ציג, דעם חדר מיט די חדר־אינגלאך מיט דער גאנצער שטעדטעל, און אז איך בין גע־קומען אויף א שבת אהיים, האָב איך שוין צוריק ניט געוואָלט פאָהרען בשום אופן. דער גרם דערפון איז געוועזן דער רבי (זאָל ער מיר מוחל זיין) פאר זיין פיהרונג, וואָס איך פארהאס עד היום די פיהרונג פון די אמאָליגע מלמדים וואָס זיי האָבען מדריך געוועזן זייערע תלמידים מיט'ן מקל חובלים (מיט'ן קאַנטשיק).

די געשיכטע האָט געטראָפען פרייטאג*) מיר זיינען אלע געזעסען ביים טיש און געזאָגט שיר־השירים, איז געקומען דער שמש פון שוהל און געזאָגט דעם רבי'ן אז זיינער א באַלעבאָס האָט איהם געבעטען ער זאָל שוין קומען צו זיי אויפ'ן ברית. דער רבי האָט זיך שטארק ניט געלאָזט בעטען, אָנגעטאָן די שבת'־דיגע קאפאָטע מיט דער היטעל, גענומען זיין שטעקען און איז אוועק גלייך מיט דעם שמש. אונז האָט ער אָנגעזאָגט מיר זאָלען זיך שפילען אין הויף. (מיר זאָלען ניט שטערען דער רביצ'ן אין איהר פרייטאגדיגער ארבייט) מיט שמחה זיינען מיר ארויסגעלאָפען אין הויף, אויף אזא יום טוב האָבען מיר זיך גאר ניט געריכט. מיר האָבען זיך געשפילט, געוואָרפען שטיינדלאך צווישען די פלעקער פון גאָרטען, און ווער עס האָט ניט דורכגעוואָרפען האָט געקראָגען א שטראָף, א פאָטש אין באָק. גראדע איז מיר אויסגעקומען איין מאָל צו מקיים פסק זיין. איך האָב געטאָן ווי דער דין, ווי יענער האָט פארדינט, דעם אינגעל איז הפנים ניט געפעלען געווארען דער פסק, האָט ער זיך צואויינט, דערווייל איז דער רבי געקומען פון ברית אביסעל ביגלופינדיג (ווארום פיעל באַדאַרף האָבען א מלמד ער זאָל שיכור ווערען?), אז ער האָט דערזעהן דעם אינגעל וויי־נענדיג, און ער איז געווען פון די חשוב'ע באַלעבאטים א קינד, האָט ער נאָר א פרעג געטאָן ווער עס האָט איהם געשלאָגען? האָט מען אָנגעוויזען אויף מיר. מעהר האָט ער ניט געפרעגט און אָהן חקירה ודרישה האָט ער מיר מקיים פסק געווען כדת און געהייסען אונז זעצען זיך ביים טיש און מיר זאָלען זאָגען שיר השירים. איך האָב אויך באדארפט זאָגען מיין פסוק מיט'ן ניגון כאָטש כליפענדיג, וויינענדיג, א ברירה האָב איך געהאט.

---

*) דער פרייטאג איז געווען דער היפוך פון דעם ערשטען פרייטאג, ווען מיין פאָטער האָט מיר צום ערשטען מאָל גענומען אהיים, יענער פרייטאג איז געווען א טאָג פון שמחה און דער פרייטאג א טאָג פון טרויער.

מיט אן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ בין איך געזעסען, איך האָב זיך זעהר געשעהמט. דער רבי האָט געבראכען מיין שטאָלץ, דער בעסטער פון חדר איז אזוי מיאוס באהאנדעלט געווארען. איך האָב דעם גאַנצען טאָג ניט געגעסען, געזעסען פארטרויערט. פארנאכט אין שוהל בין איך געזעסען אין א ווינקעל, געציטערט אויפהויבען דעם קאָפּ. מיר האָט זיך געדאכט אז אלע קוקען אויף מיר. מיט שוועריגקייטען קוים איבערגעקומען די וואָך. פרייטאג אז דער טאַטע איז געקומען נעמען מיך אויף שבת אהיים, בין איך באַלד ארויסגעלאָפען פון שטוב געזעצט זיך אויפ׳ן וואָגען און מיט קיינעם זיך ניט געזעגענט. מיין פאָטער האָט פארשטאנען, אז דאָ איז עפּעס פאָרגעקומען, ער האָט גערעדט מיט׳ן רבי. איך האָב פאַרשטאַנען מסתמא האָט ער איהם דערצעהלט, נאָר אויפ׳ן וועג אז דער טאַטע האָט מיך געפרעגט וואָס ס׳איז פאָרגעקומען מיט מיר, האָב איך איהם ניט דערצעהלט. איך האָב זיך געשעמט.

קומענדיג אהיים האָט מיין מוטער באַלד באמערקט, אז מיט מיר האָט עפּעס פּאַסירט, ווייל איך בין אומעטיג. זי האָט מורא געהאט אפשר בין איך ניט געזונט. זי האָט מיך גע־פרעגט, נאָר איך האָב איהר ניט געוואָלט זאָגען ביז זי איז צו מיר צוגעשטאנען, אז איך מוז איהר דערצעהלען, וויינענדיג האָב איך דערצעהלט די גאנצע געשיכטע. די מאמע האָט דאס געוואָלט מאכען צו גאָרנישט, — מאַלע וואָס א רבי שלאָגט אָן, ער טוהט דאָס פון טובה וועגען. מה רעש, וואָס איז דאָס פאַר א חרפּה? דאָס איז עפּעס א נייס, וואָס א רבי שלאָגט אָן, אדער ער שמייסט אָפּ א תלמיד, אלע רביים טוהען אזוי, ער איז ניט דער איינציגער, זיי מיינען חלילה קיין בייז ניט. זי האָט מיר גערעדט, פיעל פארענטפערט דעם רבי, נאָר איך האָב געזאָגט, אז מעהר פאָר איך ניט צו איהם. מ׳האָט גערעדט צו מיר מיט גוטען, מיט בייזען, עס האָט ניט געהאָלפען. איך האָב ניט געוואָלט פאָהרען אין שטעדטעל אפילו צו אן אנדער רבי און איך בין פארבליבען אין דער היים.

מיין ברודער א״ב איז שוין דאָן אין דער היים ניט געווען, האָט מיין פאָטער געמוזט אָנהויבן לערנען מיט מיר. ער איז אָבער געווען פאַרנומען מיט זיין געשעפט, האָט ער מיט מיר געלערענט מעהר ניט א פּאָר מאָל אין וואָך. מיר האָט דאס ווינציג געאַרט, האָב איך געהאַט מעהר צייט צו שפּילען זיך מיט מיינע דאָרפישע הברים. דער ווינטער איז געווען ניט זעהר קיין קאַלטער, פלעגען מיר זיך שפּילען אין דרויסען, געגליטשט זיך אויפ׳ן טייך, געפאָהרען אויף א שליטעלע, גע־שלעפּט איהם בארג ארויף, צוריק באַרג אראָפּ געפאָרען, גע־שליטעלט איינער דעם צווייטען, געמאַכט מענשעלאך פון שנעע, געפונען פאַר זיך ארבייט. דער ערגסטער טאָג אין וואָך איז געווען פאַר מיר שבת, מיין פאָטער האָט גערוהט, אין הויז געזעסען, האָב איך שוין קיין מנוחה ניט געהאַט. ער האָט מיך געהאַלטען דעם גאַנצען טאָג ביים סידור, ביים חומש ביז פאַרנאַכט. מיין מוטער פלעגט תמיד טענה׳נען, אז זי איז ניט צופרידען מיט אזא ערציהונג, זיצענדיג אין דער היים, אין דאָרף און שפּילען זיך גאַנצענע טעג מיט די שקצים, נאָר קיין עצה האָבען זיי ניט געפונען. און אזוי האָט זיך געענדיגט דער ווינטער.

## 10
# דער קאַפּוליער מלמד

איך לערען זיך אין דאָרף ביי מיין שוועסטער מיט איהרע צוויי אינגלאך ביי א קאַפּוליער מלמד א קפדן, א רגזן.

חול המועד פסח איז געקומען צו אונז אין געסט מיינע א שוועסטער מיט איהרע צוויי אינגלאך, איינער א יאָהר אַכט, משה, און דער צווייטער א יאָהר זעקס, שלום. זיי האָבען גע־וואוינט אין א דאָרף א ווייאָרסט פופציג פון אונז. ווי זיי זיי־נען געקומען האָב איך אוועקגעלאָזען מיינע דאָרפישע חברים, די שקצימלאך און געשפּילט זיך מיט זיי. אז די מאַמע האָט דאָס דערזעהן האָט זי אָנגעקוואָלען פון נחת.

„טאָכטער מיינע — זאָגט די מאמע צו מיין שוועסטער — דו ווייסט גאר ניט, וואָס פאר א פארגעניגען איך האָב אז איך זעה ווי „זישע” (דאָס בין איך) שפּילט זיך מיט משה׳ן און שלום׳ען. מיין הארץ קריינקט מיר ווען איך זעה ווי ער שפּילט זיך שטענדיג מיט די דאָרפישע שקצים, און איך קען ניט העל־פען. ער איז דאך א קינד, ער וויל זיך שפּילען און האָט דאָ ניט קיין אנדערע חברים אויסער זיי.

זאָגט די שוועסטער — ווייסטו וואָס מאמע. איך וועל איהם נעמען צו אונז, מיר האָבען פאר פסח געדונגען א מלמד פאר אונזערע קינדער, וועט זישע אויך לערנען, איהם וועט ביי אונז גאָרנישט פעלען, איך וועל אויף איהם אכטונג געבען ווי אויף מיינע קינדער.

די עלטערען איז דאָס זעהר געפעלען געווארען, מען האָט אונז באלד אריינגערופען אין הויז און געזאָגט אונז די בשורה. מיר האָבען אזש אָנגעהויבען שפּרינגען פון שמחה. מיר האָבען צוגעזאָגט, אז מיר וועלען לעבען פריינדליך און לערנען זיך גוט. צו מיין פרייד איז גאר קיין גרענעץ ניט געווען. דאָס ערשטע, איך וועל פאָרען צו גאסט, א גאנץ לאנגע וועג מיט די פלימעניקעס, און צווייטענס, די מאמע וועט מיך מעהר ניט מוסר׳ן אלע ווייל איך זאָל זיך ניט שפּילען מיט די שקצים.

א פּאָר טעג נאָך פסח זיינען מיר אָפּגעפאָהרען. די עלטע־רען האָבען אונז באגלייט מיט ברכות און מיט קושען און גע־בעטען אונז מיר זאָלען לעבען צווישען זיך פריינדליך; פאָלגען דעם רבי׳ן און לערנען זיך גוט.

מיר זיינען ארויפגעשפּרונגען אויפ׳ן וואָגען מיט שמחה, אויסגעשריען אלע אין איין קול „זייט געזונד!”

די רייזע איז געווען גאנץ פרעהליך, געכאפּט אָפּט ביים אָנטרייבער די לייצעס, די בייטש, געטריבען די פערדלאך. דער וועטער איז געווען זעהר א שעהנער. עס האָט דורכאויס גע־שמעקט מיט פריהלינג, און אזוי זיינען מיר פארנאכט געקומען צו דער שוועסטער. איהרע צוויי טעכטער איינע פון 13 יאָהר

און די צווייטע פון 11 יאָהר, אז זיי האָבען דערזעהן דורכ'ן פענסטער אז מיר זיינען צוגעפאָהרען, זיינען זיי ארויסגעלאָפען אונז מקבל פנים זיין. מיט שמחה צוגעלאָפען צום וואָגען, אויפגעעפענט די מיילער און א געשריי געטאָן: „מאַמע". איז ווי זיי האָבען מיך דערזעהן זיינען זיי פארשעמט געווארען און ניט פאַרענדיגט דעם גאַנצען וואָרט „מאַמע", נאָר „מאַ" און דער „מע" איז ביי זיי געבליבען שטעקען אין האלז, און אָפּגע־רוקט זיך אהינטער, נאָר אז די אינגלאך האָבען א זאָג געטאָן — איהר וויסט ווער ס'איז געקומען צו אונז לערנען, דאָס איז דאָך זישע דעם זיידענס — דאן זיינען זיי צוגעגאנגען נעהענ־טער און ליעבליך באטראכט מיך און מיט זייערע חנ'עוועדיגע אויגען אזוי ליעבלאך געבליקט נאָר ניט גערעדט קיין וואָרט.

מיר זיינען אריין אין הויז, דער שוואָגער איז ניט געווען אין דער היים, נאָר דער רבי איז געזעסען ביי א ספר און גע־קוקט. די שוועסטער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאר איהם — איהר וויסט רבי? דאָס האָב איך איך געבראכט נאָך א תלמיד, מיינס א ברודער'ל, א גוטער אינגעל, ער לערענט שוין חומש מיט רש"י. דער רבי איז זיך געבליבען זיצען קאלט, ניט גע־זאָגט קיין וואָרט, נאָר א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ. דערמיט האָט דער רבי מיך אויפגענומען. זיין קאלטע אויפנאמע מיט זיין געשטאלט איז מיר ניט געפעלען געווארען. איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם ראקאָווער רבי, וואָס פאר א שעהנער רבי ער איז געווען, ער האָט געהאט א פנים פון א רבי, א איד מיט א שעהנער באָרד א שוואַרצע, א ליבליכער פנים מיט גוטע, שעהנע אויגען און האָט מיך צוגענומען אזוי פריינדליך, און דער איז עפּעס א מאָגערער, אן אויסגעדאַרטער מיט קליינע בייזע אויגעלאך קוקען שלעכט און א שיטערע גנלע בערדעל מיט א פּאָר לאַנגע פאות הענגען אראָפּ ווי שטריקלאך לעבען זיינע גרויסע אויערען. נאָר מיין קינדערשער מוח'ל האָט גע־טראַכט, מסתמא דאַרף א דאָרפישער רבי האָבען אן אנדער פנים פון א שטאָדטישען רבי, און צופרידען געבליבען.

די נאַכט האָב איך פאַרבראַכט אומרוהיג, ס'האָט זיך מיר אָפּט פאַרגעשטעלט ביידע רביים, דער ראַקאָווער מיט דעם דאָרפישען, און טראַכטענדיג, אז יענער רבי דער ראַקאָווער איז געוועזן אַזאַ פריינדליכער, א גוטער און צום סוף האָט ער מיך אַזוי מיאוס באַהאַנדעלט, הײַנט וואָס קען איך שוין ערוואַרטען פון דעם דאָרפישען בייזען רבי? דער געדאַנק האָט מיר ניט געלאָזט רוהען די גאַנצע נאַכט. איך בין אויפגעשטאַנען פאַר־טרויערט, אומעטיג. נאָר אַז די קינדער האָבען צו מיר באַוויזען פריינדשאַפט, ליבשאַפט, זיי האָבען מיך אַרומגעפיהרט ווייזען זייער האָב און גוטס, דעם וואַסער־מיהל, די שייערן, די שטאַלען וואו די פערד שטעהן, די בהמות מיט די קעלבלאַך, דערנאָך געפיהרט מיך צום ברעג טייך וואו די קליין פיש־שיפלאַך זײַ־נען צוגעבונדען און דערצעהלט מיר וואָס אויף די שיפלאַך שיפען זיי זיך אָפּט מיט יאַנקע דעם פישער כאַפּען פיש און זיי וועלען מיך אויך נעמען. דאָס אַלעס האָט מיך פרעהליך געמאַכט, אַז איך האָב פאַרגעסען גאָר קלערען וועגען דעם רבי.

נאָך וואַרמעס זײַנען די מיידלאַך אויך געגאַנגען מיט אונז, געפיהרט מיך ווייזען דעם דאָרף. פאַר מיר איז דער דאָרף קיין נײַס ניט געוועזן. די זעלביגע קליינע הײַזלאַך מיט די שטרויענע דעכער, מיט די קליינע פענסטערלאַך, די זעלבע בלאָטיגע, קרומע געסלאַך, די זעלביגע שמוציגע שקצים מיט די שיקסלאַך, און הינט לעבן יעדער טויער ליגען אויסגעצויגען גרייט אָנצופאַלען אויף יעדען אומבאַקאַנטען. די שקצים מיט די שיקסעס זײַנען געשטאַנען און געקוקט אויף אונז, אָנגע־וויזען מיט די פינגער אויף מיר, אויף דעם פנים חדשות. פון דאָרף זײַנען מיר אַוועק צום וואַלד ניט ווײַט פון דאָרף. א וואַלד ניט קיין גרויסער באַוואַקסען מיט סאָסנע ביימער, הויכע שטעהען אַלע גלײַך גאוה'דיג. דער וואַלד האָט ערשט אָנגע־פאַנגען צו גרינען, זומער פויגלען האָבען ערשט אָנגעפאַנגען בויען זייערע נעסטען, טראָגען שטרויעלאַך, בלעטלאַך אום אויפצובילדען זייערע זומער וואוינונגען צווישען די צווייגען,

וועלכע האָבען ערשט אראָפּגעוואָרפען פון זיך די שווערע משא פון די ווינטער קליידער און גענומען זיך באפוצען מיט די זו־מערדיגע שמעקעדיגע גרינע קליידער. שטיל איז געווען דער וואַלד, ס'האָט זיך מעהר ניט געהערט דער רויש פון אן אראָפּ־געפאלענע טרוקענע שטיקעל צווייגעל, וואָס דער ווינט האָט אראָפּגעוואָרפען, נאָר ס'האָט שוין געשמעקט מיט פריהלינג, מיט אויפלעבונג. די קינדער האָבען מיר דערצעהלט, אז זומער צייט געהען זיי אין וואַלד קלייבען שוואומען, יאַגעדעס אלערליי, שווארצע, רויטע און האָבען מיר פארזיכערט אז זיי וועלען מיך מיטנעמען. אין דעם שמועס האָבען שוין די מיידלאך אויך אן אנטייל גענומען.

דריי טעג נאָך אונזער קומען, דאָנערשטאג, פרייטאג און שבת האָבען מיר פאַרבראַכט אין פארגעניגען, ניט געוואוסט פון חדר, פון רבי'ן ביז זונטאג.

## 11
## זונטאג פריה אין חדר, דערקאָנט זיך מיט אונזער קאפּוליער רבי

זונטאג האָט מען אונז אויפגעוועקט גאנץ פריה, אָנגעזאָגט אונז די גוטע בשורה, אז היינט וועלען מיר אָנפאנגען לערנען. די בשורה איז אונז ווינציג געפעלען געווארען, עפּעס מיר האָט זיך אויך ניט געלוסט, ווי די הארץ האָט מיר געזאָגט, אז איך וועל פון דעם חדר מיט'ן רבי קיין נחת ניט האָבען. ער האָט גענומען אונזערע ספרים: צוויי חומשים מיט צוויי סדורים און נאָך עפּעס אריינגעשפּארט אין זיין קעשענע און גע־הייסען געהן מיט איהם אין חדר. דער חדר איז געווען א קליין שטיבעלע צוגעבויט צו דער גרויסער וואוינונג הויז, דאָס האָט פריהער געדינט אויף אפּלייגען אלטע זאכען, האָט מען אויסגערייניגט און געמאכט פאר א חדר צום לערנען, אריינגעשטעלט א טיש מיט צוויי פּראָסטע ביינקלאך פאר אונז אויף זיצען ביי ביידע זייטען טיש און א קליין ביינקעל אויבען־

אָן פאר דעם רבי. זעהר ליכטיג איז דאָרטען ניט געווען. ער האָט מיך מיט משה'ן באזעצט אויף איין ביינקעל און שלום'ען אויף דעם צווייטען. אליין איז ער ארויף אויבען'ן אויסגעטאָן זיין קאפאָטע מיט דער היטעל, געבליבען זיצען אין טלית קטן און אין זיין שפיציגער יארמולקע און געהייסען אונז נעמען דעם חומש אויפמישען די סדרה „תזריע", די סדרה פון יענער וואָך. איידער מיר האָבען אָנגעהויבען לערנען האָט ער אונז געזאָגט מוסר.

— איהר זאָלט וויסען, קינדער, אז מען האָט אייך אָפּגעגעבען צו מיר איך זאָל מיט אייך לערנען, איז אויב איהר וועט זיך לערנען גוט, וועט אייך קיין בייז ניט געשעהן, אָבער טאָמער וועט איהר ניט וויסען וואָס מען לערענט אייך, וועט איהר שטארק באשטראָפט ווערען — און האָט ארויסגענומען פון קעשענע דעם קאַנטשיק און א טרייסעל געטאָן מיט די רימענדלאך און געזאָגט — אָט מיט דעם קאנטשיק וועל איך שלאָגען ביז וואַנען איהר וועט וויסען וואָס מען לערענט אייך און איהר זאָלט ניט פּרואווען דערצעהלען אין דער היים וואָס אין חדר טהוט זיך. פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

מיר זיינען געשטאַנען ווי צושראָקענע שעפּעלאך, געוואָרפען אויגען, א בליק אויפ'ן רבי'ן, א בליק אויף זיין קאַנטשיק און געשוויגען.

דעם ערשטען טאָג האָט משה שוין געפיהלט דעם טעם פון דעם קאַנטשיק און נאָך זיין קנייטשען די אקסלען נאָך דעם ערשטען שמיץ, האָב איך פארשטאנען וואָס פאר א מקל חובלים דער קאַנטשיק איז, און וואָס פאר א מלאך משחית דער רבי איז.

ער איז געזעסען זיך קאלט, דעם קאַנטשיק לעבען זיך, איין פוס געהאלטען אויף דער ערד אנגעשפּארט אויף די שפּיץ פינגער און געטרייסעלט אָהן אויפהער. אין דער לינקער האַנט געהאלטען א ווייך שטיקעל ברויט און געקייקעלט מיט צוויי פינגער, (דאָס פלעגט ער טאָן תּמיד,! ווען ער איז געזעסען

רוהיג אין חדר), ער האָט געעפענט זיין חומש און אָנגעפאנגען לערנען פרשה תזריע: אשה, אן אשה, כי תזריע, אַז זי וועט מזריע זיין, וילדה, און זי וועט מוליד זיין זכר א זכר, וטמאה, זאָל זי זיין טמא.

מיר זיינען געזעסען און געשוויגען, ניט פאַרשטאַנען וואָס ער זאָגט אונז. ער איז אין כעס געוואָרען און א געשריי געטאָן — וואָס שווייגט איהר פויערים? — איך האָב זיך ערלויבט צו זאָגען איהם: ווייל מיר פארשטייען ניט וואָס איהר זאָגט אונז. — דאָס איז ניט אייער דאגה, וואָס איהר פארשטעהט ניט איצט, איהר וועט עלטער ווערען וועט איהר דאן וויסען — און מיר האָבען געמוזט נאָכזאָגען נאָך איהם ווי איצטיגע קינדער־יתומים זאָגען „קדיש" נאָך דעם ראַבי.

באקלערט נאָר דעם אונטערשייד פון אמאָליגע מלמדים ביז איצטיגע לעהרער. אמאָל האָט דער מלמד געלערענט מיט זיינע תלמידים אפילו אזעלכע זאכען, וואָס זיי וועלען ערשט פארשטעהן אין פילע יאָהרען שפעטער, און די זעלבע תלמידים וועלען זיך שפעטער וואונדערען — צוליב וואָס האָט מען אונז געמאטערט אויף אזעלכע זאכען וואָס מיר האָבען קיין באַגריף ניט געהאט קינדווייז? דער איצטיגער לעהרער לערענט מיט זיינע תלמידים נאָר אזעלכע זאכען נאָך דעם שכל פון דאָס קינד, ער זאָל איצט שוין וויסען וואָס ער לערענט, נאָר ליידער איז איצט דאָ אזעלכע לערער, זיי לערנען אזוי, אז דאָס קינד ווייס ניט איצט און וועט ניט וויסען שפעטער אויך.

## 12
## דאָנערשטאג די וואָך שעורים

ער האָט אונז געלאָזען צו רוה און געהייסען אונז חזר'ען און געלערענט עברי מיט שלום'ען.

נאָך וואָרמעס האָט ער מיט אונז געלערענט דעם זעלבען חומש. איך בין ווי עס איז ארויסגעקראָכען, נאָר משה בשום אופן ניט געקענט איבערזאָגען, האָט ער געקראָגען זיינס. ער

איז תמיד געווען דער כפרה האָן. איך האָב אָפּטמאָל אויך טועם טעם געווען, נאָר מעהר ניט אמאָל פאר א שטיקעל רש"י, אָבער פאר עברי און חומש קיינמאָל ניט. שלום, האָט מעהר ניט געליטען פאר דעם סדור, קיין חומש ניט געלערענט, אבער משה האָט געליטען פאר אלע דריי פאר'ן סדור, חומש און רש"י. די גאנצע וואָך איז נאָך געווען צו דערליידען, געכאפּט דורכ'ן טאָג עטליכע קלעפּ מיט'ן קאנטשיק, אויסגעוויינט זיך שטילער־הייט, די טרערען האָבען אויסגעטריקענט פון חומש און די קינדערשע הערצלאך זיינען דורך דעם גרויסען זומער טאָג פארהיילט געווארען און זייערע קליינע מוח'לאך האָבען ביז פארנאכט פארגעסען וואָס זיי האָבען אויסגעליטען דעם גאנצען טאָג אין חדר. פארנאכט ווען די בהמות פלעגען געהן פון פעלד, פלעגט ער אונז דאן פריי לאָזען. איז ווי נאר מיר פלעגען דער־זעהן די ערשטע בהמה געהענדיג פון פעלד, פלעגען מיר ווע־רען מלא שמחה, און קוקען אויפ'ן רבי ווען וועט ער הייסען געהן. מיט פרייד פלעגען מיר ארויסלויפען פון חדר ווי דער אַרעסטאַנט אנטלויפט, ווען מען לאָזט איהם ארויס פון גע־פענגעניש. דורכגעלאָפען זיך, אביסעל געכאפּט פרישע לופט, ביז אָוועגט אויסגערוהט, אויף מאָרגען וויטער די זעלבע, אָהן חשק, נאָר געצוואונגענע זיינען מיר אין חדר געגאנגען. מיר האָבען געוואוסט, וואָס עס שטעהט פאָר פאר אונז: — א בייזער רבי מיט א קאַנטשיק, קיין גוט וואָרט, קיין פרעהליכע מינע, נאָר געשריי מיט קלעפּ. דערויף פלעגען מיר זיך ריכטען, און דאָס האָבען מיר באקומען. נאָר דאָס איז נאָך אלץ געווען צו דערליידען. די פיהר טעג פון וואָך האָט נאָך אויף אונז אַזאַ אימה ניט אָנגעוואָרפען ווי דער טאָג דאָנערשטאָג. דאָ־נערשטאָג פריה, אז מיר פלעגען עפענען די אויגען איז שוין אויף אונז אן אומעט אָנגעפאלען. מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ, מיט פאַרקלעמטע הערצער פלעגען מיר אריבערטרעטען דעם שוועל פון חדר. מיר האָבען געוואוסט אז מיר געהען צום „יום הדין". דאָנערשטאָג דארף מען איבערזאָגען דעם חומש

מיט די רש״י, וועלכע מיר האָבען געלערענט די גאַנצע וואָך און מיר טאָרען גאָרנישט פארפעלען, וויסען וואָס מיינט רש״י מיט׳ן „וגומר״ און וואָס באַוואָרענט רשי מיט׳ן „כלומר״. און טאָמער האָבען מיר ניט געוואוסט, האָט דער קאַנטשיק געענט־פערט. מיר האָבען געציטערט פאר דעם רבי׳ן, ניט ווי אונ־זערע חז״ל האָבען געזאָגט — „ומורא רבך, כמורא שמים״, מען דאַרף מורא האָבען פאר א רבי ווי פאר גאָט, מיר האָבען מורא געהאַט פאר אונזער רבי ווי פאר׳ן טייוועל. מעהר פון אונז אלעמען האָט אויסגעליטען משה. ער פלעגט קריגען די אמת׳ע קלעפּ, אָהן רחמנות, און ער האָט זיך כמעט קיין מאָל ניט אויסגעדרעהט אָהן קלעפּ, ווארום די אימה פון יום הדין, האָט אויף איהם אזוי שטאַרק געווירקט, ווען אפילו ער האָט גע־וואוסט האָט ער ניט געקענט זאָגען, פון שרעק. עס פלעגט איהם אָפּנעמען דער לשון און פלעגט בלייבען שטום, ניט קיין וואָרט.

אזוי האָט זיך געצויגען דער זומער, טאָג איין, טאָג אויס. דער רבי האָט געשלאָגען און מיר האָבען געליטען. דער שוואָ־גער מיט דער שוועסטער האָבען אפילו געוואוסט, אז ער שלאָגט אונז, נאָר ניט אויף אזוי פיעל, און מיר האָבען זיך קיין מאָל ניט באַקלאָגט אויס מורא פאר איהם. פון חדר זאָגט מען ניט אויס !

פרייטאג און שבת איז פאר אונז געווען די בעסטע טעג. פרייטאג האָבען מיר ניט באדארפט וואַרטען אויף דער בהמה ביז וואַנען זי וועט געהן פון פעלד. צו וואָרמעס פלעגט ער אונז פריי לאָזען, און שבת מעהר ניט א פּאָר שטונדען, פּרק אָבזאָגען. די צוויי טעג איז קיין חומש און רש״י ניט געווען, און קיין קאַנטשיק אויך ניט. (שבת היא מלזעוק)

13

## דאָנערשטאג פּ׳ קרח, די גרויסע רש״י
## קרח שפּקח היה

מה ראה לשטות זה, קרח איז א קלוגער געווען, ווי קומט ער צו אַזאַ נאַרישקייט?

די וואָך פון פּ׳ קרח האָט זיך איינגעקריצט אין מיין יונגען מח׳ל, אז איך וועל דאָס קיין מאָל ניט פאַרגעסען. דער גאַנצער בילד שטעהט מיר פאר מיינע אויגען, גלייך ווי אָט ניט לאַנג האָט דאָס פּאַסירט. די גאַנצע יענע וואָך איז ביי אונז געווען א צרה׳דיגע. פון זונטאג ביז פרייטאג איז יעדער טאָג איינער געווען ערגער פאר דעם צווייטען. ער האָט אונז געמאַטערט אָהן רחמנות, מיט געשריי, מיט קלעפּ. מיר מוזען וויסען וואָס קרח איז א קלוגער געווען און האָט זיך באַנאַרישט. נו, פרעג איך אייך, איז דאָס טאקע א נויטווענדיגע זאַך, אז זעקס יאָהריגע קינדער מוזען וויסען פון קרח׳ס קלוגשאַפט און פון זיין נאַרישקייט? מיר דוכט זיך אז רשי ז״ל האָט דאָס ניט געשטעלט פאר קליינע קינדער, גענוג איז פאר אזעלכע קינדער זיי זאָלען וויסען אז קרח האָט זיך געקריגט מיט משה און אהרן און ער איז איינגעזונקען אין דר׳ערד, דוכט זיך אז דאָס אויך דינו! נאָר אבער דעם קאפּוליער ווילדען מלמד האָט זיך געוואָלט, מיר זאָלען אויך וויסען, אז קרח איז געווען א קלוגער און האָט זיך באנארישט. ווער קען איהם שטערען? האָט ער אונז געמאַטערט די גאנצע וואָך. איך האָב ביינאַכט פון שלאָף גערעדט, אלץ — קרח, א קלוגער, א נאַר. מיין שוועסטער האָט זיך געשראָקען, זי האָט מורא געהאַט אז מיט מיר האָט עפּעס געטראָפען. אזוי איז אוועק די גאַנצע וואָך.

עס איז געקומען דער ליבער דאָנערשטאָג, דער יום הדין, מיין משה האָט געוואָלט מאַכען זיך קראַנק, ער זאָל פּטור ווערען פון דעם יום הדין, נאָר עס האָט איהם ניט געגאָלטען, און מיר האָבען אַלע געמוזט געהן אין חדר. מיר האָבען זיך געזעצט ביים טיש און געציטערט, אויפגעעפענט די חומשים און דער רבי האָט מיך אויסגערופען אויף דעם ערשטען פּייער. איך האָב זיך זעהר דערשראָקען, עס האָט מיך געטרייסעלט פון שרעק, נאָר איך בין אריבער במעט בשלום, מעהר ניט איין טעות האָב איך געהאט, האָב איך געקראָגען מעהר ניט ווי איין מאָל א קלאַפּ. מילא איך האָב גאָט געדאַנקט, איך בין אריבערגעקומען. נאָכדעם האָט ער א געשריי געטאָן: ר' משה'לע זאָג דו די רש"י! מיין משה וואָלט דאן בעסער מיט קרח'ן אין דר'ערד געגאַנגען, ווידער זאָגען פאר דעם קאַפּוליער רבי'ן די רש"י מיט קרח'ן. עס האָט איהם געטרייסעלט די הענט מיט די פיס, דער לשון האָט איהם אָפּגענומען און האָט אָנגעהויבען שטאַמלען, אָפּגעזאָגט א וואָרט און מעהר ניט פון אָרט. די ליפּען האָבען זיך ביי איהם געשאָקעלט, אָבער קיין ווערטער האָט מען ניט געהערט. איך גלויב, אז ער האָט דאן געוואונשען דעם רבי'ן, ער זאָל געהן אין דר'ערד מיט קרח'ן צוזאַמען און זאָל איהם ניט מאַטערען מיט דער רש"י וועגען קרח'ן. דער רבי האָט דערזעהן אז משה שווייגט, האָט ער אָנגעהויבען מיט זיין קאַנטשיק שלאָגען איהם, און שרייט:

— זאָג שוין דו גוי איינער! זאָג וואָס שטומסטו?

משה האָט זיך אָנגעהויבען בעטען מיט ביטערע טרערען

— רבי, שלאָגט מיר ניט, נאַט אייך אוועק מיין קעשענע בארעלאָך, וואָס איך האָב נעכטען אָנגעקליבען ביי יאנקע דעם פישער אין גאַרטען. נאַט אייך, שלאָגט מיר ניט מעהר. איך וועל שוין גוט לערנען.

אזוי, מיין טייערער שייגעץ — האָט אויסגעשריען דער ווילדער רבי — דו ווילסט מיך אונטערקויפען, שוחד מיר געבען. איך וועל דיר געבען, וועסטו דעם צווייטען מאָל וויסען.

און ער האָט איהם גענומען שלאָגען אָהן רחמנות און שרייט —
נאַ דיר בארעלאך!

דער רחמנות אויף דעם אינגעל האָט מיר באַנומען ביים הארצען און האָב אויסגעשריען מיט א יאָמער, מיט א משונה'ם קול, אז מיין שוועסטער האָט דערהערט אין יענער הויז און זי איז געקומען צולויפען א דערשראָקענע. זי האָט דערזעהן די סצענע וואָס דאָ טוט זיך, ווי דער רבי האַלט דעם קאַנטשיק און איך מיט משה'ן יאָמערען ביטער, האָט זי בייז א בליק געטאָן אויף דעם רבי'ן און א קלאפּ געטאָן מיט'ן טיהר און ארויס פון חדר גאָרנישט זאָגענדיג איהם. דער רבי, דער משחית האָט פארשטאַנען, אז ער האָט איבערגעכאפּט די מאָס מיט זיינע אכזריות, האָט ער אונז באלד אָפּגעלאָזען עסען וואַרמעס און משה איז ניצול געוואָרען פון קלעפּ און געבלי־בען ניט וויסענדיג עד היום הזה צי קרח איז געווען א קלוגער צי א נאַר?

נאָר דער קאפּוליער רבי האָט שוין גוט געוואוסט, אז ער האָט זיך באנארישט, נאָר אויף מיר האָט ער שוין א שנאה געטראָגען, איבער מיר האָט מען זיך דערוואוסט וואָס ער איז. איך האָב דאָס באמערקט אז ער קוקט אויף מיר קרום, האָב איך זיך געהיט ער זאָל אויף מיר קיין עולה ניט געפינען, נאר שלאָגען אזוי ווי פריהער האָט ער שוין אויפגעהערט. יענער דאָנערשטאג האָט געמאכט א סוף צו אונזערע צרות. ער האָט שוין געליטען מעהר פאר אונז. ער פלעגט ווערען אין כעס און שטשירען מיט די ציינער, אבער קיין קאנטשיק האָט ער שוין ניט גענוצט. ער איז מעהר ניט אויפ'ן טיש געלעגען שרעקען אונז.

14

## יגעת ומצאת, ער האָט זיך געמאַטערט געפינען אויף מיר, ער זאָל מיך באַשטראָפען, און ער האָט געפונען

אין עטליכע וואָכען ארום, מיר האָבען זיך שוין פאַר־געסען אויף דער גאַנצער געשיכטע מיט קרח׳ן און מיט אונ־זער רבי׳ן, האָט א דאָרפסמאַן, א שכן מיין שוואָגערס געמאכט חתונה א טאָכטער, האָט ער פארבעטען מיין שוואָגער מיט דער שוועסטער זאָלען קומען צו דער חתונה און מיטנעמען אונזער רבי׳ן אויך, און אזוי ווי די חופה איז געווען פרייטאג פאַרנאַכט זיינען זיי אוועק אהין אויף שבת. ווי גרויס איז געווען אונזער פרייד, אז מיר האָבען דערזעהן אז אונזער רבי פאָרט אוועק אויף א פאָר טעג, פטור געוואָרען פון א צרה אויף צוויי טעג.

אין דער היים זיינען מיר די חדר־אינגלאך געבליבען און די צוויי מיידלאך. שבת פריה האָב איך מיט שלום׳ען אָפּגע־דאַוועֿנט און מיר זיינען אוועק שפּילען זיך. משה איז נאָך געווען קליגער פאר אונז, ער האָט ניט געדאַוועֿנט און איז אוועק מיט יאַנקע דעם פישער אויפ׳ן שיפעל כאפּען פיש און מיך מיט שלום׳ען האָט ער געבעטען, באשוואָרען אונז, מיר זאָלען ניט אויסזאָגען קיינעם, וואָס ער האָט ניט געדאַוועֿנט. קיין פיש האָט משה ניט געכאפּט שבת, נאָר זונטאג האָט ער געכאפּט גוטע קלעפּ.

שבת׳דיגען טאָג האָבען מיר פארבראכט זעהר פרעהליך. א גאַנצען טאָג געשפּילט זיך, ניטאָ קיין רבי, ניטאָ קיין קאַנ־טשיק, מען דארף ניט זאָגען קיין פּרק. א לעבעדיגע וועלט! מיר האָבען א גאנץ זומער ניט געהאט אזא גוטע פרייע צייט.

נאָך אַזאַ גוטען פרייען טאָג האָט זיך די נאכט געשלאָפען זעהר גוט מיט זיסע חלומות, נאָר דאָס האָט זיך אונז גאר ניט גע'חלומ'ט, וואָס דער מאָרגענדיגער טאָג קען ברייגגען. מיר האָבען געשלאָפען געשמאַק, און גאָר ניט געהערט ווי זיי זייי-נען געקומען פון דער חתונה, ביי נאכט. אין דער פריה, איך הער אימעצער וועקט מיך. איך עפען די אויגען, איך זעה דער רבי שטעהט נעבען מיר און שרייבט:

— זאָג מיר דו שייגעץ איינער, האָט משה נעכטען געדאַ-ווענט?

איך בין א דערשראָקענער געבליבען און ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט מיט זיין שאלה? און פון וואַנען האָבען איהם רוחות געבראכט אזוי פריה? האָב איך געשוויגען.

— אַהאַ, שייגעץ איינער, דו שוויינסט, זאָגסט ניט, נאַ דיר „אם לא יגיד!" און גיט מיר א פּאָר שמיץ מיט זיין קאנטשיק. איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס מיינט ער מיט די ווערטער, נאָר די שמיץ האָב איך גוט געפיהלט, ווייל איך בין געוועזן מעהר ניט אין מיין שלאָף העמד און אויפ'ן ניכטערען הארצען, נאָך איידער איך האָב געזאָגט דעם יהי רצון*) „ותצילני היום מפגע רע", האָט מיר דער קאַפּוליער מלמד דער פּגע רע, גוט איינגעטיילט, אז איך האָב אויסגעווישט מיינע פארשלאָפענע, פארוויינטע אויגען, האָב איך דערזעהן פאר זיך א שרעקליכען, א ווילדען בילד, אַזאַ בילד קען נאָר א ווילדער מלמד אויסמאָ-לען. איך האָב דערזעהן מיין פּלימעניק משה זיצט ביים טיש אין איין העמד, אויפ'ן קאָפּ טראָגט ער זיין ווינטערדיגע היטעל

*) איצט איז מיר פארענטפערט די שאלה: „מיר זאָגען דאָך דעם יהי רצון אלע פריהמאָרגען, האָבען מיר דאָך באדארפט בעטען מעהר ניט פאר דעם טאָג, ווארום מאָרגען וועלען מיר דאָך נאָכאמאָל בעטען, היינט ווארום זאָגען מיר ותצילנו היום ובכל יום, פאר דעם טאָג און אלע טאָג? נאָר דער תירוץ איז, עס איז דא אזא „פגע רע" ווי דער קאפּוליער מלמד, וואָס ער קומט נאָך איידער מען זאָגט די ברכות יהי רצון, דארום מוזען מיר בעטען היום ובכל יום...

מיט די פארבויגענע ברעגען ארויף און עס איז אָנגעשטעקט אין די ברעגען עטליכע ריטער פון בעזים מיט וועלכע מען האָט איהם געשמיסען, (ווארום פאר אזא חטא פון ניט דאַוונען איז ווינציג דער קאַנטשיק מיט וועלכען מען שלאָגט שטענדיג, מען מוז האָבען דערויף אויף שמייסען פרישע ריטער). נעבען איהם אויפ׳ן טיש איז געלעגען א סידור אויפגעמישט שבת׳דיגע שמונה עשרה, ישמח משה, וואָס ער האָט נעכטען שבת ניט געזאָגט, האָט ער געזאָגט זונטאג א געשמיסענער מיט א וויי־נענדיגען קול — ישמח משה, במתנת חלקו, פרעה זיך משה מיט דער מתנה, מיט׳ן גוטען חלק וואָס דער קאפּוליער ווילדער מלמד האָט דיר איינגעטעהלט. און אזוי האָט משה געמוזט אָפּדאַוונען דעם גאנצען שבת׳דיגען דאַוונען, און נאָכדעם האָט ער געמוזט געהן זאָגען אלעמען גוט שבת (נאָר מיר ניט), קיין קידוש מאכען נאָך דעם דאַוונען האָט מען איהם ניט געגעבען, קיין קיכלאך מיט צימעס פלייש אויך ניט, נאָר מען האָט איהם מכבד געווען זאָגען פּרק און מיר האָט מען אויסגעזאָגט פאר־וואָס מען האָט מיך באשטראָפט, דאָס הייסט, ווייל איך האָב ניט אויסגעזאָגט וואָס משה האָט ניט געדאַוונט, און פאר „אם לא יגיד" קומט מלקות. הייסט אז דער רבי האָט געטאָן ווי דער דין.

פון יענער צייט אָן האָב איך איהם געהאסט ווי דעם טויט און געצעהלט די מינוטען ווען וועט שוין זיין סוף הזמן און אנטלויפען אהיים. איך האָב קוים דערלעבט חצי אלול, ווען מ׳איז געקומען נעמען מיך אהיים. איך האָב איהם אפילו קיין „זיי געזונט" ניט געזאָגט, מיט א בייזען בליק האָבען זיך באַ־געגענט אונזערע אויגען. איך האָב נאכהער געהערט, אז מיין שוואָגער האָט איהם אָפּגעזאָגט און ער איז אוועק אהיים אין קאפּוליע.

אָט אזוי האָב איך פארלאָזען מיינעביידע רביים, דעם ראַ־קאָווער און דעם קאפּוליער רבי ניט מיט א שעהנעם אופן. אפילו עס איז ניט אזוי שעהן צו דערצעהלען וועגען זיך אזעלכע

זאכען. נאָר באמת, איז ניט איך באדראף זיך שעהמען, מיינע חטאים זיינען ניט גרויס געווען, אז איך זאָל פארדינען די שטראָף וואָס איך האָב באקומען פון זיי. די שאַנדע איז פאר זיי, שעהמען האָבען זיך באדארפט אונזערע אמאָליגע מדריכים, אונזערע ערציהער, ווי זיי האָבען געלערענט און ערצויגען די יוגענד פון אונזער פאָלק „במקל חובלים" מיט שטעקענס, מיט קאנטשיקעס, מען האָט ביי דעם קינד געבראכען זיין שטאָלץ, זיין איך, אז ער האָט נאָכדעם זיין גאנצען לעבען געבויגען זיין קאָפּ פאר זיין שמייסער און געקושט דעם רוט מיט וועלכען מען האָט איהם געשמיסען. אין חדר האָט דער רבי געשמיסען און אין שוהל דער שמש (געשלאָגען מלקות), דער פוילישער פאריץ האָט געשמיסען דעם אידען ער זאָל טאַנצען „מה יפית", דער איד ווערט געשמיסען פון קינדהייט אָן ביז זיין לעצטען אָטעם פון זיינע שונאים, און פון זיינע גוטע פריינד, פון זיינע אייגענע ברידער און ער איז מקבל באהבה.

## 15

## מיינע עלטערען באזעצען זיך אין דער שטעדטעל איוויניץ, איך לערען זיך ווידער ביי א רבי'ן אין שטאָדט. די שטעדטעל איוויניץ, מיין פאָטער'ס פרנסה, צוויי רבנים.

מיינע עלטערען האָבען פארלאָזען דעם דאָרף און באזעצט זיך אין שטעדטעל איוועניץ, געדונגען ביי דעם פאריץ פון שטעדטעל א ביער ברייזעל (מיט א שותף — יענעמס געלט און מיין פאָטערס ארבייט). די שטעדטעל איוועניץ איז ניט ווייט פון דער שטעדטעל ראַק און ניט אָפּגעטיילט פון איהר, ניט אין שטח און ניט אין כמות און אין איכות, ד. ה. ניט אין גרויס און ניט אין צאָהל און ניט אין פיהרונג און אזוי זיינען געווען אלע קליינע שטעדטלאך גלייך כמעט אין אלע הינזיכ־טען. איוועניץ האָט אויך געהאט צוויי שוהלען, צוויי שוחטים, א רב און כלי קודש, אפילו להבדיל א „באָד גוי" וואָס האָט

געהייצט די באַד און א גוי'ע, וואָס פלעגט אראָפּנעמען שבת אין דערפריה די לייכטער פון ליכט-בענשען און ווינטער הייצען די הרובעס אויך מעלקען די בהמות מיט די ציגען. זי האָט גערעדט גוט אידיש מיט אלע לשון קודש ווערטלאך, וואָס די אידישע שפּראך באנוצט. אָפטמאָל געזאָגט ברכה מיט די קינדער. א רב איז דאן געווען ד"ל א גדול בתורה, איצט וואָלט ער געווען פון די גאונים, וואָלט נעמען די גרויסע שכירות, נאָר דאַן האָט ער זיך באנוגענט מיט 5 רובעל א וואָך, מיט א רובעל מעהר ווי דער ראקעווער רב, צי ווייל ער איז געווען מעהר למדן פאר יענעם אדער ווייל ער האָט געהאט ביידע הענט און יענער מעהר ניט ווי איינע, איז ווערט געווען מיט א רובל מעהר, דערפאר האָט ער געהאט צרות מעהר פון יענעם, וואָס איז ווערט געווען מעהר פון א רובל.

עס האָט פּאסירט, אז דער נגיד פון שטעדטעל האָט גענומען אן איידים, וואָס האָט געהאט סמיכה אויף רבנות, און ווייל דער נגיד איז נאָך געווען דערצו דער איזבאָרשציק און דער בעל-טאַקסע פון שטעדטעל איז ער געווען דאָרטען דער גאנצער בעל-דעה-זאָגער, האָט זיך איהם פאַרוואָלט אז זיין איידים זאָל ווערען דער רב פון שטעדטעל. ער האָט געקראָגען זיינע גוטע-ברידער און האָבען געגעבען זיין איידים ז. י. א' כתב רבנות, אז ער איז דער רב. די רעכטע באלעבאטים פון שטאָדט און די לומדים זיינען געבליבען טריי דעם אלטען רב, האָט זיך אָנגעהויבען א מחלוקת פון ביידע צדדים. שבת אין שול פלעגט מען זיך קריגען און אָפטמאָל פלעגט קומען צו געשלעג אויך. די מחלוקת האָט זיך געצויגען א לאנגע צייט. דער אלטער רב פלעגט אויך ווערען געזידעלט פון יענעם צד, ווייל יענער צד איז באַשטאַנען על פּי רוב פון די פּראָסטע מענשען, עזות-פּנימ'ער, קהל'שע יאַבעטניקעס. דעם אלטען רב'ס צד האָבען ניט געקענט איבערטראָגען די זלזולים וואָס דער רב האָט געהאט האָבען זיי געגעבען צו וויסען קיין מינסק די גרויסע רבנים. דער מינסקער ראש בית-דין איז דאַן געווען דער גאון ר' גרשון

תנחום ז"ל, ער האָט זיך אָנגענומען פאר כבוד תורה, האָט ער געהאַלטען מלחמה מיט זיינע כלי־זין „חורם" (ער האָט דאָס זעהר אָפט באנוצט), האָט ער ארויסגעשיקט זיין בית־דין שמש מיט א פארטיגען „חרם" ער זאָל אויסרופן שבת אויפ'ן בימה, אז דער נייער רב טאָר ניט מסיג־גבול זיין דעם אלטען רב. שבת נאָכ'ן לייענען איז ארויף דער בית־דין שמש אויפ'ן בימה האָט אויסגערופען בקל רם, אין דעם נאָמען פון גאון ר' גרשון תנחום.

— איך בין מכריז ומודיע, אז דער נייער רב איז א מסיג־גבול, טאָר ער קיין רב ניט זיין, איז אלע זיינע שאלות וואָס ער פסק'ענט איז שלא כדין תורה און אַלע כלים פון זיינע שאלות וואָס ער פּסק'ענט איז טריף כבשר חזיר, און ווער עס וועט עובר זיין אויף דעם איז ער אין חורם!

דער עולם איז דערשראָקען געווארען שטארק, אפילו ר' וועלוויל'ס צד (דעם נייעם רב'ס נאָמען איז געווען וועלוויל) זיינען אויך פארציטערט געווארען. עפּעס א קליינינקייט א „חרם"! (מען האָט דאן געציטערט פאר א חרם ווי איצט פאר א פּאָגראָם ר"ל). צווישען ר' וועלוועל'ס צד האָט זיך געפונען איין איד ניט קיין שרעקענדיגער מיט'ן נאָמען לייבע נאָטע'ס, א בעל עגלה, א געזונטער, א הויכער איד. ער איז באלד ארויף אויפ'ן בימה און אויסגעשריען מיט זיין בעל־עגלות'דיגען קול און מיט די זעלביגע בעל־עגלות'דיגע עברי, אז דער חרם איז בטול ומבוטל כעפרא דערא (זאָגט מיט זיבען גרייזען) און ר' וועלוועל'ס שוועד מאָטע דער איזבארשציק איז באלד אוועק־געלאָפען צום סטאַנאָוואָי פּריסטאוו און געבראכט צוויי זשאנ־דארמעס און צוגענומען דעם שליח בית־דין און אָפּגעשיקט איהם שבת מיט'ן עטאַפּ קיין מינסק. (פון דער רעגירונג איז פארבאָטען געווען א חרם).

וואָלט געווים די מחלוקת אָנגעהאלטען ווידער, האָט זיך אָבער געמאכט אז אין א פּאָר וואָכען ארום איז דער בעל־עגלה לייבע נאָטע'ס געפאָהרען מיט זיין בויד מיט משא פון

מינסק, האָבען זיך די פערד דערשראָקען (פאר'ן חרם אדער פאר עפּעס אנדערש) און איבערגעקערט די בויד און לייבע נאָטע'ס איז דער'הרג'עט געווארען. די סבה האָט איינגעשטילט די מחלוקת. אלע האָבען דאס פארעכענט פאר א צייכען וואָס גאָט האָט איהם באשטראָפט וואָס ער האָט עובר חרם געווען, דערום האָט מען געמאכט א פשרה, אז מען זאָל גאָר נעמען א נייעם רב און דיביידע רבנים אָפּזאָגען, נאָר דעם אלטען רב זאָל מען באצאָלען פאר דריי מאָנאַטען שכירות. דערמיט האָט זיך געענדיגט די מחלוקת וואָס האָט זיך געצויגען מעהר ווי א יאָהר צייט.

מיין פאָטער האָט קיין איינטייל ניט גענומען אין דער מחלוקת כאָטש ער איז געווען פון דעם אלטען רב'ס צד. מיין פאָטער איז געווען איינער פון די דריי וואָס האָבען געצאָלט דעם רב זיינע שכירות. מיין פאָטער האָט געצאָלט 2 רובל א וואָך פאר דעם רב, ווייל אלע באלעבאטים האָבען געמוזט נעמען הייוועןn אויף באַקען חלה אויף שבת נאר ביי מיין פאָ־טער פון זיין ביר-ברייזעל (דאן איז נאָך קיין טרוקענע הייוועןn ניט געווען ווי איצט). 2 רובעל א וואָך האָט געצאָלט פאר'ן רב דער בעדער, וואָס האָט געהאלטען די שטאָדט-באָד און איין רובל האָט געצאָלט דער ליכט-מאַכער. אלע האָבען ביי איהם געמוזט נעמען ליכט אויף צו בענשען שבת, דערפון האָט דער רב געלעבט, איהם איז געווען ליכטיג (פון די ליכט) ציכטיג (פון באָד) און געוואקסען ווי אויף הייוועןn (פון מיין פאָטער'ס הייוועןn).

אָט אזוי האָבען אמאָל געלעבט די רבנים, פונדעסטוועגען האָבען די אידישע מאמעס גאָט געבעטען, אז זייערע קינדער זאָלען רבנים זיין. זיי האָבען ליעב געהאט די תורה כאָטש עס האָט זיך ווינציג באצאָלט איהרע לערנער. דער גרעסטער יחוס איז געווען ביי דעם אידען האָבען א זוהן אדער אן איידים א רב אמווייניגסטענס כאָטש אין דער משפחה, דערמיט האָט זיך דער איד געגרויסט שטענדיג.

# מיין גמרא מלמד א בעל מדקדק — מיין לערנען, מיין חשק צו דער גמרא

דער פאָטער מיינער האָט פון זיין געשעפט פון זיין ביר ברייזעל קיין גליקען ניט געמאַכט, נאָר פאַר זיין קליינער פאַמיליע האָט ער געהאט חיונה און צו באצאָלען פאר מיר שכר למוד ביי דעם בעסטען מלמד. מיין רבי איז געווען א גמרא למדן, א בעל-תנ"ך און א מדקדיק אויך, ער איז געווען דער בעל-קריאה אין שוהל. לייענענדיג די תורה האָט ער אָבגעהיט אלע כללי הדקדוק. דער היים מיט זיין פרוי האָט ער אויך אָבגעהיט, פיהרען זיך עפ"י דקדוק (דקדוקי עניות), נאָר אין חדר מיט די קינדער האָט ער ווינציג מדקדק געווען צו לערנען אונז פון די זאכען וואָס ער האָט געקענט מעהר ווי די גמרא איז כמעט ניט געלערענט געווארען די גאנצע וואָך, נאָר פרייטאג און שבת האָבען מיר געלערענט די סדרה חומש מיט א פרשה רש"י, תנ"ך, א קאפיטעל תהילים אדער משלי, און דאָס האָבען מיר געלערענט אין דער צייט, וואָס איז לא יום ולא לילה, ניט טאָג און ניט נאכט, ד. ה. בין השמשות, פאר מנחה איידער ער פלעגט אוועקגעהן אין שול ווינטער-צייט און זומער פאר אונזער אוועקגעהן אהיים. תלמידים זיינען מיר געווען אין חדר ניט מעהר ווי זעקס. דער שכר למוד פון יעדען איז געווען ניט מעהר פון צעהן רובל א זמן און ניט ווינציגער פון אכט, נאָר פאר מיר האָט ער גענומען ווינציגער, ווייל איך האָב גע'שם'ט פאר א גוטען אינגעל און פילע בעלי-בתים האָבען געוואָלט געבען לערנען זייערע קינדער אין דעם חדר וואו דעם וויינער'ס אינגעל לערענט (מיין פאָטער האָט מען גערופען אין שטעדטעל „וויינער", ווייל ער האָט געמאכט

ביר). איך בין געווען צופרידען מיט דעם רבי'ן און ער מיט מיר. ביי איהם האָב איך געלערענט דריי יאָהר צייט ביז איך בין צו עלף יאָהר ארויס פון חדר. ביי איהם האָב איך אָנגעהויבען לערנען גמרא. גרוים איז געווען מיין פרייד אז איך האָב אָנגעהויבען גמרא לערנען. איך בין געקומען צולויפען אהיים און דערצעהלט דער מאמען, אז איך בין שוין א גמרא־אינגעל, האָט די מאמע מיר צוגעזאָגט אויב איך וועל זיך לערנען מיט חשק וועל איך קענען ווערען א רב. אָנגעהויבען לערנען דעם פרק „שור שנגח הפרה", אז אן אָקס האָט געשטויסען א בהמה, האָב איך זיך געוואונדערט, וואָס האָט צו טאָן אן אָקס מיט א בהמה, מיט א רב? דאָס איז א געשעפט גאָר מיט א דארפישען פויער אדער מיט א קצב, אבער ניט מיט א רב! היינט וואָס דרעהט מיר דער רבי די קאָפּ מיט דעם אָקס און בהמה? פרעגען ביי דעם רבי'ן האָב איך מורא געהאט, האָב איך געמוזט שווייגען און לערנען ווייטער, נאָר אז איך האָב אָפּגעלערענט עטליכע טעג, האָב איך געזעהן, אז דער אָקס און די בהמה פון דער גמרא איז ניט קיין פּשוט'ע, דאָס איז ניט פאר א פויערשע קאָפּ אדער להבדיל פאר א קצב צו פארשטעהן די אלע קונצען מיט די דרעהדלעך וואָס ווערט דאָרט גערעדט וועגען דעם אָקס מיט דער בהמה, דאָס איז טאַקע מעהר ניט פאר א ראבאָנישע קאָפּ (און פאר דעם מח'ל פון א 7־8 יאָהריגע קינד). מיין חשק צו ווערען א רב האָט מיר צוגעגעבען חשק איך זאָל לערנען גמרא, כאָטש מיר איז זעהר שווער געווען.

17

# ווי מיר פלעגען פארברייגגען אין חדר די ווינטער נעכט און דער געהן אהיים ביינאַכט

אונזערע חכמים האָבען געזאָגט: „והגית בה יומם ולילה״, אז תורה דארף מען לערנען טאָג און נאַכט, דאָס האָבען אמאָל מקיים געווען ניט נאָר געצעהלטע גרויסע מענשען, נאָר אלע תינקות של בית רבן, אלע חדר-קינדער. דער ווינטערדיגער קורצער טאָג איז ווינציג געווען פאר די קליינע קינדער, האָט מען געלערענט ביינאכט אויך, ביז ניין, צעהן אזייגער, זומער דעם גאנצען גרויסען טאָג ביז פאַרנאַכט האָט מען געפיטערט די צאן קדושים, ווי די שאָף אויפ'ן פעלד פון אין דער פריה ביז זונען פאַרגאַנג און געמאטערט דאָס קינד מיט אזעלכע זאַכען וואָס איז געווען העכער פון זיין פאַרשטאַנד און מיט פילע זאַכען, וואָס האָבען איהם קיין נוצען ניט געגעבען אויף שפּע־טער, נאָר מען האָט געלערענט! איז אָהן א סדר, אין א קליין פינסטערען חדר, אבער דער חדר מיט דעם מלמד, נאָך אלע זייערע חסרונות האָבען זיי געהאַט פיעל מעלות. (וועגען דעם אין א באזונדער אָרט).

ווינטער פלעגט דער רבי פארנאכט געהן אין שול דאווי־נען מנחה און מעריב. מיר פלעגען פארבלייבען אין חדר, פאר־בריינגען אין דער פינסטער, דערצעהלען מעשיות וועגען גוטע אידען, וועלכע מיר האָבען געהערט שבת נאָך שלש סעודות אין שול פון די אלטע אידען, וואָס האָבען דערצעהלט פון די מופתים וואָס די גוטע אידען פלעגען ווייזען. אויך שעהנע וואונ־דער מעשיות פון שדים און רוחות, אמאָל פלעגט אויף אונז אָנפאַלען פון די שרעקליכע מעשיות אזא אימה, אז מיר פלע־גען זיך צונויפזעצען אלע צוזאמען, פאַרמאַכען די אויגען, מורא

האָבען א בליק טאָן אן א זייט טאָמער חלילה דערזעהט מען איינעם פון די ניט־גוטע (א שד ר״ל). אזוי פלעגען מיר אָפט זיצען שטיל, ניט רעדען ביז דער רבי פלעגט קומען פון שוהל, דאַן פלעגט דער רבי אנצינדען די קאפיקענע חלב׳נע ליכט, וועל־כע יעדער אינגעל פון חדר האָט געמוזט שפייזען דעם חדר א וואָך צייט מיט ליכט. פינף ליכט דורך דער וואָך. עס פלעגט טרעפען א גליק דעם אינגעל, וואָס אין זיין וואָך פלעגט אויס־פאלען ראש חדש און נאָך צוויי טעג (ראש חדש האָט מען ביי־נאַכט ניט געלערענט) איז ער יוצא געוועזן מיט דריי ליכט. די קאָפּיקענע ליכט האָט געקענט ברענען ביז צעהן אזייגער (מען האָט באדארפט זיצען אין חדר ביז די ליכט ענדיגט זיך), נאָר מיר האָבען געהאט א מיטעל זי זאָל זיך ענדיגען פריער, ארייננוארפען אין איהר א זעמדעל זי זאָל זיך שמעלצען, אז די ליכט פלעגט האלטען ביים אויסגעהן פלעגען מיר זיך שוין גרייטען געהן אהיים, יעדער פלעגט שוין נעמען זיין פּאַפּירענע אויסגעקנייטשטע לאמטערניטשקע, דאָס האָט געהאט יעדער אינגעל, האָט ער אליין ניט געקענט אויסקנייטשען זי, האָט ער געקויפט ביי א צווייטען, וועלכע זיינען געוועזן מייסטער דערויף. איך האָב אַמאָל געפּרואווט אויסקנייטשען אזא קליי־נעכדיגע לאמטערנע, איז זי ביי מיר אויסגעקומען ווי א פּורים־המנ׳טע, א דריי עקעדיגע, האָב איך געמוזט קויפען. מיט דעם „עמוד האש” פלעגען מיר ארויס פון חדר, פרעהליך מיט גע־זאַנג. אויפ׳ן וועג באגעגענען זיך מיט קינדער פון אנדערע חדרים אויך מיט די זעלבע לאמטערנעס אין די הענט, פרעה־ליך מיט געזאַנג. צוזאמען געהן און אָפט פלעגט טרעפען האַלטען מלחמה מיט שקצים, וואָס פלעגען אונז באפאלען, נאָר מיר פלעגען געהן ביד רמה, ניט מורא געהאט. שלעכט פעלגט נאָר אויסקומען, ווען מיר פלעגען זיך צושיידען, אָפּקערען געהן צו זיך אהיים, דאן פלעגט יעדער לויפען שטילערהייט מען זאָל איהם ניט באמערקען.—א שגעץ צי א הונט—און פון לויפען פלעגט אפטמאָל טרעפען אן אומגליק, די לאמטערנע

פלעגט זיך אָנצינדען און מען האָט געמוזט לויפען אין דער פינסטער אין ציטערניש און קומען א פארסאָפּעטער אהיים. אזוי האָט זיך געפיהרט אלע ווינטער נעכט.

שבת נאָכ'ן דאווגען פלעגט דער רבי אָפּט קומען צו אונז אויף כבוד און פארהערען מיך די גמרא וואָס איך האָב געלע־רענט יענע וואָך. די מאַמע פלעגט זיצען און הערען, נחת קלייבען פון איהר מוזשיניקעל ווי ער דרשנ'ט. קוקען מיט ליבליכע אויגען און ווי זי פלעגט שלינגען יעדעס וואָרט מיינעס.

נאָך וואַרמעס ווען דער טאַטע פלעגט זיך לייגען שלאָפען, פלעג איך לויפען צום טייך גליטשען זיך אויפ'ן אייז מיט מיינע חברים. דערויף בין איך א ספעציאליסט געווען. לויפענדיג צוריק אהיים, ניט איבערלאָזען קיין פארפראָרענע בלאָטקע אפילו פון פאמוניטשע וואסער, איך זאָל זיך ניט גליטשען, אריינ־לויפען אין שטוב מיט רויטע אנגעפראָרענע באקען, פלעגט די מאַמע מיך מוסר'ן, וואָס איך גליטש זיך אום שבת. נאָכ'ן מוסר'ן געהן צום אויוועו, ארויסנעמען א שטיקעל קוגעל און א קיכעל אויך דערצו און הייסען מיר גיכער עסען און געהן אין חדר. אזא שטראָף פלעג איך אָפּט באקומען פון דער מא־מען פאר מיין שטיפען.

דער ווינטער איז אריבער, ס'איז געקומען דער זומער, דער סדור הלמוד איז געווען דער זעלביגער. גמרא דעם גאנ־צען טאָג, פאַרנאַכט א פרשה חומש מיט רש"י, א קאפיטעל תהילים אדער משלי, פון נביאים האָב איך נאָך ניט געלערענט. דער אונטערשייד אין לערנען איז נאָר געווען שבת, זומער גע־זאָגט „פרק" און ווינטער „ברכי נפשי". אין שפּילען זיך איז שוין יע געווען אן אונטערשייד, אנשטאדט ווינטערדיגען גליטש פלעגען מיר ארומלויפען אין פעלד, אין וואלד, געלאָפען, גע־שפּרונגען, געשפּילט זיך אין סאָלדאטען, אמאָל געווען א פּראָס־טער סאָלדאט און אמאָל אן אָפיצער, וואָס די אמת'ע אידישע סאָלדאטען האָבען אין רוסלאנד ניט געקענט זיך דערדינען.

מיר זיינען געווען צופרידען מיט׳ן חדר און מיט דעם רבי׳ן, ער האָט אונז כמעט קיין מאָל ניט באשטראָפט ווי אנדערע מלמדים אין יענער צייט. די גאנצע שטראָף זיינע איז באשטאַנען, אויב א איינגעל האָט ניט געוואוסט זיין לערנען, פלעגט ער ארויסרופען זיין חבר ער זאָל זאָגען און דער אונטערזאָגער פלעגט בעדארפען באשטראָפען דעם ניטוויסענדען מיט א פּאַטש אָדער צוויי פּעטש (דאָס האָט זיך געווענדט ווי גרויס איז געווען דער אונטערזאָגען). מיר פלעגט ער אָפט מכבד זיין מיט דעם כבוד. איך האָב דערפאר געהאט שונאים אין חדר, טאָן פלעג איך מיט אומצופרידענהייט, אמאָל איז מיר אויסגעקומען געבען א פּאַטש דעם אינגעל פון מיין פּאָטער׳ס שותף. קומענדיג אהיים האָב איך דערצעהלט דער מאמען, אז דער „וויינער" האָט געפּאַטשט דעם „פּריץ". (דעם פּאָטער׳ס שותף האָט מען ביי אונז אין הויז גערופען „פּריץ", ווייל ער איז געווען דער געלט־געבער אין געשעפט). די מאמע האָט זיך דערשראָקען, זי האָט געמיינט אז מיין פּאָטער האָט זיך צושלאָגען מיט זיין שותף. האָב איך דערצעהלט, אז דער קליינער וויינער׳ל האָט געפּאַטשט דעם קליין פּאָריצ׳ל, ד. ה. דער רבי האָט מיר געהייסען דאָס טאָן, ווייל ער האָט די גמרא ניט געוואוסט. ביי אונז איז דאס געבליבען א ווערטעל: „דער וויינער פּאַטשט דעם פּריץ"!

## 18

# ווי אַמאָל האָט מען זיך געפּרעהט פון ראש חודש אלול ביז נאָך יום כפור

### ראש חודש אלול

„אין לך אדם שאין לו שעה” זאָגען אונזערע חכמים. יעדער מענש האָט זיך זיין גוטע צייט, אפילו חדר־קינדער האָבען אויך זייער גוטע צייט. דעם גאנצען יאָהר זיינען זיי פאַרשפּאַרט אין חדר, זומער דעם גאנצען טאָג און ווינטער ביז שפּעט אין אבענד, האָבען זיי אבער א גוטע צייט בין הזמנים, פון ראש חודש ניסן ביז נאָך פּסח, א חודש צייט, און פון חצי אלול ביז נאָך סוכות, כמעט גאנצע זעקס וואָכען, צי מען האָט דאָס געמאכט צוליב די קינדער זיי זאָלען אָפּרוהען אדער צוליב די מלמדים זיי זאָלען האָבען צייט צו מאכען זייער קנעלונג, נאָר ווי עס זאָל ניט זיין דערוויילע זיינען די קינדער פריי געווען, איבערהויפּט זומערדיגען בין הזמנים.

אומגעדולדיג האָבען מיר געוואַרט אויף דעם חצי אלול, ווען מיר וועלען פריי ווערען אויף זעקס וואָכען. שבת פון ר”ח אלול בענטשען ווערקט מיך די מאמע איך זאָל גיכער אויפשטעהן געהן אין שוהל, ווייל היינט בענטשט מען ר”ח אלול. איך האָב געמיינט אז די מאמע זאָגט מיר אָן א שמחה, אַז באַלד וועט זיין חצי אלול און מיר וועלען פריי געהן. בין איך מיט שמחה אויפגעשטאַנען און גיך געלאָפען אין שוהל, אומגעדולדיג געוואַרט ווען דער חזן וועט אָנהויבען זאָגען דעם יהי רצון פון ר”ח בענטשען, מיינענדיג אז דער חזן איז אויך אזוי צופרידען ווי איך און זאָגען דעם יהי רצון מיט שמחה. אָבער ווי ענטוישט בין איך געוואָרען, אז איך האָב דערהערט, אז דער חזן האָט א געשריי געטן יהי רצון מיט אזא

ווײנענדיגענן קול, אז באלד האָט זיך דערהערט א יאָמער פון דער ווייבערשער שוהל. איך בין א דערשראָקענער געוואָרען, מיינענדיג אז עס האָט עפּעס אן אומגליק געטראָפען ביי די ווייבער, בין איך באלד ארויפגעלאָפען אויף דעם ווייבערשען שוהל זעהן וואָס האָט דארטען געטראָפען. איך זעה אז די מאמע וויינט אויך, האָב איך איהר געפרעגט: וואָס באדייט דער געוויין? האָט זי מיר געזאָגט: — מיין קינד, היינט בענטשט מען ר״ח אלול, א חודש פאר ימים נוראים, מען דאַרף וויינען און בעטען ביי גאָט ער זאָל אונז געבען א גוטען יאָהר, דערום זאָלסטו פון היינט אָן דאווגען גוט און זאָגען תהילים אלע טאָג ביז נאָך יום כפּור, מען טאָר זיך ניט שפּילען ווי דעם גאַנצען יאָהר.

פינסטער איז מיר געווארען אין די אויגען פון איהר ענט־פער. — אָט האָסטו זיך א סוף הזמן!

שבת דעם גאנצען טאָג בין איך געזעסען פאראומערט, טראכטענדיג מיט וואָס עס שמעקט דער סוף הזמן. עס איז דאָך פיעל ערגער פאר דעם „חדר״ פון א גאנץ יאָהר. און מיין שרעק איז ניט געווען אומזיסט. דעם ערשטען טאָג ר״ח אלול נאָכ׳ן דאווגען איז ארויף אויפ׳ן בימה משה דער שוסטער, דאָס איז געווען אן אַדעריגער אידעל מיט גאַנץ לאַנגע פּאות, ארומעגבונדען מיט א גארטעל מיט׳ן טלית אריבער קאָפּ— ער איז געווען דער שטענדיגער תהילים־זאָגער אלע שבת נאָך שלש סעודות, אויך תהילים זאָגען פאר א חולה און געהן מיט די תלמוד תורה קינדער צו א לויה און שרייען „צדק לפניו יהלך״. ער האָט געקענט דעם גאַנצען תהילים אויף אויס־ווייניג, — אָט דער משה דער שוסטער האָט א פּאַטש געטאָן איבער דער בימה און אויסגעשריגען — זאָגט אידען תהילים! און אָנגעפאנגען „אשרי האיש״, אלע האָבען געזאָגט פּסוק ביי פּסוק צעהן קאפּיטלעך. מיר איז אראָפּ א שטיין פון האר־צען, אז מיר זיינען יוצא געווען מיט צעהן קאפּיטלאך, וואָס וואָלטען מיר געקענט טאָן אז משה דער שוסטער וואָלט

הייסען זאָגען דעם גאנצען תהילים? נאָכדעם האָט מען א בלאָז געטאָן שופר, אזוי האָט זיך געפיהרט דער גאנצער חודש אלול. שפּילען זיך איז שוין אונז אין קאָפּ ניט געלעגען, און טאַקע ווי קען מען זיך שפּילען אין אזעלכע הייליגע טעג ווי אין דעם גאנצען יאָהר?

האָבען מיר געפונען א הייליגע שפּיל, לערנען זיך בלאָזען שופר. ביי טאָג פלעגען מיר אריינגעהן אין שוהל ארויסנעמען דעם שופר פון ארון קודש (וואו דער שמש פלעגט איהם באַהאלטען) און בלאָזען. אזוי האָט אונז אָפּגעגליקט עטליכע טעג ביז דער שמש האָט זיך דערוואוסט, האָט ער פארשלאָסען דעם שופר. אונז איז געוואָרען ניט גוט. וואָסט טוט מען, וואו נעמט מען א שופר? נאָר מיר זיינען דאך געווען קינדער מיט גמרא קעפּ, האָבען מיר געפונען אן עצה. אזוי ווי די שטעקלאך פון די קירבעס־בלעטער זיינען פּוסטע און קרומע אויסגעבויגען ווי א שופר, דארף מען פּרואווען בלאָזען מיט זיי. מיר האָבען א פּרואוו געטאָן, גוט, ס'געהט! ס'בלאָזט זיך ריכטיג ווי פון אן אמת'ן שופר, האָט יעדער פון אונז געריסען די שטעקלאך פון די אייגענע גערטנער (וועלכער קליינשטעדטעלדיגער איד האָט דאָס ניט א גאָרטען מיט קירבעס?) האָבען מיר געהאט שופרות דיינו! געמאכט א חורבן אין די אייגענע גערטנער און דערנאָך אז עס האָט אויסגעפעלט, האָבען מיר זיך געפונען א התר אריינכאַפּען זיך אין פרעמדע גערטנער און קיין שופרות האָט אונז ניט געפעלט. איך האָב מיין קינסטלערשען שופר פון האַנט ניט געלאָזען, געהאלטען אין איין בלאָזען. די תקיעות האָב איך שוין געמאכט ניט ערגער פון אונזער בעל תקיעה, נאָר דעם שברים מיט דער תרועה איז מיר אָנגעקומען זעהר שווער, עפּעס דער צונג פלעגט זיך פארטשעפּען, נאָר איך האָב געהאָפּט אז איך וועל דאָס קענען ביז ראש השנה, נאָר מיט האָט אן אומגליק געטראָפען, מיין פאָטער האָט זיך דערוואוסט, אז מיר רייסען די קירבעס שטעקלאך אין פרעמדע גערטענער, האָט ער מיר געזאָגט, — דו

וויסט דעם דין, אז מיט א גע׳גנב׳טען שופר טאָר מען ניט בלאָזען? לכן מהיום והלאה פארווער איך דיר צו בלאָזען, און האָט אָפּגענומען ביי מיר די טרובקע־שופר און צובראָכען. איך בין געבליבען אין מיטען מיין ארבייט און געוואָרען אויס בעל תקיעה. איך האָב באדויערט דערויף, און מיר פארדריסט נאָך איצט אויך, וואָס מיין פאָטער האָט מיר ניט דערלאָזען ווערען א בעל תקיעה. איצט דאָ אין אמעריקע איז דאָס פון די גרויסע מעלות, וואָס עס פאָדערט פון א כלי קודש, א שוחט דארף זיין א בעל תקיעה (א בלאָזער, זאָל בלאָזען פון זיך), דאָס איז חשוב׳ער ווי זיינע לומדות. אין די הודעות פון די צייטונגען שרייבט מען — מען פאָדערט א שוחט א בעל קורא, א בעל תפילה און בעל תקיעה. די מעלות דערמאָנט מען, מען דער־מאָנט ניט אז דער שוחט זאָל זיין א למדן, ס׳איז רעכט אז ניט, אבי ער קען גוט בלאָזען. אָט וואָס מיין פאָטער האָט מיר גע־טאָן, וואָס ער האָט צובראָכען דעם קירבעס שטעקעל דעם שופר, בין איך געבליבען אויס בעל תקיעה עד היום הזה.

## 19
## די ערשטע סליחות

„צרות האחרונות משכחות את הראשונות״, די לעצטע צרות מאכען פארגעסען די ערשטע. ווען ס׳איז געקומען די סליחות־טעג איז מיר אזוי פארגאנגען, אז איך האָב פארגעסען אויף דער צרה פון מיין צובראָכענעם שופר. דער שבת וואָס פאר די ערשטע סליחות, האָט מיין פאָטער מיר געהייסען אז איך זאָל זיך לייגען שלאָפען נאָך ווארמעס, ווייל אין מיטען נאַכט וועט מען באדארפען אויפשטעהן געהן אין שוהל זאָגען סליחות. איך האָב געמוזט געהן שלאָפען, נאָר עס האָט זיך מיר ניט געשלאָפען, געלעגען אין צרות א פאָר שטונדען, ווי דער משורר זאָלט „אני ישנה ולבי ער״, דוכט זיך איך שלאָף, אָבער מיין האַרץ איז וואכעדיג. און אזוי בין איך געלעגען ביז מיין פאָטער איז אויפגעשטאנען. איך האָב זיך באלד

אראָפּגעכאַפּט פון מיין גלעגער מיינענדיג, אז איך מעג שוין געהן שפּילען, ערשט וואו, וואָס? נעכטיגער טאָג! דער טאַטע הייסט מיר נעמען די גמרא, געלערענט האָב איך בבא מציאה, האָט ער מיר אויפגעמישט די שיטה פון „תגרי לוד״. מיין פאָטער האָט מיר געלערענט מיט אזא התלהבות, מיט אזא התפעלות פון די קונציגע דרעהדלאך פון די תגרי לוד, ווי זיי פלעגען אָפּנארען די קונים, און עס זאָל ניט זיין קיין מקח טעות, דער קונה זאָל ניט קענען חרטה האָבען, אבער מיין פאָטער האָט געהאט א „מקח טעות״ מיט מיר. ער האָט גע־מיינט, אז איך ווער אויך נתפעל פון דער גמרא אזוי ווי ער, האָט ער א טעות געהאט. איך האָב גאר געקלערט ווי אזוי דרעה איך זיך ארויס, איך זאָל קענען געהן שפּילען? און איך האָב אויך א טעות געהאט, דער טאַטע האָט מיך אָפּגעהאל־טען ביי דער גמרא ביז מנחה.

נאָך שלש סעודות זיינען מיר אוועק אין שוהל צו מעריב. די שוהל איז געווען געפּאַקט מיט מענשען, גרויס און קליין און געזאָגט תהילים מיט משה דעם שוסטער, פּסוק ביים פּסוק ביז מעריב. נאָך מעריב האָט מאָטע דער שמש אויסגערופען — אז דריי א זייגער פארטאָג וועט מען זאָגען סליחות. ר׳ מאָטע שמש איז דערמיט ניט יוצא געווען, פארטאָג איז ער ארומגע־גאנגען מיט זיין הילצערנעם האַמער מיט וועלכען ער פלעגט קלאַפּען יעדען טאָג אין דער פריה אין די אידישע לאָדען מען זאָל געהן דאווענען, איז ער די נאכט ארומגעגאנגען מבית לבית און האָט שטאַרק געקלאפּט אין די לאָדען מען זאָל אויפשטעהן צו סליחות, ער האָט זיך ניט געקענט פארלאָזען אויף דעם וואָס ער האָט אויסגערופען אין שוהל מען זאָל קומען דריי דעם זייגער צו סליחות, ווייל ווער האָט דאָס דאַן געהאט א זייגער ביי זיך אין שטוב? און ווידער „מעשה שטן״ מען קען זיך דוקא די נאַכט פארשלאָפען, דערום האָט מאָטע שמש געמוזט וועקען מיט דעם הילצערנעם האַמער, קלאַפּען אין די לאָדען, פון די קלעפּ האָבען מיר זיך אויפגעכאפּט מיט אזא אימפּעט,

ווי מען כאַפּט זיך אויף פון דעם קלינגען פון א גלאָק, וואָס וואָס מען קלינגט ווען א שרפה איז אין שטאָדט.

מיר האָבען זיך איילענדיג אָנגעטאָן און אוועק אין שוהל, לאָזענדיג אין דער היים מיינע א שוועסטער ש. א יאָהר צעהן. ס'האָט מיך געטרייסעלט אין קעלט, נאָר געגאַנגען מיט פעסטע טריט מיט אלע מענשען וועלכע מיר האָבען באַגעגענט איי־לענדיג געגאַנגען אידען צו סליחות מיט ווייב און קינדער. די שוהל איז געווען באלויכטען מיט גראָשענע ליכטלאך אין אלע הענג-לייכטער, אויך אויף די ברעגען פון די ביינק און אויף די שטענדערס צו באלויכטען די טונקעלע אָפּגעריבענע ווערטער פון די סליחות, וואָס זיינען אויסגעוויקט געוואָרען פון די טרערען וואָס יעדער איד פארגיסט אויף דער סליחה זאָגענדיג יעדען יאָהר, אויסגיסענדיג זיין ביטער הארץ פאר גאָט פאר דעם יום הדין אויף זיינע אייגענע צרות און אויף די צרות פון כלל ישראל, וואָס מען האָט זיך אָנגעליטען דעם גאנצען יאָהר. דער חזן איז שוין געשטאַנען לעבען עמוד, שוין אויסגעטאָן זיין וואָלענעם שאַליק פון האלז וואָס ער איז געווען ארומגעוויקעלט פון ראש חודש אלול אָן ביז נאָך יום כפור, ער זאָל חלילה ניט פארקיהלען זיך, האָט אָנגעטאָן א קיטעל מיט אַ ווייסע יארמולקע, די צוויי משוררים, הירשעל דער שוסטער און יאָסעל דער סטאָליער זיינען שוין געשטאנען פון ביידע זייטען, דאָס זיינען ביי איהם געווען די שטענדיגע ימים נוראים העלפער, זיי פלעגען אויפהויבען דעם חזן ווען ער פלעגט פאַלען כורעים יום כפור. זיי האָט דער חזן ניט באַדאַרפט לערנען ווי צו העלפען איהם, זיי פלעגען זייערע נגונים זינגען דעם גאנצען יאָהר ביי זייער ארבייט. דער חזן האָט מיט זיין גראָבען פינגער א דריק געטאָן זיין מאשינקע (דעם קנאָפּ פון זיין גאָרגעל) און אָן עפען געטאָן זיין מויל מיט א יאָמערדיגען קול א געשריי געטאָן „אשרי יושבי ביתך", באלד האָט זיך דערהערט א כליפּעריי, איבערהויבט פון דער ווייי־בערשערי שוהל. איך האָב מיט מיין קינדערשען מח ניט פאר־

שטאַנען וואָס האָבען זיי זיך צואווײנט דערהערענדיג דעם „אשרי” דוכט זיך מיר זאָגען דאָך אשרי דריי מאָל אלע טאָג און מען וויינט ניט, נאָר מיט דער צייט האָב איך א תירוץ געפונען, מען דאַרף זעהן וואו דער חמור שטעהט: שטעהט ער אין שטאַל איז דאס אן „אייזעל”, אבער אין קעלער, איז דאָס גאָר „וויין”, אזוי איז להבדיל מיט דעם אַשרי, אין „סדור” איז ער א פשוט׳ער, אבער אין „סליחה” האָט ער אן אנדער באדייטונג. צו די סליחות קומט דער איד אויסגיסען זיין הארץ פאַר גאָט, ער קלאָגט אויף זיין עבר, וואָס איהם האָט גע־טראָפען דעם יאָהר און דעם כלל ישראל, זיינע ברידער, וואָס האָבען געליטען צרות אין די גלות לענדער. פון זיינע אויגען פליסען טרערען ניט פון דער באדייטונג פון די ווערטער, וואָס ער זאָגט, ווייל פיעל ווייסען גאר ניט דעם פירוש המלות, ווען ער וואָלט דאן געזאָגט וביום „שמחתכם ומועדיכם”, וואָלט ער אויך געוויינט. ער וויינט גאָר ווייל אויפ׳ן הארצען איז איהם ביטער.

ביי אונז איז געווען א איד ז־ק., ווען ער פלעגט זאָגען תרגום פרייטאג, אז ער האָט מעביר געווען די סדרה, פלעגט ער פארגיסען טייכען טרערען, אז מען האָט איהם געפרעגט, וואָס וויינט ער? האָט ער געזאָגט — וואָס איז דאס ערגער פון א קאפיטעל תהילים? עס איז ניט גוט אויפ׳ן האַרצען וויינט זיך.

די ערשטע סליחות איז געווען מיט גרויס פּאַראַד, נאָר די איבעריגע סליחות איז געווען וואָכעדיגער, עס האָט געזאָגט א פשוט׳ער בעל הבית, אויך ווינציגער עולם, כאָטש דער שמש האָט יעדען טאָג אלעמען געוועקט, געקלאפט אין די לאָדען. מיר האָט די מאַמע געטריבען צו סליחות אלע טאָג. זי האָט געזאָגט — אז איך וועל זיך אויסשלאָפען נאָך ימים נוראים. אזוי האָט זיך געענדיגט די סליחות טעג.

20

## ערב ראש השנה אוןביידע טעג ראש השנה, אין דער היים און אין שוהל

ערב ראש השנה האָב איך באמערקט אין הויז אז מען גרייט זיך אויף א יום טוב, נאָר אנדערש ווי אלע ערב יום טוב. אפילו די חלה וואָס מען באקט האָט עפּעס אויך אַן אנדער פּנים, ניט א פּשוט'ע חלה, פון אויבען מיט א קנעפּלדיגע פלעכטעל נאָר עפּעס קיילעכדיג און ביידע שפּיצען פון די טייג איז פאַר־דרעהט איינס אויף דאָס אנדערע, ווי מ'פאַרדרעהט א פּוס אויף א פּוס. די מאַמע האָט געהייסען אויסרייניגען די הויז ווי ערב שבת און ערב יום טוב, אפילו אָנגעזאָגט מען זאָל אויס־שייערען איהרע מעשענע לייכטער פון ליכט בענשען לכבוד יום טוב, און עפּעס אלע געהן ארום פאַרטרויערט, אומעטיג. עפּעס איז דער יום טוב מסתמא ניט קיין פרעהליכער. קיין וואַרמעס האָט מען אויך ניט געקאָכט, מען פאַסט ביז האלבען טאָג. בייטאָג דער עולם לויפט אין מרחץ איילענדיג. אין מרחץ איז אויך ניט אזא געפּילדער ווי אלע מאָל. אנדערע געהן מעהר ניט טובל זיין זיך אין מקוה און דיינו. די קראָמען האָט מען פאַרמאַכט זייער פריה, פריהער ווי אלע ערב יום טוב און שבת. אז איך מיט מיין פאָטער זיינען געקומען פון מרחץ איז שוין אין הויז יום טוב'דיג געוועזן. דער טיש באדעקט מיט א ווייסער טישטוך און די בייגעל (דאָס איז דער נאָמען פון ראש השנה'דיגע חלה) זיינען געלעגען אויפ'ן טיש, אויך די געשייערטע לייכטער מיט ליכט.

נאָך איידער די זון האָט גענומען אונטערגעהן איז שוין די מאַמע געשטאנען יום טוב'דיג אָנגעטאָן נעבען די בענש-ליכט

און פאַרדעקט מיט בײדע הענט איהר פּנים, געבענשט ליכט. איך האָב געהערט אז זי װײנט, נאָכדעם האָט זי געזאָגט אלע־מען „גוט יאָהר״! ניט „גוט יום טוב״. איך מיט׳ן טאַטען זײנען באַלד אװעק אין שוהל, די שוהל איז געװען פול מיט מענשען, מעהר װי אלע יום טוב, װײל אויף די ימים נוראים טעג פאָהרען אָן אלע אידען װאָס װאוינען אין די דערפער מיט די װײבער און מיט די קינדער, מען לאָזט איבער די הײמען מיט׳ן גאנצען פארמעגענס און מען קומט אין שטאָדט דאַװנען און גאָט בעטען צוזאמען מיט אלע אידען. צו מעריב דאװנענ־דיג האָט זיך געהערט געװײן פון פיעלע. נאָך מעריב האָט אײנער דעם צװײטען געזאָגט גוט יום טוב, לשנה טובה תכתבו! דאָס זעלבע האָבען מיר געזאָגט אין דער היים קו־מענדיג פון שוהל. מיר האָבען זיך צוזעצט בײם טיש. דער טאַטע האָט געמאכט קידוש. עפּעס אלעם איז צוגעגאנגען מיט א יראת הקודש, נאָכדעם האָט ער אײנגעטונקט זײן המוציא אין האָניג און געזאָגט א „יהי רצון״, אז דער יאָהר זאָל זײן זיס װי האָניג, און דערנאָך די זעלבע געטאָן מיט א שטיקעל עפּעל און מיר אלע האָבען דאָס נאָכגעטאָן, דאָס איז געװען א מנהג ישראל, קײן ביטערע מאכלים איז אויפ׳ן טיש ניט ארויף.

בײדע טעג ראש השנה איז דער גאנצער עולם אָבגעזעסען אין שוהל ביז צװײ אזײגער נאָך האַלבען טאָג, געזאָגט מחזור, תפילות, אויפ׳ן קול. איך האָב געזאָגט מיט אלעמען גלײך, ניט װיסענדיג די באדײטונג דערפון, װי אלע גרויסע מענשען כמעט װאָס זײ זאָגען מיט גרוים התלהבות, מען שרײט, מען װײנט, ניט פארשטעהענדיג װאָס דאָס מײנט. אײן זאַך װײ־סען זײ, אז דאָס איז א הײליגע תפילה פאר גאָט. אין שמונה־עשרה צו מוסף, האָב איך געהאט גרוים עגמת נפש. זעהענדיג װי פילע גרויסע מענשען פארגיסען טרערען און איך ניט, גע־פּרואװט אלע סגולות איך זאָל אָנהויבען װײנען, געקניפּען זיך די באַקען, דערמאָנט זיך אויף אלע שלעכטע אומעטיגע

זאכען צו באקומען א פּאָר טרערען, און ניט פון אָרט, עס וויינט זיך ניט בשום אופן! נאָר אז איך האָב אנגעהויבען זאָגען „איזה לחיים ואיזה למות", דאָס האָט מיר אביסעל גערירט מיין הארץ און עס איז ביי מיר געבארען געווארען א פּאָר טרערען וואָס האָבען אראָפּגערונען אויפ'ן סידור. די פּאָר טרערען האָבען געשיינט פאר מיר ווי דימענטען. איך האָב זיך דערפון אזוי דערפרעהט, אז איך האָב פון שמחה מעהר ניט געקענט וויינען. איך האָב געהאלטען דעם סידור אָפען אויף יענעם בלאט ביז וואנען די טרערען האָבען אָפּגעטרי־קענט און דאַן געענדיגט די שמונה־עשרה, נאָר צו דער תפלה „ונתנה תיקף" האָב איך שוין באקומען טרערען אָהן מאטער־ניש, דער יאָמער פון דער ווייבערשער שוהל האָט מיין האַרץ צובראָכען.

נאָך ווארמעס האָט זיך מיין פאָטער ניט געלייגט שלאָ־פען ווי ער פלעגט טאָן יעדער שבת און יום טוב, און מיר אויך ניט געלאָזען שלאָפען. ער האָט מיר געזאָגט: — אז אונזערע הייליגע ספרים זאָגען, דער וואָס שלאָפט ראש השנה, פארשלאָפט ער דעם מזל. איך ווייס אפילו ניט וואָס האָט מיין פאָטער אזוי שטארק מורא געהאט ער זאָל חלילה ניט פאַרשלאָפען דעם מזל, וואָס מיר האָבען געהאט? עס וואָלט קיין גרויסער אומגליק ניט געווען.

מיר זיינען אוועק אין שוהל, די שוהל איז שוין געווען פול מיט מענשען, מען האָט געזאָגט תהילים, ווער עס האָט גע־לערענט גמרא, משניות, ליידיג איז מען ניט געזעסען. באטראכט נאָר דעם אונטערשייד פון דעם אידישען ראש השנה ביז דעם ניט אידישען נייי־יאָהר, דער איד פארברייינגט זיין יום טוב פון דעם נייעם יאָהר אין תפילות און תורה, גאָט בעטען, ער פארוואָגעלט אפילו זיין שלאָף אין זיין רוהע־טאָג, אפילו צום עסען און טרינקען דערמאָנט ער גאָט'ס נאָמען, מען ווערט אין דעם טאָג פריינדליך איינער מיט דעם צווייטען, אבער וואָס טוען אנדערע (די ניט־אידען) מען עסט, מען טרינקט,

מען שיכורט, אָפּט קומט צווישען זיי קריג און געשלעג, דורכ־אויס זייער וואָכעדיג, ניטאָ קיין שום היילינגקייט. זיי לעבען זייער גשמי'דיג אָהן א ברעקעל רוחניות. נאָך מנחה איז דער גאנצער עולם, מענער, ווייבער און קינדער מיט די סדורים אין די הענט געגאנגען צום „תשליך" אויסטרייסלען די עבירות אין טייך וואָס מען האָט אָנגעקליבען דעם גאנצען יאָהר (אָפּ־טרייסלען די אלטע עבירות וועט מען קענען זינדיגען פון דאָס נייי) אָהן טרחה, אָהן געלט, ווערען א ריינער מענש אָהן זינד. דער גאנצער עולם האָט זיך צושטעלט ביים ברעג טייך, גע־זאָגט מיט חשק די תשליך־תפלה, אָפּגעטרייסעלט די פּאָלעס פון די קליידער, די מהדרים האָבען נאָך אויסגעטרייסעלט די קעשענעס אויך (קענטיג אז זיי האָבען געוואוסט וואָס זייערע קעשענעס זיינען ניט ריין פון זינד). אלע עבירות די גרויסע און די קליינע אריינגעוואָרפען אין וואסער, אוועק אין טיפען ים. די וואסער איז זיך געגאנגען רוהיג ווי שטענדיג, ניט ווי־סענדיג, וואָס די זינדיגע מענשען האָבען אריינגעוואָרפען דאר־טען אזוי פיעל שמוץ. די וואַסער איז קלאָר פארבליבען ווי פריהער. מיר קליינע קינדער אומשולדיגע, ריינע פון זינד, האָבען מיר אויך נאָכגעטאָן, וואָס די גרויסע טוען, אויך גע־טרייסעלט די פּאָלעס פון אונזערע קאפּאָטקעלאך, געטרייסעלט די אומשולדיגע ריינע קעשענעס און אויך פרעהליך אוועק מיט אלעמען אהיים. אנדערע האָבען גערעדט צווישען זיך וועגען דעם חזנ'ס תפלות וועגען בעל־תקיעה, אנדערע וועלטליכע פּאָליטיקע, פארבראכט א קורצע צייט אין דער היים און ווייטער אין שוהל.

דער צווייטער טאָג ראש השנה איז געווען אָהן השתנות פון ערשטען טאָג, נאָר אָהן תשליך.

21

## צום גדליהו (מאָרגען נאָך ראש השנה)

דער תענית „צום גדלי׳ ” וואָס מען פאַסט, אויף מאָרגען נאָך ראש השנה, דאָס איז אן אנדיינקונג פון אַמאָל פאר דעם ערשטען חורבן בית המקדש, האָט מען גע׳הרג׳עט „גדליהו בן אחיקים”, וועלכען דער קעניג פון בבל נבוכדנצר, ווען ער האָט פארטריבען די אידען אין בבל, האָט ער איבערגעלאזען פיעל אידען פון דעם המון עם אין ארץ ישראל און געמאכט פאר א נציב א וויצע־קעניג אָט דעם גדליהו׳ן, האָט איהם ישמעאל בן נתניה גע׳הרג׳עט, דערום פאַסטען איצט אויף דעם אלע אידען.

דער תלמוד זאָגט א ווערטעל „הכל במזלא תליא, אפילו ספר תורה שבהיכל”, אלץ ווענדעט זיך אָן מזל, אפילו די ספר תורה, וואָס אין ארון קדש פון שוהל. עס איז דאָ פיעל ספרי תורות, וועלכע שטעהען אָפּ דעם גאנצען יאָהר אין ארון קודש פאר׳יתום׳טע, מען באמערקט זיי גארניט, מען לייענט אין זיי קיינמאָל ניט, אפילו מאָנטאג און דאָנערשטאג אויך ניט, און אנדערע ספרי תורות זיינען באפוצט מיט גאָלדענען קרוינען, מיט גאָלדענע גלעקעלאך, עס קלינגט ווען מען נעמט זיי ארויס. אלע קושען זיי, מען לייענט אין זיי שבת און יום טוב און די איבעריגע שטעהן פארוואָרפען אין א ווינקעל פון ארון קודש אין אלטע בגדים דעם גאנצען יאָהר און אפילו שמחת תורה, ווען מען טיילט די הקפות און מען נעמט זיי ארויס צו איינ־טיילען אלעמען כבודים (יעדער מוז האָבען אן הקפה), אז מען דערמאָנט זיך שוין יע אָן זיי איז וועמען טיילט מען זיי איין? די ארעמע ליט, די קליינע קינדער, זיי פעלט די צערטליכקייט וואָס מען ווייזט די רייכע ספרי תורות, וואָס די נגידים טראָגען. זיי קושט מען ניט ווי יענע. פארוואָס איז דאָס אזוי? דאָס איז

דאָך דיזעלביגע הייליגע תורה. דעריבער זאָגט דער תלמוד — אַז אלץ ווענדעט זיך אָן מזל, אפילו א ספר תורה! דאָס גלייכען איז מיט דעם תענית צום גדלי'. ביי אידען זיינען דערהרג'עט געווארען פילע צדיקים און קדושים, ווי די עשרה הרוגי מלכות, און פילע זיינען אומגעקומען אויף קדוש השם פון שווערד און פון פייער פאר אונזער הייליגע אמונה און מיט'ן שמע ישראל אויף זייערע ליפען האָבען זיי איבערגעגעבען זייערע הייליגע נשמות צו גאָט. אין אונזערע לאנגע גלות יאָהרען פאר יענע קדושים פאַסטען מיר ניט און פאר דעם טויט פון גדלי' בן אחיקם פאסטען מיר? איז דער זעלביגער תירוץ, עס ווענדט זיך אלץ אָן מזל, אפילו צום אומגליק, ווען מען ווערט גע'הרג'עט דארף מען אויך האָבען מזל. גדלי' האָט געהאט מזל, וואָס מען האָט איהם גע'הרג'עט אויף מאָרגען נאָך ראש השנה, דאָס איז די ימים נוראים'דיגע טעג, עשרת ימי תשובה, פילע פאסטען אזוי אויך, האָט מען געמאכט א תענית צום גדלי', אבער ווען מען וואָלט איהם הרג'ענען אין די זמן שמחתנו טעג, וואָלט נאָך איהם קיין תענית ניט זיין. אָט איז אלץ מזל! דאָס איז אלץ געזאָגט געוואָרען בדרך חלצה, אָבער דער אמת'ער תירוץ איז, ווי אונזערע חכמים האָבען געזאָגט: אז גדלי'ס טויט האָט אונז אָנגעטאָן פיעל מעהר שאָדען ווי דער טויט פון אנדערע קדושים וואָס זיינען אומגעקומען אויף קדוש השם. פון יענע אומגעקומענע קדושים האָבען מיר געהאט א שאָדען פון יחידים, אָבער ניט א שאָדען פון דעם גאנצען כלל ישראל, אָבער פון גדליהו בן אחיקם'ס טויט, האָבען געליטען דער גאנצער כלל ישראל אזוי ווי פון חורבן בית המקדש. דורך זיין טויט זיינען אלע אידען פארטריבען געווארען אין בבל אויף זיבעציג יאָהר און דער בית המקדש איז חרוב געווארען. אזוי ווערט דערצעהלט אין תנ"ך. אין דער צייט פון דעם קעניג „יהויכין" איז געקומען דער קעניג פון בבל נבוכדנצר האָט חרוב געמאכט ירושלים, פארטריבען די אידען מיט זייער קעניג יהויכין אין בבל, אבער ער האָט אי-

בערגעלאזען דאָרטען פילע פון די פראָסטע לייט און געמאַכט איבער זיי א קעניג גדליהו בן אחיקם, אונטער דער ממשלה פון בבל, דאן האָבען אלע אנטלאָפענע אידען צוריק געקערט זיך אין ירושלים און עס איז געווארען ווידער א אידישע ממשלה, אפילו זייער אן אָרימע, אבער מיט דער צייט וואָלט זי פארגרעסערט געווארען און די אידען וואָלטען געבליבען אין זייער לאַנד, אָבער אז דער רוצח ישמעאל בן נתניה האָט גע־הרג'עט גדליהו'ן איז נבוכדנצר אין כעס געווארען וואָס מען האָט גע'הרג'עט זיין וויצע־קעניג און האָט פארטריבען אלע אידען און עס איז געווארען אויס אידישע ממשלה, דערום האָט זיין טויט אנגעטאָן שאָדען דעם גאנצען כלל, פאסטען מיר אלע אויף זיין טויט. ווי אויף דעם חורבן בית המקדש, אבער נעמען פאַסטען פאר אלע אונזערע קדושים וואָס זיינען אומגעקומען אויף קדוש השם אין אונזערע גלות יאָהרען, וועלען די טעג פון יאָהר וויינציג זיין, אפילו מיר זאָלען פאַסטען פאר צעהנד־ליגער קדושים אין איין טאָג, ווייל ביי אונז זיינען דאָ קדושים גאָר אָהן א צאָהל. עס איז כמעט ניטאָ אויף דעם גאנצען ערד־קוגעל איין לאנד וואָס אויף איהר באָדען איז ניט פארגאָסען געווארען אידיש בלוט. דער איד איז געוועזן אין אלע צייטען גרייט זיך מקריב זיין אויף דעם מזבח פון זיין תורה און אמונה, און דאָס האָט איהם געגעבען קרעפטען צו עקזיסטירען אזא לאַנגע צייט און ניט אונטערגעהן ווי אנדערע שטארקערע און גרעסערע פעלקער זיינען אונטערגעגאנגען און ער בלייבט אן עם נצחי, אן אייביגע פאָלק.

# ערב יום כפור אין דער היים און אין שוהל

ערב יום כפור איז ביי אידען דער ערב יום הדין, ער בע־דאַרף זיך שטעלען פאר דעם „אל עורך דין” צום משפט, אָפּ־געבען דין און חשבון פאר אלע זיינע מעשים פון דעם גאנצען יאָהר. אונזערע חכמים זאָגען, אז דער טאָג דארף דוקא זיין א יום טוב טאָג, עס איז א מצוה צו עסען און טרינקען ערב יום כפור, אזוי ווי ס׳איז א מצוה צו פאַסטען יום כפור, — כל האוכל בתשיעי כאלו מתענה בתשיעי ועשירי, — דער וואָס עסט דעם נייגטען (ערב יום כפור) איז גלייך ווי ער זאָל פאַסטען דעם נייגטען און דעם צעהנטען (ד. ה. ערב יום כפור און יום כפור) ערב יום כפור און אין דער פריה נאָך דעם דאַוונען אין שוהל גיט איינער דעם צווייטען שטיקלאך לעקאך, דאָס איז, טאָמער איז וועמען באַשערט דעם יאָהר אנצוקומען צו מתנת בשר ודם ד. ה. צו צדקה נעמען, זאָל ער אָט מיט דעם שטיקעל לעקאך וואָס ער נעמט פון דעם צווייטען אָפּקומען. ערב יום כפור איז א מנהג ביי אידען עסען „קרעפלאך”*) צו וואַרמעס, מיט כפרה פון די עופות, וואָס יענעם אין דער פריה שלאָגט מען כפרות, מאנזבילען מיט העגער און פרויען מיט

---

*) קרעפּלאך עסט דער איד דריי מאָל אין יאָהר, אז ער שלאָגט כפרות, הושענא רבא, אז ער שלאָגט הושענות און פורים, אז ער שלאָגט המנ׳ען, (עס קען זיין דארום איז א קרעפּך מיט דריי עקען, ווייל מען עסט זי דריי מאָל א יאָהר), דאָס עסט דער איד ווען „ער שלאָגט”, איז מעהר ניט ווי דריי מאָל, אבער ווען ער זאָל עסען קרעפּכין ווען מען שלאָגט „איהם”, וואָלט ער באדארפט עסען אלע טאָג פון יאָהר, און אפשר עטליכע מאָל א טאָג, ווארום ווען שלאָגט מען דעם אידען ניט ? אלע טאָג קריגט ער קלעפּ !

הינער, אויך עסט מען פרוכטען כדי צו מאכען ברכות. די מצוה פון ערב יום כפור איז מיר מעהר געפעלען געוואָרען ווי אויפשטעהן אלע טאָג צו סליחות. אלע ווײלע פלעגט די מאַמע געבען מיר — א עפּעל, אַ באַר, אַ פלוים און ד. ג. — און זאָגען:

— נאַדיר מיין זוהן עס און מאך א ברכה, ס'איז א מצוה. איך האָב דאַן געקלערט: בעסער וואָלט זי מיר מכבד זיין מיט דער מצוה אלע טאָג, ווידער וועקען מיר אלע טאָג צו סליחות, נאָר אָט די גוטע צייט האָט זיך מעהר ניט געצויגען ביז אזייגער צוויי נאָך האלבען טאָג, דערנאָך האָט זיך די לאַגע איבערגע־ביטען, משמחה לתוגה, פון פרייד אויף טרויער, און אומעט האָט געשוועבט אין שטוב, ווייבער שכונות האָבען זיך צוזאמענ־געקליבען צו אונז אין הויז און אָנגעפאנגען מאכען וועקסענע ליכט אויף יום כפור, ליכט מיט פארשיידענע נעמען: תשובה ליכט, נשמה ליכט, לאנג לעבעדיגע ליכט, תפלה ליכט — און אז זיי האָבען אריינגעלייגט די קנויטלאך אין די וואקס, האָ־בען זיי תחינות געזאָגט מיט געוויין.

איך בין געזעסען אין א ווינקעלע א פארצווייפעלטער, ניט געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר, צוליב וואָס דארף מען די ליכט, און וואָס בעדארף מען וויינען, אז מען מאכט ליכט? די אר־בייט האָט געדויערט א פאָר שטונדען, יעדע פרוי האָט דער־נאָך גענומען איהרע ליכט און איז אוועק. מיט זייער אוועק־גאַנג איז מיר געוואָרען ליכטיג אין די אויגען.

מיין פאָטער איז געקומען אהיים, זיינען מיר אוועק אין באָד. דאָרטען האָב איך אויך באמערקט, אז דאָס איז ניט ווי אלע ערב יום טוב, צי ערב שבת, עפּעס ניט אזא געדרודער ווי תמיד, און דער עולם אײלט זיך, אנדערע לויפען מעהר ניט אריין אין מקוה, מען איז זיך טובל און דיינו.

קומענדיג פון מרחץ האָט די מאמע אונז גאָרנישט געגעבען צו פאַרזוכען פון די מאכלי יום טוב ווי זי טוט תמיד, נאָר דער טאַטע האָט זיך איבערגעטאָן אין בגדי יום טוב און אַוועק מיט מיר אין שוהל דאווענען מנחה. די ערב יום כפור'דיגע מנחה

איז געוועזן אנדערש פון אלע מנחות פון א גאנץ יאָהר. אין דער מנחה גיט מען פאַרזוכען פון יום כפור׳דיגע מאכלים, מען זאָגט אשמנו, על חטא, עס שמעקט שוין מיט דעם יום הדין.

אז מיר זיינען ארויף אויפ׳ן שוהל־הויף בין איך דערשראָקען געוואָרען. איך האָב דערזעהן פאר זיך א משונהדיקע בילד, דער שול־הויף איז פארוואנדעלט געווארען אין א מאַרק, אין א יאַריד, מ׳ שרייט, מ׳פילדערט מיט משונהדיגע קולות, זידלעריי, געבעט, פון גרויסע, פון קינדער, מאנזבילען, פרויען, גאנצע מחנות.ביידלאך מיט פערד, מיט וועגען שטעהן דארטען ווי אויף א יאַריד, דאָס זיינען די מחנות ארימעלייט מיט זייערע פאַמיליעס וועלכע וואנדלען ארום דעם גאנצען יאָהר איבער דער וועלט (ווי דער זיידע „מענדעלי מוכר ספרים״ באשרייבט זיי אין זיין בוך „פישקע דער קרומער). ערב יום כפור קומען זיי זיך צונויף אין די שטעדט און שטעדטלאך גאנצע מחנות, שטעלען זיך אויפ׳ן שוהל־הויף, זיי ווייסען אז אידען קומען אלע ערב יום כפור מנחה דאוונען און יעדער איד האלט אָפען זיין האַנט צו געבען נדבות, צדקה פאר דעם יום הדין. שטעלען זיי זיך אוועק אין שורות פון ביידע זייטען הויף, אז דער איד וואָס געהט אין שוהל קען זיי ניט אויסמיידען. אייניגע שטעהען, אנדערע זיצען אויף דר׳ערד, ווער מיט א טעלער און ווער שטרעקט אוים די האנט צו בעטען. מען לאָזט ניט דורך „איין דורכגעהער, מ׳שלעפט, מ׳רייסט פאר די פאָלעס, מ׳שרייט מיט קולות, יעדער מיט זיין מענה לשון פון געבעט צו דערוועקען רחמנות ביי די דורכגעהער: — גיט א קאַליקען! און ווייזט אָן דעם מום וואָס ער האָט, אן אלמנה מיט יתומים, א נשרף, הכנסת כלה און נאָך אזעלכע טענות. קוים האָט דער דורכגעהער אריינגעלייגט זיין האנט אין קעשענע, ווערט ער באַפאַלען פון אלע זייטען: מ׳צופט איהם, מ׳רייסט אים, שרייענדיג מיט קולות: — ר׳ איד, גיט מיר אָן מיר איז מעהר מצוה. שווער קומט אָן ארויסרייסען זיך פון זיי. צו קומען צום שוהל, אז מען האָט זיך שוין אָפגעפאַרטיגט מיט זיי, אבער אריין אין

שוהל קענט איהר נאָך ניט אזוי גיך — ר׳ איד איהר ווילט אריין אין גאָט׳ס הויז פאר דעם יום הדין גאָט בעטען, טריי-סעלט אויס פריהער אייערע קעשענעס.

אין פאָרהויז פון שוהל (פּאָליש בלע״ז) זיינען דארט אויך געזעסען מקבלים פון צדקה, נאָר א העכערער סאָרט צדקה נעמער ניט קיין קבצנים, נאָר די בעלי בתים פון שטאָדט, די כלל-טוער מיט די כלי קודש. אלע זיינען געזעסען ארום א לאַנגען טיש פארשפרייט מיט אן אלטען פּרכות, אויסגעשטעלט מיט טעלער (ניט מיט כבוד) אויף זיי איז געלעגען צעטלען אָנגעשריבען מיט גרויסע אותיות אויף וואָס די צדקה-געלט געהט. למשל, עליות-געלט, צדקה גדולה, ר׳ מאיר בעל הנס, תלמוד תורה, בקור חולים, גמלות חסדים, הכנסת אורחים, לחם אביונים און נאָך ד. ג. היינט טעלער פאר די כלי קודש: חזן, שמש, אונטער שמש, בעל תקיעה, בעל קורא, בעל שחרית. אלץ טעלער מיט צעטלען, אז מען האָט ניט באַדארפט זאָגען און בעטען, דער צעטעל האָט שוין גערעדט, און ווילענדיג צי ניט-ווילענדיג, אז מען געהט פארביי מוז מען זיך אָפּרעכענען מיט אלע טעלער, יעדער איד פיעל ער קען. איידער מען געהט גאָט בעטען מוז מען זיך אָפּרעכענען מיט לייטען. די מדה פון צדקה איז ביים אידען העכער און גרעסער ווי ביי אנדערע נאַציאָנען. זיינע גלות יאָהרען האָבען איהם פיעל געלערענט ער זאָל מיטלייד האָבען מיט דעם ליידענדען, מיט דעם גע-דריקטען, ער גיט צדקה אויף אלץ און אלעמען, זאָגט קיינעם ניט אָפּ.

מיין פאָטער האָט זיך פאַנאַנדערגעצאָלט מיט אלעמען און געוואָלט אריין אין שוהל. שטעה ! דו ביזט נאָך ניט פארטיג. נעבען טיהר שטעהט דער שמש מיט א רימען אין האנט (ניט חלילה א פשוט׳ער רימען, נאָר אן אלטע רצועה), ווי דער מלאך מיט׳ן שווערד לעבען טיהר פון גן-עדן און לאָזט ניט אריין. אָט דער שמש פאַרלאַנגט ניט מעהר און ניט וויניגער מען זאָל זיך לייגען אויף דר׳ערד אויף די ביסעל היי וואָס איז

אויסגעשפרייט און ער וועט איהם אָפּציילען ניין און דרייסיג שמיץ מיט זיין רימען. (אמת א היילינער רימען, א רצועה פון תפילין). נעבען איהם איז געשטאַנען א טעלער מיט אן אויפ־שריפט — „מלקות געלט", און יעדער איד וואָס וויל אריין אין שוהל מוז זיך נעבען לייגען און דער שמש וועט איהם אָפּ־ציילען די ל"ט מלקות (אפילו ער צעהלט ניט פראָסט, איינס, צוויי, נאָר פון א פסוק (והוא רחום יכפר עון) און דערנאָך האָט דער געשמיסענער געמוזט אריינוואַרפען א מטבעה דעם שמש אין טעלער פאר'ן שמייסען, לוקה ומשלם, שמייסען און באַצאָלען. אז מיין פאָטער האָט זיך געלייגט צום שמייסען, האָב איך זיך שטילערהייט אריינגערוקט אין שוהל, איך האָב מורא געהאט דער שמש זאָל מיר אויך ניט הייסען לייגען זיך, און פאַר דעם האָב איך מורא געהאט. איך האָב נאָך ניט פאַר־געסען וואָס מיינע רביים האָבען געטאָן, אז מיין פאָטער איז אריין אין שוהל האָב איך איהם געפרעגט — פארוואָס האָט מען איהם געשמיסען, און ער האָט נאָך באַצאָלט דערפאר? הייסט דאָס אז איהר גרויסע מענשען זייט צופרידען ווען מען שמייסט אייך. מיר קליינע קינדער זיינען ברוגז דערפאר. מיין פאָטער האָט מיר געגעבען צו פארשטעהן, אז דאָס שמייסט מען ניט אויף אן אמת, דאָס איז מעהר ניט אן אָנדענקונג פון אמאָל, אַמאָל פלעגט מען א זינדיגען שמייסען מלקות און היינט טאָמער איז א מענש זינדיג קומט מען אָפּ דערמיט, און דאס איז מעהר ניט ווי א מנהג.

מיט יאָהרען שפּעטער, אז איך בין שוין געווען א יונגער־מאַן און מען האָט מיך שוין אויך געשמיסען מיט אלע אידען צו־גלייך, האָב איך געזעהן ביי אונז אין שטעדטעל סווים, ערב יום כפור האָט זיך אין מיטען די שמיץ אויפגעכאפּט דער געשמיסענער (אין יענער צייט אן אריסטאָקראט געווען) און אָנגעפאנגען זידלען דעם שמש, שרייענדיג — שוטה איינער וואָס שמייסטו אזוי שטארק? דאָס איז דאָך מעהר ניט פון זכר ווענען.

איך ווייס ניט עד היום וואָס האָט ער אזוי געשריען, צי דער שמש האָט איהם טאקע גוט געשמיסען, ווייל ער האָט געוואוסט, אז ער איז ווערט גוטע שמיץ אדער ווייל אן אריס־טאָקראַט וויל ניט ליידען א שמיץ פון א אידען. נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, האָט אמאָל אפילו דער אריסטאָקראט זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט פון א אידישען מנהג און געלייגט זיך לאָזען שמייסען (איז ניט שטראק) גלייך מיט אלע פרומע אידען. היינט אפילו פרומע אידען ווילען אויך ניט מען זאָל זיי שמייסען. צייטען בייטען זיך. אמאָל האָט זיך דער איד געלאָזען שמייסען, פון קינדווייז אָן האָט מען איהם צוגעוואוינט צו שמיץ, דער רבי אין חדר, פון זיינע רביים, אין שוהל פון שמש, און אמאָל פלעגט טרעפען דער איד פלעגט געשמיסען ווערען פון זיין פריץ וואו דער איד איז געזעסען. איצט וויל מען דאָס ניט ליידען.

נאָך מנחה, מען האָט אָפּגעקלאָפּט אין הארצען „על חטא" איז מען געשמיסענע מיט ליידיגע קעשענעס געלאָפען אהיים צופרידענע, יוצא געווען פאר גאָט און פאר לייטען, מיט הערצער פול מיט בטחון, אז גאָט וועט צוהערען זיך צו זייערע תפילות און וועט אנ'חת'מענען א גוטען יאָהר. איז מען גע־גאַנגען עסען די סעודה המפסקת פארפאסטען זיך אויף א גאנ־צען מעת לעת.

די סעודה המפסקת איז באַשטאַנען פון זופּ מיט אַ שטי־קעל פלייש פון די כפּרות מיט „א חלה-לייטער" (די חלה פון ערב יום כפור איז געמאכט געוואָרען ווי א לייטער). די חלה־לייטער איז א זכר פון דעם לייטער וואָס יעקב אבינו האָט גע־זעהן אין חלום ווי מלאכים קריכען אויף איהם, ווייל יום כפור איז דער איד גלייך צו א מלאך, ריין פון זינד. ביים עסען איז ניט אזוי פרעהליך געווען ווי יעדען טאָג. צום בענטשען האָט זיך שוין געהערט א זיפץ, א קרעכץ פון מיין פאָטער. די מאַמע האָט צו ליכט בענטשען געוויינט, פון צווישען איהרע פינגער וואָס זי האָט באַדעקט איהר פנים האָבען זיך ארויסגעקיי־

קעלט טרערן. דער טאַטע האָט אויסגעטאָן זיינע שטיוועל און אָנגעטאָן א קיטעל מיט א טלית און געבענטשט אונז אלע־מען, א קוש געטאָן די מזוזה און מיר זיינען אלע אוועק אין שוהל אָהן שיך אין זאָקען אליין. מיר האָט מען געגעבען טראָ־גען דעם מחזור די מאמעס תחינות און די וועקסענע ליכט. אין שוהל זיינען געשטאַנען צוויי לאַנגע טישען אָנגעשאָטען מיט זאמד, דאָרטען האָבען אלע זייערע ליכט אריינגעשטעקט. דער עולם איז אין שוהל ליידיג ניט געזעסען, מען האָט געזונגט תהילים, תפלה זכה ביז כל נדרי.

## 23
## יום כפור ליכט, כל נדרי מעריב, תפילות בייַנאַכט און אויף מאָרגען

די וועקסענע ליכט אויף די טישען אנגעשטעקט פיעל ווי (להבדיל) ביי מיין ראקאווער רבי אין גאָרטען די פלעקער, וואָס אויף זיי האָבען זיך געדרעהט די גאָרטען בעבלאך. אז די ליכט האָבען זיך צוברענט האָבען זיי זיך אָנגעהויבען שמעלצען, איז געוואָרען אין שוהל א טשאַד מיט א רויך, עס האָט געכאפּט פאר׳ן קאָפּ. עס וועלען איצט פרעגען פילע, וואָס איז דאָס געווען פאר א מנהג אָנפיהלען גאָט׳ס הויז מיט טשאַד און רויך, איז דען דאָס א ריח ניחוח פאר גאָט? אָבער איהר באַ־טראַכט גוט וועט איהר זעהען אז פיעל הייליגקייט איז געלעגען אין דעם מנהג, ווי דער איד איז באַגייסטערט געוואָרען, ווען ער האָט געזעהן ווי זיין תשובה ליכט, זיין נשמה ליכט ברענט. אָט אין די פלאַמען פון די ליכט ווי זיי ציהען זיך אין דער הויך, האָט ער געזעהן ווי אין זיי פלעמען זיך די הייליגע, ריינע נשמות פון זיינע עלטערן. די ליכט פיהלען זיינע וועהטאָגען, זיין צער, זיי העלפען איהם וויינען אויף זיינע אבלות און פאר־גיסען זייערע וועקסענע טרערן אויף די אויסגעלייטערטע הייליגע נשמות. מיט איין וואָרט, די ברענענדיגע ליכט האָט

ארויסגעפיהרט דעם אידען אין יענער צייט פון דעם עולם החומרי אין עולם הרוחני, אָט דעם רויך מיט דעם טשאַד האָט דער איד גאָר ניט געפיהלט, און ביי דעם רבש"ע איז דאָס אויך געווען אנגענומען ווי די בעסטע בשמים פון קטורת.

אמאָל ווען אידען האָבען געבראכט קרבנות אויף דעם מזבח, זאָגט אונזער תורה, אויב אן ארימער מענש וועט ברייג-גען א טייבעלע פאר א קרבן אויפ'ן מזבח, זאָל מען זי פאר-ברענען מיט די פעדערען אין גאנצען — דאָס איז געוויס, אז דער ריח פון געברענטע פעדערען איז פיעל ערגער ווי דער ריח פון געשמאָלצענע וועקסענע ליכט, און ביי גאָט איז דאס געווען אָנגענומען ווי דער ריח פון די בעסטע בשמים, וועלכע מען האָט געדויכעט אין בית-המקדש, ווייל גאָט קוקט ניט פון וואָס דער קרבן איז צי פון א פעטען אָקס צי פון א קליין, מאַ-גערע טייבעלע צי פון גוטע שמעקענדיגע בשמים, צי פון פאר-ברענטע פעדערען. גאָט קוקט נאָר אויף דער הארץ פון דעם וואָס ברייגגט דעם קרבן. אויב זיין הארץ איז גוט, ווערט דער קרבן אָנגענומען. גלויב איך זעהר, אז ביי גאָט איז טייערער און ליבער געווען דער רויך מיט דעם טשאַד פון די וועקסענע ליכט וואָס אונזערע עלטערען האָבען געבראכט אין גאָט'ס הויז, מיט זייער גוטער, ריינער הארץ האָט דאס בעסער גע-שמעקט ווי די איצטיגע גוטע ריחות פון פּערפיום, וואָס די פרויען באשפּריצען זיך און קומען אין זיין הויז צו כל נדרי.

ווען די זון האָט זיך אראָפּגעלאָזען אין מעריב זייט, איהרע גאָלדענע שטראַהלען האָבען שוין טונקעל באלויכטען די פענס-טער פון שוהל איז דער שמש ארויף אויף דער בימה און גע-געבען א פּאַטש ס'זאָל שטיל ווערען. ס'איז שטיל געוואָרען, מען האָט פארמאַכט די תהילים'ס מיט די תפלה-זכות און גענומען די מהזרים אויף זאָגען כל נדרי. אלע זיינען געשטאַנען באימה וביראה, אָנגעטאָן אין די קיטלען מיט די טליתים. דער חזן מיט די משוררים זיינען צוגעגאַנגען צום עמוד, און צוויי אַלטע לייט האָבען ארויסגענומען פון ארון קודש צוויי ספרי

תורות באפוצט אין ווייסע מענטעלאך מיט זילבערנע קרוינען און געשטעלט זיך נעבען חזן, דאַן האָט דער חזן אָנגעהויבען כל נדרי מיט דעם נוסח ווי מען זאָגט אויף דער גאַנצער וועלט. דעם ערשטען מאָל געזאָגט נידעריג, דעם צווייטען מאָל העכער און דעם דריטען מאָל מיט זיינע גאנצע כחות און די משוררים האָבען אונטערגעברומט. דער עולם איז געשטאנען און געציטערט, ווי אַמאָל ביי קבלת התורה נעבען באַרג סיני, אפילו דער פריסטאַוו פון שטאָדט, וואָס ער פלעגט קומען יעדען יאָהר הערען ווי דער חזן זינגט כל נדרי, איז אויך געשטאַנען ביראת הכבוד. מען איז געשטאַנען אלע שטיל, כמעט מורא געהאט דעם אָטעם אָפציהען, נאָר אז דער חזן האָט אויסגעשריען דריי מאָל „סלחתי כדבריך" ! איז דער עולם אביסעל אויפגעריכטעט געווארען, מען האָט געדאווענט מעריב, געזאָגט תפלות, סליחות. איך האָב קיין זאַך ניט פארפעלט. נאָך מעריב איז מען געגאַנגען אהיים, נאָר פיעלע זיינען פארבליבען זאָגען „שיר היחוד" — תהילים, תפלה, זכה, אפילו דרעמלענדיג, נאָר ניט געלייגט זיך שלאָפען אין דער הייליגער נאַכט. אויף מאָרגען גאַנץ פריה איז שוין דער עולם אין שוהל געווען, געדאווענט, תפלות געזאָגט. ביז ביינאכט האָט זיך ביי קיינעם דער מויל ניט פאַרמאַכט, געהאַלטען אין איין זאָגען און קלאפען אין הארצען „על חטא", אפילו אויף אזעלכע זינד, וואָס מען האָט ניט געזינדיגט, כסדר נאָך דעם על־חטא ווי אין סדור שטעהט. איך האָב אויך נאָכגעהאלטען גלייך מיט אלע גרויסע, ניט פאַרפעלט א וואָרט און א קלאַפּ אין האַרצען, נאָר דאָס האָט מעהר ניט אָנגעהאַלטען ביז אזייגער צוויי. איך האָב אָנגעהויבען פיהלען הונגער און מידקייט, בין איך אוועקגעלאָפען אהיים געמאכט דארטען א תל פון די כפּרות, וואָס מען האָט איבערגעלאָזען אויפ'ן נאָכ'ן תענית און אביסעל געשפּילט זיך אויפ'ן שוהל־הויף מיט די חברים. צו א תפלה פלעגען מיר אריינלויפען אין שוהל. און אזוי איז אראָפּ דער טאָג. אז די זון האָט אָנגעהויבען אונטערגעהן, איהרע שטראַהלען האָבען

שוין מעהר ניט געשיינט ווי אויף די שפּיצען פון די בוימער, וואָס האָבען געוואקסען ארום שוהל, האָט מען אָנגעהויבען דאַוונען נעילה, ד. ה. די תפלה, ווען עס הויבען זיך אָן פאַר־שליסען די טויערען פון הימעל, עס הויבען זיך אָן פאַרמאַכען די „שערי רחמים", דאן איז די בעסטע צייט, אז די תפלות זאָלען אָנגענומען ווערען פאר דעם רבש"ע, דאן חתמ'עט אָפּ דער רבש"ע דעם גורל פון מענשען און פון אלע באַשעפענישען וואָס מיט זיי וועט פּאַרקומען דעם גאַנצען יאָהר, דערום אין דער צייט פּאַלט אָן אויף יעדען אן אימה־יתורה, א ציטערניש מעהר ווי אין דעם גאַנצען טאָג. יעדער איז פול מיט האָפענונג, אז אין דער צייט ווען ער וועט מיט זיין גאַנצען הארצען גאָט בעטען, וועט ער פועל זיין צום גוטען פאר זיך, פאר זיין פאַ־מיליע און פאר'ן כלל ישראל, דערום אין דער צייט שטארקט זיך דער איד מיט זיינע לעצטע קרעפטען, שרייען און בעטען ביי גאָט.

אַ פאַרמאַטערטער פון פאַסטען א גאַנצען מעת־לעת און זאָגענדיג אויפ'ן קול די תפלות דעם גאנצען טאָג, אָט דער אויסגעמאַטערטער איד מיט איין מאָל לעבט ער אָפּ, ווערט פול מיט פרישע כחות, ווערט אָן זיין מידקייט און שטעהט אָפּ די גאנצע צייט פון נעילה אויף זיינע שוואכע און מידע פיס פאר דעם אָפענעם ארון קודש. (צום גאנצען דאוונען פון נעילה איז אָפען דער ארון קודש), שרייט און בעט א גוטע „חתימה" פון גאָט ב"ה, מיט א פולע הארץ פון האָפענונג, שרייט ער אויס אין „אבינו מלכנו דער וואָרט וחתמנו" און דריקט צו שטאַרק דעם וואָרט, גלייך ווי ער זאָל דערמאָנען דעם רבש"ע, ער זאָל חלילה ניט פארגעסען און זיך גוט צוהערען וואָס ער בעט ביי איהם א גוטע חתימה, דערנאָך גיט ער א געשריי מיט מסירת נפש דעם „שמע ישראל" און זיבען מאָל „ה" הוא אלהים"! מען גיט א בלאָז שופר איין תקיעה און מיט א פרעהליכען קול שרייט מען אויס „לשנה הבאה בירושלים".

איך האָב נאָכגעהאלטען מיט אלעמען גלייך, געשריען זיבען מאָל „ה״ הוא אלהים, און איך זאָל חלילה ניט פאר־פעלען איין מאָל, האָב איך געצעהלט אויף די פינגער, צו יעדען מאָל פארבויגען א פינגער און אז איך האָב געזעהן וואָס איך האָב שוין זיבען פארבויגענע פינגער, האָב איך אויפגעהערט שרייען.

נאָך נעילה איז שוין דער עולם געוואָרען פרעהליך, אוים געוויין, אוים טרויער, קיין צייכען פון אומעט, און אז עס איז נאָך געווען אביסעל צו פריה צו דאַוונען מעריב, האָט מען געזונגען שמחת־תורה׳דיגע ניגונים, כאָטש מען איז געווען הונ־געריג, אויסגעמאַטערט, אבער מיט א דערהויבענעם גייסט, מיט א פרעהליכע אידישע נשמה, מיט א האַרץ פול מיט בטחון, אז דער רבש״ע האָט צוגעהערט זייערע תפלות און האָט אָנגע־חתמ׳עט א גוטען, א פרעהליכען יאָהר.

נאָך מעריב האָט מען זיך אויך ניט געאיילט לויפען אהיים, מען איז ארוים פון שוהל, די לבנה האָט געשיינט, אזוי ווי זי וואָלט ווייזען א פרעהליכען פנים, אָפּגעבען אלעמען א גוט־יאָהר! מקבל פנים זיין די אידען. האָבען זיך אלע אָפּגע־שטעלט מחדש זיין די לבנה אונטער דעם פרייען הימעל, געזאָגט איינער דעם צווייטען שלום עליכם! עליכם שלום! פריינדליך, אוים קנאה, אוים שנאה, גוטע פריינט (ווער וויים ווי לאנג ??) אָפּגעטרייסעלט די פּאָלעס (נאָך קדוש לבנה טרייסעלט מען די פּאָלעס אזוי ווי נאָכ׳ן תשליך), געקומען אהיים פרעהליך, צו־פרידען. אלע אונזערע פאַסטענדיגע האָבען גענומען עסען, איך אויך מיט אלעמען צו גלייך. די מאַמע האָט גאר ניט באמערט דעם חורבן וואָס איך האָב געמאכט אין די כפּרות, מען איז געווען זעהר אויפגעלייגט, יעדער האָט זיך אונטערגעזונגען א שטיקעל פון דעם חזנ׳ס תפלות. מיר איז אויך פרעהליך געוואָ־רען, א דאַנק גאָט, פּטור געווארען פון די קלאָגעדיגע טעג, קענען אביסעל אויסרוהען, ניט דאַרפען אויפשטעהן צו סליחות מעהר, ניט זאָגען אלע טאָג תהילים (מיר האָט דאס זיך שוין זעהר איינגעגעסען), אראָפּגעוואָרפען א משאָ פון זיך.

מיין פאָטער, נאָך וועטשערע, כאָטש ער איז געווען זעהר מיד, האָט ער זיך ניט געלייגט שלאָפען און איז געגאנגען זיך עוסק זיין אין א דבר מצוה, אָנהויבען מאכען א סוכה. ער האָט אריינגעשלאָגען א פאָר פלעקער, אן התחלה אויף א סוכה. איך בין מיט איהם געגאנגען העלפען איהם ניט אזוי פון מצוה־וועגען, נאָר פשוט, דאָס איז דאָך א פרעהליכע שטיקעל ארבייט. די לבנה האָט אונז צוגעלויכטען, מיר זאָלען אוועקשטעלען די פלעקער גוט ווי מען דארף, ווי זי וואָלט צופרידען געווען העל־פען אונז אין דער מצוה. ארבייט!

## 24

## מוצאי יום כפור, אויפשטעהן פריה דעם שטן פאַרמאַכען דעם מויל

די נאכט פון מוצאי יום כפור האָב איך געשלאָפען גאנץ רוהיג, וויסענדיג אז די מאַמע וועט מיר שוין ניט אויפוועקען גאנץ פריה. ניטאָ שוין קיין סליחות, קיין ימים נוראים, אויס קלאָגעדיגע טעג. אבער איך האָב געהאט א טעות, פארטאָג עס איז נאָך פינסטער געווען, ערשט די מאַמע וועקט מיך ווידער. — שטעה אויף מיין זוהן און געה גיכער אין שוהל „צו גאָט׳ס נאָמען”.

איך קוק איהר אָן פאַרוואונדערט און פרעג — וואָס איז דאָס פאר א מין יום טוב, וואָס מען דארף לויפען פארטאָג אין שוהל?

— זאָגט זי מיר—מען דאַרף היינט פארשטאָפען דעם שטן־מקטרג דעם מויל, ער זאָל ניט האָבען וואָס צו רעדען שלעכטס אויף די אידען, ער זאָל ניט זאָגען — זעה ווי די אידען נאַרען אָפּ גאָט, נעכטען יום כפור האָבען זיי געפאַסט, געלאָפען פריה אין שוהל, געבעטען גאָט געבען זיי א גוט יאָהר, און ווי זיי האָבען נאָר געקריגען די גוטע חתימה איז אויס אלץ, מען שלאָפט זיך רוהיג, מען קלערט שוין גאר ניט וועגען דער שוהל

— אזוי וועט ער מקטרג זיין פאר גאָט, אז מען האָט איהם אָפּגענאַרט, דארום דארף מען לויפען היינט אויך גאנץ פריה אין שוהל, פארמאַכען איהם דעם מויל.

אז איך האָב דערהערט די ווערטער, איז כאָטש מיר האָט זיך זעהר ניט געוואָלט אויפשטעהן, נאָר טאָן דעם שטן צו־להכעיס, בין איך באַלד אראָפּגעשפרונגען פון בעט מיט שמחה, דאָס איז מיר זעהר געפעלען געווארען. גוט איך וועל זיך מיט איהם אָפּרעכענען, איך האָב אויף איהם אן אלטע שנאה אָט דער שטן־מקטרג האָט ליעב שטענדיג אָנטאָן אלעמען גרויסע צרות. איך געדיינק, וואָס מיין רבי האָט מיר דערצעהלט, אז דורך איהם איז אונזער מוטער „שרה" געשטאָרבען, ווייל ער האָט איהר פּלוצלינג אָנגעזאָגט, אז אברהם האָט געקוילעט זייער זוהן יצחק. היינט די צרות מיט די יסורים, וואָס ער האָט געבראַכט אויף דעם צדיק „איוב", צו'הרג'עט אלע זיינע קינדער און געמאַכט איהם פאר א קרעציגען אָרימאַן, און נאָך פיעל מעשיות, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט שבת נאָך שלש סעודות פון אלטע אידען דערצעהלענדיג וועגען דעם חברה־מאַן, וואָס ער האָט אָנגעטאָן א דאָרפישען אידען, ווען ער איז געפאָהרען אין שטאָדט פארטאָג צו סליחות, ער האָט איהם געפייניגט ביז טאָג און ער האָט פארשפּעטיגט די סליחות.*) און אמאָל ראש השנה האָט ער זיך אריינגעכאַפּט ביים בעל־תקיעה אין שופר און פיעל דער בעל־תקיעה האָט זיך געמאַטערט בלאָזען האָט ניט געהאָלפען, ווען ניט דער גוטער איד, וואָלט ניט אויסגעשריען „שדי קרע שטן", וואָלט מען יענעם ראש השנה געבליבען אָהן תקיעות, נאָר ער איז דערשראָקען

*) ער האָט זיך פארשטעלט פאר א געבונדענעם שעפּס, דער איד האָט איהם קוים ארויפגעלייגט אויפ'ן וואָגען און ער איז עטליכע מאָל אראָפּגעפאלען, אזוי געפייניגט איהם א צייט און דער־נאָך אנטלאָפען מיט א געלעכטער, איז דער דאָרפמאַן געבליבען אָהן א שעפּס און אָהן סליחות.

געוואָרען פאר דעם געשריי איז ער אנטלאָפען און די תקיעות זיינען אוועק כשורה, איהם האָט נאָך א גליק געטראָפען, וואָס דער בעל־תקיעה האָט געבלאָזען פון שמאָלען זייט, איז ער אַנטלאָפען פון דעם ברייטען זייט, ווען עס וואָלט געווען פאר־קערט, וואָלט ער דארטען אין שופר דערשטיקט געוואָרען. היינט די געשיכטע מיט די גוטע אידען, וואָס האָבען געוואָלט אַראָפּברייינגען משיח׳ן (יוסף ד׳לא־ריינע וכמהו), עס האָט שוין געהאַלטען אָט, אָט איז שוין פארטיג די „גאולה״, דער שטן איז שוין געלעגען א געבונדענער אין קייטען, זיינען אבער געקומען זיינע חברה (כת דיליה) און האָבען איהם באפרייט, און ער האָט ווייטער אָפּגעהאַלטען די גאולה און אויסגעלאכט זיך פון די גוטע אידען, און איבער איהם ליידט דער כלל ישראל. עס איז גאָר שרעקליך אויסדערצעהלען זיינע רשעת, וואָס ער צוטוט. היינט אז איך האָב אזא געלעגענהייט מיט איהם אביסעל אָפּצורעכענען זיך, בין איך מיט שמחה אוועק־געלאָפען באלד אין שוהל. (איך האָב אפילו אביסעל מורא געהאט ער זאָל מיר אויך ניט אָפּטאָן א שפיצעל), איך בין געקומען בשלום אין שוהל, געדאַוועגט מיט כונה, געזאָגט נאָך עטליכע קאפיטלאך תהילים איהם אויף צו־להכעיס און אוועק א צופרידענער אהיים. איך האָב זיך נוקם געווען אָן דעם שונאי ישראל!

## 25

## ערב סוכות, די סוכה און דער יום טוב סוכות

די דריי טעג פון יום כפור ביז סוכות האָב איך זעהר גוט פאַרבראכט, געהאָלפען דעם טאַטען בויען א סוכה, דערלאנגט די טשוועקעס, דעם האמער, שטריקלאך, ברעטלאך. געהאָל־פען אַראָפּטראָגען פון בוידעם די ווינטערדיגע פענסטער, אריינ־שטעלען זיי אין סוכה ליכטיג זאָל זיין. געגאנגען מיט׳ן טאַטען אין מאַרק קויפען סכך ביי די דאָרפישע פויערים אויף דעקען

די סוכה. די פויערים פון די דערפער וויסען וואָס די אידען בעדארפען אויף זייערע ימים טובים. פאר פסח פיהרען זיי אין מארק נייע, ווייסע שטעקענס אויף די ווילקעס אָנשלאָגען, זאשלינקעס נייע, וועגען געלע זאַמד אויסשיטען אין די הייזער לכבוד יום טוב, שפייז־זאַכען, כריין, בוריקעס, ציבעלעס און ד״ג אלץ וואָס דער איד דאַרף אויף פסח. אויף שבועות, גרינע גראָז, אויסשיטען אין די הייזער. אויף יום כפור ברייננען זיי היהנער, העהנער פאר די אידען אויף כפרות. אויף סוכות — וועגען גרינע סכך. די אלע יום טובים צו דער צייט, ווייל אין יעדער דאָרף געפינט זיך א איד א שיינקער, און אז דער פויער קומט אין שיינק טרינקען, דאַן דערוויסט ער זיך פון אלעס (אפילו פון אזעלכע זאכען וואָס דער פויער דארף ניט אדער ער טאָר ניט וויסען). מיר האָבען צוגעדעקט די סוכה, איך בין געוועז אויפ׳ן דאַך, דער טאַטע איז געשטאַנען אין סוכה און אָנגעוויזען, איך זאָל לייגען די סכך, עס זאָל ניט זיין צו־געדיכט, עס זאָלען זיך זעהן די שטערען. איך בין אראָפּ און אריין אין סוכה, האָב איך נחת געקליבען. איך האָב זי אויסגעשאָטען מיט געלע זאמד. אונטער׳ן סכך אויפ־געהאַנגען פויגעלאך געמאכט פון פוסטע אייער, רויטע עפּעל אויפגעהאנגען אויף פאָדים. איך האָב פאריסען די קאָפּ, א בליק געטאָן ווי אלץ איז געמאכט געווארען קונציג, א סוכה מהודרה כדת, האָב איך נחת געקליבען. אריינגעטראָגען א טישעל מיט צוויי ביינקלאך, דעם טיש באַדעקט מיט א ווייסע טישטוך, געלייגט צוויי חלה, אוועקגעשטעלט צוויי אויסגע־שייערטע לייכטער, אריינגעשטעקט צוויי קאָפּיקענע ליכט. פיין יום־טוב׳דיג, א דירה מפוארה אויף זיבען טעג.

פון שוהל זיינען מיר פארגאנגען גלייך אין סוכה. די מאַמע מיט אונזער קליינער פאמיליע זיינען שוין געזעסען דאָרטען. די יום־טוב־ליכט האָבען געברענט ניט אזוי רוהיג, דער ווינט האָט אביסעל אונטערגעבלאָזען, אבער מיט חסד, האָבען זיך ניט פארלאָשען. דער טאַטע האָט קידוש געמאכט

מיט'ן יום-טוב'דיגען ניגון, געמאכט די ברכה: „ליושב בסוכה", איינגעטונקט די המוציא אין האָניג (מען האָט זיך אזוי נוהג געווען ביז הושענא רבה, ווען מען נעמט ארויס דעם קווימעל פון גאָט, פלעגט מען טונקען די המוציא אין האָניג עס זאָל זיין א זיסער יאָהר), נאָכדעם האָט דער טאַטע גענומען דעם סדור און האָט אָנגעהויבען רופען אין סוכה געסט, אלע אוש-פיזען מיט זייערע נעמען. קענטיג ער האָט זיך ניט באנו-גענט מיט אונזער קליינער פאמיליע, האָט ער נאָך גערופען די אושפיזען, כאָטש פאר אונז אליין איז די קליין סוכה'לע אויך איינג געווען, נאָר ער האָט געוואוסט, אז זיי וועלען ניט איינג מאכען אונז...

דער טאַטע האָט אונז געזאָגט צוליב וואָס זיצען אידען זיבען טעג אין סוכה, ווייל ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים זיינען זיי געזעסען פערציג יאָהר אין דער מדבר. אויף איין אָרט זיינען זיי ניט געזעסען, זאָלען קענען בויען הייזער פאר זיך. זיי האָבען געוואנדערט פון איין אָרט אויף דעם צווייטען, האָבען זיי געמוזט זיצען אין ביידלאך, און צו-ליב דעם מאכען מיר יום טוב סוכות און מיר זיצען דעם גאנצען יום טוב אין די סוכות פאר אן אנדיינקונג פון אמאָל, באטראכטענדיג דעם אידענ'ס לעבען סיי דער יחיד, סיי דער כלל, זעהט מען אז דער איד לעבט ניט ווי אלע נאַציאָנען מיט דעם הוה „געגענווארט", מיט'ן „היינט", מיט זיין יעצטיגער לאַגע, נאָר אדער מיט זיינע זכרונות פון אמאָל, אדער מיט זיין האָפענונג אויף שפּעטער, אלע זיינע ימים טובים, ווען ער איז פרעהליך, איז דאָס ניט מיט זיין הוה, נאָר מיט דער שמחה, וואָס אמאָל איז איהם גוט געווען. פסח „זמן חרותינו", א צייט פון פרייהייט, זיצט דער איד פסח צום סדר ווי א מלך, יום-טוב'דיג, וואָס מען האָט אמאָל ארויסגעלאָזען זיינע עלטערען פון מצרים, באפרייט זיי פון שקלאַפען-הויז, א שמחה מיט איהם! אי, וואָס מיר זיינען פארשקלאַפט אין פינסטערען גלות שוין באַלד צוויי טויזענט יאָהר. אין פיעלע לענדער

ווערען מיר געפייניגט און געדריקט. איז וואו איז אונזער פריי־הייט? ווארום זאָגען מיר „עבדים היינו", קנעכט זיינען מיר געוועזן, און וואָס זיינען מיר יעצט, פריצים? מיר זיינען איצט אויך פאַרשקלאפט, מיר טראָגען אויף זיך איצט א שווערען יאָך, און מיר זאָגען פאָרט „זמן חרותנו", די צייט פון אונזער פרייהייט ד. ה. אונזערע עלטערען זיינען באפרייט געווארען מאַכען מיר דערום יום טוב. אויך דער יום טוב סוכות. מיר זיינען פרעהליך, לעבעדיג, בגילופנ'דיג, אז מען כאַפּט א ריקודל, עס איז זמן שמחתנו". א נו, גיט א פרעג ר' איד, וואָס איז די שמחה מיט דיר? וועט ער דיר ענטפערען (אויב ער ווייס) — וואָס הייסט, סוכות איז דאך דער „חג האסיף", דער יום־טוב, וואָס אמאָל אז די אידען זיינען געזעסען אין זייער לאנד, האָבען זיי אין דער צייט אראָפּגענומען די פרוכטען פון זייערע פעלדער און גערטענער. יעדער איד האָט זיך אָנגעגרייט שפּייז פון דאָס בעסטע אויף דעם גאַנצען יאָהר, איז דאָס ביי אונז קיין שמחה ניט? אודאי איז דאָס זמן שמחתנו. אי, דאָס וואָס איצט דאַרט אוים יעדען אידען דער מח, ווי צו פאַרדינען זיין לעבענס־מיטעל און זיין פאַרהאָוועטען שטיקעל ברויט זוכען אויף זיינע שונאים ארויסרייסען פון זיין מויל. דערויף פאַר־געסט דער איד, און ער איז זיך משמח דערמיט, וואָס זיינע עלטערען איז גוט געוועזן. ער לעבט מיט זיין פאַרגאַנגענ־הייט און אויך מיט זיין צוקונפט, מיט זיין האָפענונג, אז עס וועט ווען עס איז גוט זיין. אָט אזוי ר' ישראל לעבסטו דיין וועלטעל און פארברייננגט דיינע גאנצע גלות יאָהרען, און ווערסט פארחשכ'ט מעהר פון אלע פעלקער אויף דעם ערד־קוגעל. „אל תשמח ישראל אל גיל כעמים", פרעה זיך ניט ישראל מיט דעם פרייד ווי אלע פעלקער. אלע נאַציאָנען פרעהען זיך מיט'ן הוה, מיט'ן געגענוואַרט, אז איהם איז גוט פרעהט ער זיך און טרויערט אין דער שלעכטער צייט. און דו ישראל, דו פרעהסט זיך מיטן' עבר, מיט די פארגאנגענהייט, וואָס דיר אמאָל איז גוט געוועזן, און דו טרויערסט דערויף, וואָס

דו האָסט דאָס אמאָל אָנגעוואָרען, און טרייסט זיך מיט דיין עתיד, מיט דיין האָפענונג אויף שפּעטער און אויף דיין געגענ־וואַרט באַטראַכסטו גאָר ניט, ווי דער ארטיסט שטעהענדיג אויף דער בינע, ער וויינט און לאַכט, ווי עס פאָדערט פון איהם זיין ראָלע און ניט נאָך זיין אייגענער לאַגע. דער אונ־טערשייד איז נאָר אין דעם, ביים ארטיסט איז זיין לאַכען מיט וויינען געמאַכטע, ניט נאַטירליכע, ביי דיר ר׳ ישראל איז מיט אמת, א האַרציגער א נשמה׳דיגער. ביי דיר זיינען טייער אַמאָליגע זכרונות, די גוטע און די שלעכטע. דו פיהלסט זיי גלייך ווי דו וואָלסט זיי איצט איבערלעבען, אבער דאָס גיט קרעפטען אין דיינע שלעכטע צייטען, און דאָס שטאַרקט דיין האָפענונג, אז דו וועסט געהאָלפען ווערען אזוי ווי דיינע עלטערען. אמאָל וועסט זיך אומקערען צוריק אין דיין לאַנד און זיין א פאָלק ווי אמאָל. אָט די ארימע, קליינינקע סוכה׳לע איז א סימבאָל פון דעם אידישען פאָלק, ווען דער איד טרעט אריין מיט זיין פוס אין סוכה און באַטראַכט זי מיט א קלאָרען זינען, גיט זי איהם טרייסטונג און האָפענונג, אז ער וועט צום גרונד ניט געהן, ווי אנדערע פעלקער שטארקע און גרויסע, וועלכע זיינען אונטערגעגאנגען און קיין זכר איז פון זיי ניט פאַרבליבען, ווייל מיר לעבען ניט ווי אנדערע נאַציאָנען אויף זייערע קרעפטען און גבורה. מיר זיינען א גייסטליכע פאָלק, מיר לעבען מיט אונזער גייסט, און גייסט געהט קיינמאָל ניט אונטער. אין א שלעכטער צייט בויגען מיר אונטער דעם קאָפּ, דער שטורעם געהט אריבער און מיר הויבען ווידער אונזער קאָפּ, און אזוי עקזיסטירען מיט אין אונזערע גלות יאָהרען. אָט די אָרימע סוכה׳לע, וועלכע אונזערע עלטערען האָבען געבויט אין דער מדבר שטעהט זי שטארק און פעסט אויף איהר אָרט עד היום. זי האָט מיט אונז און האלט אונטער אונזער גייסט.

א סוכה׳לע א קלײנינקע
פון ברעטלאך דינע,
אָן אָרימע, א געמײנינקע
און אויפגעבויט כדינה.

אוועק טויזענטער יאָהרען,
קײן ענדערונג אין איהר.
זי געהט ניט פאַרלאָרען,
שטאַרק אָהן א שיעור.

מיט שטריקעלאך פארדרעהט
מיט צוועקעלאך פארשלאָגען
קוים וואָס זי שטעהט
א ווינט קען זי צוטראָגען.

אייביג בלייבט זי שטעהן,
שטאַרק ווי א מויער,
ווייל דער שעפער גאָט אליין
איז געוועזן איהר בויער!

דער רעגען גיסט פון דאַך
פון די ווענט עס רינט
עס קאַפּעט פון די סכך
פון די זייטען בלאָזט א ווינט.

שוואַך ביזטו ישראל!
שונאים האָסטו פיעל,
ווער ניט שטאַרק נתפעל
וואַרט און שווייג שטיל.

דער ווינט וואַרפט זי ארום,
רייסט פון איהר שטיקער,
שטעהט איינגעבויגען קרום,
שאָקעלט זיך ווי א שיכור.

אין סוכה געה אריין
באַטראַכט זי מיט׳ן זינען,
א סימבאָל וועט זי זיין,
א טרייסט וועסטו געפינען.

ישראל, שוואַך ביזטו און
קליין,
דו וועסט ניט אונטערגעהן
אייביג בלייבסטו שטעהן
האָט געזאָגט גאָט אליין!

## 26

# סוכות, אתרוג בענטשען, ר׳ מאָטע דער שמש, ער היט דעם פּיטום פון אתרוג

די ערשטע נאַכט פון סוכות בין איך געגאנגען שלאָפען רוהיג. די מאַמע וועט מיך שוין ניט וועקען גאנץ פריה. ניטאָ שוין קיין סליחות, אויב ימים נוראים, מחרת יום כפור, פאַר־שטאָפּט דעם שטן דעם מויל, איצט איז שוין יום-טוב׳דיגע טעג זמן שמחתנו, איך וועל שוין אויסשלאָפען זיך. ערשט, אומ־זיסט איז מיין פרייד געווען. פארטאָג איך האָב געשמאק געשלאָפען מיט זיסע חלומות, ערשט איך הער די מאמע וועקט מיך און זאָגט — שטעהט אויף מיין זוהן ר׳ מאָטע איז שוין דאָ מיט׳ן אתרוג. איך עפען אויף די פאַרשלאָפענע אויגען, דערזעה איך ר׳ מאָטע דעם שמש. איך קוק אָן, ווי קומט ער אזוי פריה? פאר ר׳ מאָטען האָבען מיר קינדער שטארק דרך ארץ געהאט, ער פלעגט אין שוהל געוועלטיגען איבער אונז. ר׳ מאָטע איז שוין געווען שמש זעהר א לאנגע צייט. דאָס איז געווען א איד אן אלטער מאן, א נידעריגער, א דאַרער מיט א לאַנגע גרויסע באָרד מיט לאנגע פּאות, ווייסע. ניט געקוקט אויף זיין עלטער איז ער געווען א געזונט אידעל. קיין שכירות האָט מען איהם ניט געצאָלט, נאָר ער האָט געהאט זעהר א גרויסע הכנסה. דאָס ערשטע, איז אלע מאָנטאג און דאָנערש־טאג ראש חודש און אין א תענית ווען מען לייענט „ויחל״ איז נאָך קריאת התורה פלעגט ער ארומגעהן מיט א פּושקע אי־בער׳ן שוהל און די מתפללים פלעגען אריינוואַרפען, ווער א גראָשען, ווער א קאָפּיקע. היינט די יאָהריגע הכנסה, א תנאים,

א חתונה, א ברית, וואָס נאָר פאַר א שמחה איז דאָרטען ר׳ מאָטע. חנוכה-געלט, פורים-געלט, פאר קלאפּען צו סליחות, שלאָגען מלקות ערב יום כפור, מיט די שוחטים ארומגעהן כפּרות קוילענען, דעם אתרוג טראָגען, הושענות פאַרקויפען הושענא רבה, א יאָהרצייט, פאר א חולה תהילים זאָגען. דער כלל ער האָט געהאט פרנסה פון טויטע און פון לעבעדיגע, נאָר פון די אלע פרנסות איז ער געווען א גרויסער קבצן, אז אויף פסח האָט מען איהם געגעבען פון מעות חטים.

די מאַמע האָט מיך געטריבען איך זאָל וואָס גיכער זיך אָנטאָן. איך האָב ארויפגעכאפּט אויף זיך די היטעל מיט דעם ארבע כנפות, אבגעגאָסען נעגעל-וואַסער און פארטיג צו דער ארבייט. ר׳ מאָטע האָט מיר געגעבען אין האַנט דעם לולב, נאָר דעם אתרוג האָט ער פון האַנט ניט געלאָזען, ער האָט געהאלטען דעם אתרוג אין זיין האַנט און מיר האָט ער גע-הייסען האלטען זיין האנט און געמאכט מיט מיר א ברכה און צוזאמען מיט מיר געטרייסעלט, געציטערט לאָזען דעם אתרוג פון האנט איך זאָל חלילה ניט אָפּברעכען דעם „פּיטום״, ער האָט שוין געקענט אונזערע קליינע חברה-לייט. איין אינגעל האָט איהם אמאָל גוט אָנגעלערענט, דעם פּיטום אָבגעבראָכען און די שטעדטעל איז אָהן אן אתרוג געבליבען און געמוזט שיקען אין א שכנישער שטעדטעל קריגען אן אתרוג. וואָס פאר א צרות ר׳ מאָטע האָט איבערגעטראָגען יענעם סוכות! א חשכ׳דיגען יום-טוב געהאט פון זיינע באלעבאטים. ער איז שיעור אוים שמש געווארען. קענט איהר שוין פארשטעהן ווי פון דאמאָלסט אָן היט ר׳ מאָטע דעם פּיטום ווי זיינע אויגען פון קאָפּ, און ער זאָגט — אז א קינד קען יוצא זיין, אז ער וועט טרייסלען זיין האנט מיט׳ן אתרוג.

איהר קענט זיך אודאי וואונדערען, ווי קען דאָס זיין, אז צוליב א פּיטום פון אן אתרוג זאָל מען אראָפּווארפען א שמש? אז איבער א האָן מיט א הון איז חרוב געווארען ירושלים, און צוליב א שמעק טאַבאַק האָט מען אראָפּגעוואָרפען א רב פון

רבנות?*) איז ניט קיין וואונדער, אז פאר א פיטום זאָל מען אראָפּווארפען א שמש פון שאַמאָשעס.

נאָך צוליב א זאך האָט ר׳ מאָטע געהיט דעם פיטום פון אתרוג, ווייל אָט דער פיטום איז געווען איינע פון זיינע הכנסות. נאָך סוכות פלעגט ער דאס פארקויפען צו א שוואנ־גערע פרוי זי זאָל אָפּבייסען דעם פיטום, דאס איז א סגולה זי זאָל לייכט ענטבונדען ווערען, האָט ער דערום געהיט אז דער אתרוג זאָל ניט אָנווערען דעם פיטום.

די גאנצע זיבען טעג האָב איך געמוזט אויפשטעהן גאנץ פריה בענטשען אתרוג, דעם אידען פון זיין קינדהייט אָן גיט מען איהם ניט קיין מנוחה. עס איז ווינציג וואָס זיינע שונאים לאָזען איהם ניט רוהען, איז זיינע פריינד, זיינע ערציהער

*) די געשיכטע מיט׳ן שמעק־טאַבאַק איז געווען באשריבען אין אן אָרטאָדאָקסישער צייטונג, וואָס האָט געטראָפען דאָ אין אמע־ריקא. אין א שטאָדט איז אין א שוהל דער פרעזידענט, א היימישער קבצן, און דערצו א פּראָסטער איד, האָט זיך דאָ אין אמעריקא ארויפגעארבעט און איז געווארען א פרעזידענט. ער געדיינקט אז אמאָל ביי איהם אין דער היים פלעגט מען שבת ברייננגען אין שוהל א גרויסע פושקע שמעק־טאַבאַק פאר דעם עולם, האָט ער גענומען אויף זיך טאָן אָט די צדקה, פון זיין אייגען געלט, ער האָט געקויפט א פושקע מיט טאַבאַק און געגעבען דעם עולם שמעקען, דער עולם האָט געשמעקט און מען האָט גענאָסען אז עס פלעגט ווערען א רעש אין שוהל. דער רב האָט ניט געקענט זעהן דעם חלול הקודש, האָט ער געזאָגט אין א דרשה, אז דאָס איז ניט שעהן, און ניט נאָר דאָס איז קיין מצוה ניט, נאָר א גרויסע עבירה. דעם פרעזידענט האָט דאָס זעהר פארדראָסען וואָס דער רב האָט איהם מבזה געווען, האָט ער אויף דעם צווייטען שבת, צו חזרת הש״ץ, גענומען די פושקע מיט טאַבאַק און אליין בכבודו ובעצמו ארומגעטראָגען איבער׳ן שוהל און געטיילט דעם עולם, ווייזען אז ער איז דער באַלעבאָס און ניט דער רב. דער רב האָט איהם אויסגערעדט פאר זיין עזות, האָט דער פרעזידענט געארבייט מיט זיינע עזות פּנים׳ער און דער רב האָט געמוזט פארלאָזען די שטאָדט. זעהט איהר אז א שמעק־טאַבאַק קען אראָפּווארפען א רב!

לאָזען איהם ניט רוהען, און פון זיין קינדהייט אָן מוז ער פיהלען וואָס ער איז א איד.

אין שוהל איז אויך קענטיג געווען דער זמן שמחתנו, דער עולם האָט געדאווענט פרעהליכער, מען האָט ניט געזעהן קיין פאראומערטע פּנימ'ער ווי ראש השנה און יום כפּור, מען האָט ניט געהערט קיין זיפץ, קיין קרעכץ, קיין געוויין, אלץ ששון ושמחה. דער חזן האָט אפילו הושענות געזאָגט מיט אן אומעטיגען ניגון, אבער מיט א פרעהליכען פּנים, אפילו די צוויי אלטע אידען, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן בימה מיט די ספרי תורות צו כל נדרי פאראומערט מיט געבויגענע קעפּ, זיינען איצט געשטאנען אויפ'ן בימה צו הושענות מיט די ספרי תורות לעבעדיג, פרעהליך, עפּעס די גאָלדענע גלעקלאך פון די קרוינען אין די ספרי תורות האָבען אויך געקלונגען פרעהלי־כער ווי דאן ימים נוראים, ווי זיי וואָלטען אָנזאָגען דעם עולם, אַז היינט איז זמן שמחתנו.

פון דער ווייבערשע שוהל האָבען אראָפּגעקוקט דורך די קליינע פענסטערלאך פרעהליכע פּנימ'ער פון די ווייבער, און עס איז ניט געהערט געווארען פון דאָרטען קיין יאָמער, קיין געוויין ווי ימים נוראים, אפילו די אידענע, די זאָגערין, וואָס זאָגט די תחינות פאר די ווייבער האָט אויך געקלונגען פרעה־ליכער. עס האָט אומעטום געהערשט דער „זמן שמחתנו", אין שוהל, אין דער היים אויך אין גאס.

מיר קינדער האָבען דאָס אלץ געפיהלט, פון אונז איז אויך אַראָפּ די אימה פון ימים נוראים. מיר האָבען פאַרבראַכט פרעה־ליך, געשפּילט אין ניס, אפילו אין דער צייט ווען מען האָט געלייענט אין שוהל, עס איז זמן שמחתנו, מעג מען. ביינאכט מוצאי יום טוב פון די ערשטע טעג, האָט מען געפּראַוועט „שמחת בית השואבה" אן אנדענקונג פון אמאָליגע שמחה די גרעסטע, ווען אידען זיינען געזעסען אויף זייער לאַנד, האָבען זיי דאַן געפייערט די שמחה פון נסוך המים אויפ'ן בית המקדש, ווי דער משורר זאָגט ושאבתם מים בששון, שעפּען

וואַסער מיט פרייד. דער עולם האָט זיך זעהר געפרעהט אין שוהל, מען האָט פארקויפט שיר המעלות'ן, יעדער האָט געזאָגט די שיר המעלות מיט פרייד, מען האָט געטרונקען משקה, געזונגען, געטאַנצט, פרעהליך זמן שמחתנו!

27
## הושענא רבה

ערב הושענא רבה זיינען מיר געגאַנגען אין פעלד רייסען הושענות אויף מאָרגען. ביינאַכט האָט דער טאַטע מיר געהייסען זיצען מיט איהם און זאָגען תיקון שבועות, משנה תורה און תהילים, ווייל הושענא רבה גיט דער רבש"ע ארויס די צעטלען יעדען ווי ער האָט געשריבען און גע'חתמ'עט און זעהן ווי נאָך האַלבע נאַכט שפּאַלט זיך דער הימעל. איך בין געזעסען און געזאָגט און מיט חשק געוואַרט, געוואָלט זעהן ווי דער הימעל וועט זיך שפאלטען נאָך האלבע נאכט, וועל איך קענען אויסבעטען ביי גאָט וואָס איך וועל פארלאנגען פון איהם.*)

איך האָב אזוי לאַנג געזאָגט תהילים, ביז איך בין איינגעשלאָפען אויף איהם. חלומ'ט זיך מיר, אז דער הימעל האָט זיך צושפּאָלטען, האָב איך געוואָלט א געשריי טאָן — גאָט גיב מיר כל טוב! — האָט ביי מיר דער לשון אָפּגענומען פון שרעק. איך האָב דערזעהן ווי צוויי מלאכים זיינען אראָפּגעפלויגען פון הימעל מיט גרויסע פּעק אונטער זייערע פליגלען, און איין מלאך האָט אויסגעשריען, אז אלע זאָלען קומען אהער נעמען יעדער זיין צעטעל. א גרויסער עולם האָט זיך צונויפגעקליבען וגם אני בתוכם, און דער מלאך האָט אויסגערופען

*) אין די צוויי נעכט אין יאָהר, תשעה באב און הושענא רבה איז נאָך האלבע נאכט שפּאלט זיך דער הימעל איז דאן אן עת רצון אויסבעטען ביי גאָט אלדאָס גוטס, וואָס מען פאַרלאַנגט פון איהם (אזוי האָט מיר מיין רבי געזאָגט).

יעדען מיט׳ן נאָמען — „פלוני בן פלוני, — נעם דיין צעטעל, און דער צווייטער מלאך פלעגט איבערגעבען יעדען זיין צע־טעל, אנדערע פלעגען געהן זעהר פרעהליך, א בליק געבענ־דיג וואָס אין צעטעל איז געשריבען, און אנדערע פלעגען אוועק־געהן אומעטיג מיט איינגעבויגענע קעפּ (מסתמא איז דארטען געווען אָנגעשריבען צרה׳דיג), און איך שטעה א דערשראָקע־נער און וואַרט ווען מען וועט מיך ארויסרופען. ווי פאַרצי־טערט בין איך געווארען, אז איך האָב דערהערט ווי דער מלאך רופט אויס מיין נאָמען — איך קלער — גאָט ווייס וואָס פאַר א צעטעל מיינער איז? און פון גרויס שרעק האָב איך זיך אויפגעכאפּט פון שלאָף און זעה ווי די מאמע שטעהט נעבען מיר און רופט מיך איך זאָל געהן שלאָפען אויף מיין אָרט. איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט, אז איך האָב דערזעהן אז עס איז ניטאָ דאָ קיין מלאכים, קיין צעטלאך, עס איז נאָר א חלום געווען און ניט א מלאך האָט מיך גערופען, נאָר די מאַמע. איך האָב איהר א קוש געטאָן און אוועק א צופרידענער שלאָפען.

אויף מאָרגען גאנץ פריה בין איך געגאנגען מיט׳ן טאַטען אין מרחץ זיך טובל זיין אין מקוה פאר דעם יום הדין איידער מען וועט קריגען דעם צעטעל. דער מרחץ איז געווען געפּאַקט, די מקוה־וואַסער געדיכט, דער עולם האָט זיך גע׳טובל׳ט לכבוד דעם יום הדין, להבדיל אין שוהל איז אויך קענטיג געווען אז דער טאָג איז אנדערש פון אלע טעג פון יום טוב. דער חזן איז געשטאַנען ביים עמוד אין א קיטעל מיט א ווייסער יאַר־מולקע אויפ׳ן קאָפּ אזוי ווי ימים נוראים, אָבער דער עולם איז ניט געווען אומעטיג, עס איז טאקע א יום הדין, אבער פאָרט יום טוב—זמן שמחתנו, יעדער האָט געהאלטען א הושענא אין האַנט, מען האָט געזאָגט הושענות און דער חזן מיט עטליכע באַלעבאַטים מיט די אתרוגים אין די הענט, איז מען ארום־געגאנגען זיבען מאָל ארום בימה און נאָכדעם האָט דער חזן א געשריי געטאָן: „קול מבשר, מבשר ואמר״! האָט דער

גאנצער עולם, קליין און גרויס, גענומען קלאפּען די הושענות מיט אַזאַ חשק ווי זיי וואָלטען נקמה גענומען פון די אומשול־דיגע ריטלאך. די ווייבערשע שוהל האָט אויך ניט געשוויגען, די הושענות־בלעטלאך זיינען געפלויגען פון אלע זייטען ווי די בלעטלאך פון בוימער אין וואַלד פון א שטורם־ווינט, אָבגע־רעכענט זיך מיט די הושענות, איז דער עולם אוועק אהיים א צופרידענער מיט דער האָפענונג, אז ער האָט געקראָגען א גוטען צעטעל: לעבען, געזונט און פרנסה אויף א גאנצען יאָהר.

## 28
## שמחת תורה, הקפות אַמאָל און היינט

שמחת תורה, דאָס איז דער פרעהליכסטער טאָג פון דעם גאַנצען יום טוב סוכות. דער איד ענדיגט די תורה און הויבט זי אָן נאָך אמאָל פון אָנפאנג. יעדער איד פרעהט זיך מיט דער תורה יענעם טאָג, אפילו די וואָס האָבען דעם גאנצען יאָהר ניט אריינגעקוקט אין איהר און ווינציג אינטערעסירט זיך מיט איהר, און פיעלע וואָס ווייסען גאר ניט וואָס איז גע־שריבען אין איהר. עפּעס דעם טאָג פיהלט יעדער איד א צוגע־בונדענקייט צו דער תורה און פרעהט זיך גלייך מיט אלעמען. און שמחת תורה ביינאכט איז געווען די שוהל געפּאקט מיט מענשען, פון אַלט ביז יונג, פוןביידע געשלעכטער לכבוד התורה. מ׳האָט ארויסגענומען אלע ספרי תורות פון ארון קודש, אפילו די אלטע און פּסול׳ע, וואָס א גאַנץ יאָהר שטעהען זיי פארוואָרפען אין א ווינקעל פון ארון קודש, מען נוצט זיי גאר קיינמאָל ניט, נאָר צו הקפות דערזעהען זיי די ליכטיגע וועלט, מען נעמט זיי ארויס, מען טיילט זיי איין די ארימע־לייט און די קליינע קינדער. די נגידים מיט די חשוב׳ע באלעבאטים גיט מען די ערשטע הקפות מיט די שעהנע אָנגעטאָנענע ספרי תורות און ווען זיי געהן ארום בימה, כאפּט דער עולם קושען די תורות מיט ליבשאפט, אָבער ווינציג כאַפּען קושען די

ארימע תורות, וואָס די ארימע־לייט טראָגען. דער וואָס גיט שוין יע א קוש איז מעהר ניט פון רחמנות וועגען. אָט אזוי האָט דער רייכער כבוד (כאָטש ער איז דאָס גאָרניט ווערט) אפילו אין גאָט'ס הויז, איהם שטעלט מען אין מזרח וואַנט, איהם גיט מען די בעסטע, די פעטסטע עליות, די ערשטע שעהנסטע הקפות, ער ווערט דער גבאי אין שוהל, מען קוקט ניט זיין יחוס, זיין פאַרגאַנגענהייט, אבי ער האָט געלט, ניט קוקענדיג פון וואנען ער האָט די געלט ערוואָרבען, צי כשר, צי טריף. ער ווערט דער פיהרער פון דער געמיינדע, דער דעה זאָגער אין אלע אידישע אַנשטאַלטען, ער האָט דאָך פאָרט א פעטען באַנק ביכעל, בעדארף מען פאר איהם דרך ארץ האָ־בען. און ער אליין פאַרגעסט ווער ער איז, און דענקט, אז ער איז באמת די אויבערשטע פון שטייסעל, און איהם קומט כבוד, און מיט א פוס פון גרויסקייט טרעט ער איבער די קעפּ, ווערען ער קען נאָר צודריקען, און קיינער זאָגט איהם קיין וואָרט ניט. אָט אזוי פיהרט זיך שטענדיג ביי אונז אידען, ביי דעם עם חכם ונבין, וואָס פארשטעהט גוט קריטיק, אבער ער קריטי־קירט ניט ווען מען דאַרף. פאַר דעם רייכען האָט ער דרך ארץ, אפילו אונזערע קלוגע לייט מאכען אויך א שוויג. והמשכיל ידום בעת ההיא, כי עת רעה היא! נאָך יעדע הקפה האָט מען געזונגען א פרעהליכס, געטאַנצט מיט די תורות. די ליבשאַפט צו דער תורה איז געוועזן א האַרציגע, א נשמה'דיגע, מען האָט זיך משמח געווען לכבוד התורה דעם גאַנצען טאָג. עס האָט זיך טאַקע געטראָפען, אז אנדערע האָבען אריבער־געכאַפּט די מאָס, ארויס אביסעל מדרך הנימוס, געמאכט זיך נאַריש, אָבער אין דעם איז געווען איינגעוויקעלט הייליגקייט. ער האָט גע'שיכור'ט ניט צוליב ווייל ער ליעבט דעם טרונק, ווי דער פויער שיכור'ט, נאָר מעהר ניט, ער זאָל קענען פרעה־ליך זיין און משמח זיין זיך לכבוד דעם טאָג פון שמחת תורה, ווארום אויף מאָרגען נאָך יום טוב איז אלץ אָפּגעווישט, אויס שמחה! היינטיגע צייטען שמחת תורה, פיהרט מען זיך אויך

ווי אַמאָל, אָבער זעהר קאַלט. ניטאָ דער אַמאָליגער האַרציגער ברען, אמאָליגע באַגייסטערונג, עס איז מעהר ניט פון יוצא וועגען, ווי עס ווערען געטאָן אלע אידישע מנהגים. ווער עס האָט דאָס רעכט זאָל זאָגען וועמעס פיהרונג איז בעסער און באַרעכטיגטער אמאָליגער צי איצטיגער? זאָל ער משפט'ן ווי ער פאַרשטעהט!

## 29
## חנוכה, חנוכה-דרעהדלאך, חנוכה-ליכט, חנוכה-געלט

די ערשטע וואָך נאָך יום טוב איז געוואָרען זעהר אומעטיג. אוים פרייע טעג, מען האָט אונז ווידער פאַרשפּאַרט אין חדר פון פריה ביז שפּעט אין אווענד. פון אָנהויב איז געוועזן זעהר שווער, נאָר ווי זאָגט מען: „צו צרות ווערט מען געוואוינט”. מיר האָבען ווידער אָנגעהויבען לערנען די גמרא מיט אלע למודים ווי פריהער. דער גאנצען חודש „מר חשון” נישטאָ איין טאָג א פרייער (עס קען זיין אז דעם וואָרט „מר” האָבען דאָס חדר-קינדער צוגעלייגט צום חודש חשון. מר, איז דער טייטש „ביטער”, עס איז א ביטערער חודש, נישטאָ איין פרייער טאָג). נאָר ווען מען האָט געבענטשט ראש חודש כסלו, איז פרעהליכער געווארען. אין דעם חודש איז דאָך חנוכה, אכט פרייע טעג. פון ראש חודש־אָן האָבען מיר שוין אָנגעהויבען זיך עוסק זיין מיט דעם מסחר פון דרעהדלאך. עטליכע פון מיינע חברים האָבען שוין פאַרטיג געמאכט פורימס אויף צו גיסען דרעהדלאך אויף חנוכה. איך האָב אויך געמאכט א פורעמעל און גענומען אויסגיסען פון בלאַי אַ דרעהדעל, בין איך שיעור א קאַליקער געוואָרען. די געזאָדענע בלאַי פון לעפעל האָב איך ניט אין פורים אריינגעגאָסען, נאָר אויפ'ן פוס. עס איז געוועזן א נס פון חנוכה, וואָס האָט געטראָפען אויפ'ן שוך, בין איך אָפּגעקומען מיט א קליינעם ברען, האָב איך שוין די ארבייט אויפגעגעבען, אבער א דרעהדעל מוז מען

דאָך האָבען אויף חנוכה, בין איך געפאלען אויף אן אנדער המצאה. איך בין ארויף אויפ׳ן בוידעם, וואו עס שטעהען די פסח׳דיגע כלים און ארויסגענומען א צינענע טעלער און גע־געבען מיינעם א חבר ער זאָל פון דער טעלער אויסגיסען דרעהדלאך אויף מחצית־שכר, ד. ה. אויף שותפות. דער חבר האָט מיר געגעבען פאר מיין חלק דריי שטיק (ער האָט גע־זאָגט, אז מעהר ווי זעקס שטיק איז ניט געווען, צי דאָס איז ריכטיג צי ניט? ווייס איך עד היום ניט). אפילו די דרעהדלאך זיינען געווען ניט אזוי כשר, און ווען איך האָב זיי גענוצט, פלעג איך זיך דערמאָנען אויף דער עולה וואָס איך האָב גע־טאָן, און דערצו נאָך מורא געהאט די מאַמע זאָל זיך ניט דער־וויסען פון דאָס, נאָר איך האָב געפונען א היתר, ווייל איך האָב קיין אנדער ברירה ניט געהאט. קויפען א דרעהדעל האָב איך קיין געלט ניט געהאט (עס האָט געקאָסט פינף קאָפּיקעס א שטיק) און פארשטערען יום טוב חנוכה אָהן א דרעהדעל האָב איך ניט געוואָלט, און פון דער גניבה וואָס עס פעלט א צינענע טעלער, האָט די מאַמע זיך ניט געכאפּט ביז ערב פסח, און דאן האָט זי מיך אויך ניט חושד געווען, און דאָס איז געבליבען א סוד ביז היינט.

ערב חנוכה איז ביי אונז אין חדר געווארען א גאַנצער יאַרידעל. מיר האָבען גע׳מסחר׳ט מיט די דרעיידלאך פאר די אויגען פון רבי, און ער האָט אונז ניט געשטערט. קיין גמרא האָבען מיר יענעם טאָג ניט געלערענט, מעהר ניט ווי חומש מיט רש״י, און אזוי ווי אין פרשה „מקץ״ איז די ערשטע פרשה ווינציג רש״י איז געבליבען צייט ביז וואַרמעס, האָט דער רבי אונז דערצעהלט (פון יוספ׳ן) דעם נס פון חנוכה, די גבורות פון די חשמנאים, איבערהויפּט פון יהודה המכבי (מכבי איז די ראשא תיבות פון די ווערטער: מי כמוך באלים ה׳, אזוי איז געשטאַנען געשריבען אויפ׳ן פלעג וואָס יהודה האָט געהאַט), ווי ער האָט מלחמה געהאלטען מיט די יונים (די גרעקען), וואָס האָבען געפייניקט די אידען און פארשוועכט

זייער הייליגטום, אומריין געמאכט דעם בית-המקדש, אוועק-געשטעלט דאָרט זייער אָפּגאָט „יופּיטור". יהודה האָט די יונים פאַרטריבען פון ירושלים און באַנייט דעם בית-המקדש (חנוכה הייסט באַנייען), אבער אָבער קיין ריינער בוימעל ניט געווען אויף אָנצינדען אין דער מנורה (די יונים האָבען אלץ אומריין געמאכט), איז געפונען געוואָרען איין קליינער קריגעלע ריינער בוימעל, אבער עס איז ניט געוועזן צו ברענען מעהר ניט ווי אויף איין נאכט, איז דורך א נס, האָט דאָס געברענט אַכט נעכט, איז צוליב די ישועה, וואָס גאָט האָט געהאָלפען די אידען דורך די חשמנאים מאַכען מיר יום טוב און זאָגען הלל און על הנסים, און צוליב דעם נס פון די בוימעל, וואָס האָט געברענט אכט טעג צינדען מיר אָן חנוכה ליכט אלע אַכט טעג, פון איין ליכטעל ביז אַכט, דאָס איז אן אנדיינקונג פון אמאָליגע ניסים. אויך האָט דער רבי אונז געוויזען, אז אויף די דרעהדעלאך פון חנוכה איז אויך פאראן די אותיות פון די פיער זייטען נ׳ ג׳ ה׳ ש׳, דאָס הייסט, נס גדול היה שם, א גרוי-סער נס איז דאָרטען געווען, ביי אונז איז דאן די דרעהדע-לאך געוואָרען הייליג. (מיר האָט שוין ניט פארדראָסען אויף דער עולה פון דער צינענער טעלער).

פאַרנאַכט, אז דער טאַטע האָט געבענטשט די ערשטע חנוכה ליכטעלע בין איך געשטאנען און געקוקט מיט אזא באַ-גייסטערונג, אז מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט די גאנצע געשיכ-טע פון נס חנוכה ווי דער רבי האָט דערצעהלט. אָט די קליי-נינקע ליכטעלאך מיט זייער טונקעלען פייערל האָט דאן אָנגע-צונדען א ליעבשאַפט אין מיין קינדערשע האַרץ צו אונזער אידישע פאָלק מיט איהרע העלדען, וועלכע האָבען זיך מפקיר געווען פאַר זייער פאָלק און אמונה. אָט דער קליינער, דונקע-לער פייער וועט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען ווערען פון דאָס אידישע האַרץ, דער פייערל באלייכט איהם די פינסטערע נעכט פון זיינע גלות-יאָהרען, ער זאָל זיין וועג ניט פארלירען, ווי אמאָל דער עמוד האָש אין דער מדבר.

30

# חנוכה געלט

איך בין געשטאַנען אַזוי פאַרטיפט אין מיינע געדאַנקען און געקוקט ווי די ליכטעלע ברענט, האָב איך דערהערט ווי דער טאַטע רופט מיך. — קומט אַהער, איך וועל דיר געבען חנוכה-געלט!

דערהערענדיג דעם וואָרט „חנוכה-געלט" איז באַלד פאַרשוואונדען געוואָרען אַלע מיינע געדאַנקען מיט דער חנוכה-ליכטעל און צוגעלאָפען צום טאַטען. ער האָט מיר געגעבען אַ צעהנעריל (פינף קאָפּיקס) און די מאַמע דריי קאָפּיקעס. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ גאַנצער אייגענס. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מיין קאַפּיטאַל פאַרגרעסערט געוואָרען וואָס די געסט, וועלכע זיינען געקומען צו אונז האָבען מיר געגעבען חנוכה-געלט, האָב איך אויפגענעהט אַ ביימעלע מיט אַ שנירעלע פאַרבונדען און אָנגעטאָן דאָס אויפ'ן האַלז. יעדע ווייַלע פלעג איך אָנטאַפּען דאָס ביימעלע צי זי איז דאָ? ביינאַכט פלעג איך זי אַריינלעגען אין קעשענע פון די הויזלאַך און לייגען זיי צוקאָפּען אונטער'ן קישען. די מאַמע האָט דאָס אַמאָל דערזעהן, האָט זי מיר געזאָגט, אַז תחתונים (הויזען) טאָר מען ניט לייגען צוקאָפּענס, ווייל דאָס שאַדעט צום „זכרון", האָב איך פון דאַן אָן איינגעוויקעלט דאָס ביימעלע אין „אַרבע-כנפות". פיעל מאָל פלעג איך זיך אויפכאַפּען אין מיט'ן נאַכט מיט אַ געשריי, פון די חלומות, אַז מען האָט ביי מיר די ביימעלע אַרויסגע'גנב'עט. שבת'דיגען טאָג איז גאָר געווען אַ צרה, טראָגען מיט זיך טאָר מען ניט און קיין זיכערען אָרט צו באַהאַלטען האָב איך ניט געהאַט, נאָר אַ גוטע קאָפּ גיט זיך אַן עצה. אין באַלקען, וואָס איבער דעם אויוועוען וואו עס ליגען

באַהאַלטען די אָפּגעשלאָגענע הושענות פון הושענע רבה, דאָס איז זעהר א גוטער אָרט. א גנב וועט אהין ניט קריכען, און ווידער די הושענות איז א גוטע שמירה. זיי וועלען שוין איינ־היטען גוט די בייטעלע פון גנבים, ווי א מזוזה פון מזיקים. הושענות איז דאָך הייליג! איז פון דאמאָלסט אָן פלעגט די בייטעלע האָבען רוה אלע שבת אונטער'ן באלקען מיט די טרוקענע הושענות. נאָך הבדלה פלעג איך באלד ארויפקרי־כען אויפ'ן אויווען און אראָפּנעמען זי, נאָר איך האָב מורא געהאט טאָמער הלילה טרעפט א שרפה שבת, ווען מען פלעגט אָנהויבען קלינגען (אין א שרפה קלינגט מען אין די גלעקער), פלעגט זיך מיר ממש אָפּרייסען אין הארצען, טאָמער איז דאָס ביי אונז. איך האָב געהאט פון דאָס געלט מעהר צער ווי נחת. אָט אזוי לאָזט די געלט ניט רוהען. „מרבה נכסים מרבה דאגה". וואָס מ'איז רייכער, האָט מען מעהר זאָרג.

## 31
## איך קויף ספרים'לאך פאר מיין געלט

גאָט האָט אויף מיר רחמנות געהאט, איך בין פטור געוואָרען פון דאָס געלט אין א גוטען אופן. צו אונז אין שטעדטעל איז געקומען א מוכר ספרים, א איד וואָס פארקויפט אידישע ביכער. אָט די מוכרי ספרים'ניקעס פלעגען ארומפאָהרען מיט זייערע ספרים מכל המינים אויך מיט מזוזות, ציצית, ארבע כנפות'ים און ד. ג. א ביידעל איינגעשפאנט מיט א מאָגער פערדעל, פלעגט ער זיך אָפּשטעלען נעבען שוהל, און פריה און פארנאַכט, ווען מען געהט דאַווענען פלעגט מען זיך ארומשטע־לען ארום זיין ביידעל, ווער קויפען ספרים און ווער כאפען עפּעס איבערלעזען א ביכעל. דערווייליע איז ארום זיין ביידעל געווען א גאַנצער יאַריד. (מענדעל מוכר ספרים — דער זיידע אברא־מאָוויטש באשרייבט דעם טיפּ פון די אמאָליגע מוכרי ספרים אין זיין בוך „די קליאטשע") אַזאַ מוכר ספרים האָט זיך גע־שטעלט ביי אונז נעבען שוהל מיט זיין ביידעל. צווישען אלע מענשען, וואָס האָבען באלאגערט די ביידעל, בין איך אויך

געווען, האָב איך דערזעהן צווישען די ביכער א קליין סידור'ל מיט רויטינקע טאָוועלאך און אויף איין זייט איז געווען מיט גאָלד פאַרב אויסגעמאָלט „משה רבינו" מיט די שטראַהלען אויף זיין פנים און אין די הענט האַלט ער די לוחות מיט די עשרת הדברות. דער סדור'ל איז מיר זעהר געפעהלען געוואָרען און דער מקח פון איהם איז געווען ריכטיג נאָך מיין פאַרמעגען, האָב איך געקויפט דעם סידור'ל און פטור געוואָרען פון מיינע חנוכה-געלט. איך פלעג אין איהם דאַווענען מיט כונה. מיר פלעגט זיך אויסדרוכטען, אז משה רבינו הערט זיך צו ווי איך דאַווען. פון דאמאָלסט אָן האָב איך געקריגען חשק צו קויפען נאָך אזעלכע ספרים'לאך. איך פלעג ניט אויסגעבען דאָס געלט, וואָס די מאַמע פלעגט מיר געבען מיט זיך אין חדר צו קויפען זיך צום עסען און געקליבען ביז וואנען עס איז גע־קומען א מוכר ספרים און געקויפט פאר דאָס געלט ספרים'לאך, א תהילים'ל, א בענטשער'ל, א הגדה'לע. איך האָב שוין גע־האָט א גאנצע „ביבליאָטעק". אין א צייט ארום איז געקומען צו אונז מיין שוואָגער מ. ש. און געגעבען מיר א מתנה א פער־טעלע (25 קאָפּיקעס), האָב איך געקויפט פאר דאָס געלט א „תיקון" לערנען זיך לייענען אין ספר תורה. איך האָב זיך מתקנא געווען אָן מיין רבי'ן, וואָס ער איז א בעל קורא, נאָר איך האָב נאָך געהאט דריי יאָהר צו ווערען בר מצוה, איך זאָל מעגען זיין א בעל קורא", האָב איך געגאַרט אז איך זאָל גיכער אריבערקומען די צייט. אזוי ליגט שוין אין דער נאַטור פון דעם מענשען, ער איז קיינמאָל ניט צופרידען מיט דעם וואָס ער איז. אין די יונגע יאָהרען ווילט זיך איהם אַלט ווערען, אויף דער עלטער וואָלט זיך איהם ווענען צוריק יונג ווערען. מיר האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער א בר מצוה ווערען, זיין א בעל קורא.

מיין פאָטער האָט דערזעהן, אז איך האָב אוועקגעוואָרפען די גמרא און גענומען זיך צום תיקון, האָט ער ביי מיר צוגענו־מען דעם תיקון און געזאָגט מיר, אז איך זאָל דאָס מעהר ניט

לערנען. ניט ווילענדיג האָב איך געמוזט אויפגעבען דעם פּלאַן צו ווערען א בעל־קורא.

אָ, ליבער פאָטער; דו האָסט געוויס געוואָלט מיין טובה, איך זאָל זיך האַלטען ביי דער גמרא, אבער דו האָסט ניט געוואוסט וואָס די צייט קען ברייגנען, אז איך וועל זיך געפינען אין דער גאָלדענער מדינה, וואָס ביי זיי צאָלט מען פאר א „מהפך פשטא", פיעל מעהר ווי פאר א בלאָט גמרא. דו האָסט מיט דיין גוטסקייט מיר גע'פּטר'ט צוויי זאַכען, וואָס אַמעריקע צאָלט דערפאר גוטע געלט: א בעל־תקיעה און א בעל־קריאה, און אלץ צוליב דער גמרא, וואָס אמעריקע פאָ־דערט דאָס זעהר ווינציג. נאָר איך בין חלילה ניט ברוגז אויף דיר, דו האָסט געטאָן ווי עס פאָדערט פון אן אמת'ן, ריכטיגען מענשען, וואָס זוכט די וואַרהייט, און איך האָב אויך קיין חרטה ניט וואָס איך בין געבליבען ביי דער גמרא און ניט ביים תיקון און ביים שופר.

## 32
## דער צווייטער האַלבער ווינטער, חודש אדר, אסתר תענית, פורים, סעודת פורים

דער צווייטער האלבער ווינטער איז פאר אונז חדר־קינדער געוועזן שווערער פאר דעם ערשטען האַלבען ווינטער, ווייל אין דער צייט איז אחוץ דער גמרא צוגעקומען שווערע סדרה'ס, חומש מיט רש"י, ווי פרשה משפטים, תרומה, תצוה, אלע דינים און משפטים, וועלכע א רב דארף דאָס וויסען און די גאַנצע ארבייט פון משכן, פון די מזבחות, די מנורה מיט איהרע כפתורים און פרחים. דער רבי האָט אונז אויסגעמאָלט אויפ'ן פּאַפּיר א מנורה מיט אלע צאַצקעס, כאָטש ער האָט אליין ניט געוואוסט וואָס איז פאר א וואונדער? אז משה רבנו האָט ניט פאַרשטאַנען ווי צו מאכען ביז וואַנען גאָט האָט איהם געוויזען א מנורה פון פייער, און אונזער רבי האָט געפאָדערט פון אונז, אז מיר זאָלען פאַרשטעהן. ער האָט אונז אויך געוויזען דעם חושן מיט'ן אופד, מיט די בענדלאך, מיט די דימענטענע 12

שטיינער, וואָס דער כהן גדול האָט געטראָגען אויפ'ן הארצען און דעם אופד פון הינטער ווי א פאַרטוך און דעם ציץ אויפ'ן שטערען, אויך ווי דער משכן האָט זיך געבויט, די ברעטער, די שוועלען, די פאַרהאַנגען, די לענג און די ברייט פון יעדער זאַך. ווי ער איז געשטאַנען, ווי אן אמת'ער ארכיטעקטער, ווי דער קינסטלער אמאָליגער בצלאל האָט געמאכט, און דער רבי האָט פון אונז 8-9 יאָהריגע קינדער געפאָדערט מיר זאָלען דאס וויסען ריכטיג, וואָס אמאָליגע געטליכע מייסטער האָבען גע־בויט. דער רבי אליין איז אויסגעמאטערט געווארען אָן האָט אונז געמאטערט, און ניט ער האָט געוואוסט און ניט מיר. היינט פרעג קשיות, וואָס האָט מען דאָס געדאַרפט?

איך וועל דאָ ניט רעדען וועגען דעם סדר-הלימוד פון אַמאָל, צי ער איז געווען גוט צי שלעכט. איך דערצעהל מעהר ניט, אז מיר האָבען געהאט זעהר פיעל ארבייט ביז'ן חודש אדר. אונזער חכמים האָבען געזאָגט: „משכנס אדר מרבים בשמחה", אז דער חודש אדר קומט ווערט פרעהליך, דאָס איז טאַקע א פרייד געווען פאר די חדר-קינדער; מיר האָבען אויפ־געהערט לערנען בייניאכט, מיר האָבען אין דעם חודש א יום־טוב'ל פורים און עס שמעקט מיט סוף הזמן. אָנגעהויבען לער־נען ווינציגער גמרא, לערנען מגילת אסתר, עס איז גרינג און פרעהליך. פון יעדען קאפיטעל האָבען מיר געפיהלט א בא־זונדער פארגעניגען. צום ערשטען וואָס ושתי המלכה האָט גע־האָט א מפלה, אָט די מרשעת, וואָס פלעגט אויסטאָן אידישע קינדער נאַקעטע און ארבייטען מיט זיי שבת, האָט איהר גאָט באשטראָפט, אז איהר מאַן אחשורש המלך האָט געהייסען זי ארייגפיהרען צו איהם אויף זיין מאָלצייט אויך א נאַקעטע און זי האָט ניט געפאָלגט האָט מען זי גע'הרג'עט און אויף איהר אָרט האָט אחשורש אויסגעקליבען אן אנדער מלכה, א אידישע מיידעל הדסה (אסתר) מרדכי'ס א פלימעניצע. אפילו א פּאָר קאַפּיטלאך האָבען מיר הארצוועהטאָג געהאט לערנענדיג, ווי המן הרשע האָט געוואָלט אויסקוילען אלע אידען און געמאכט

א תליה אויפהיינגען מרדכי'ן, וואָס ער האָט זיך ניט געבויגען פאר איהם. אבער פון די איבעריגע קאפיטלאך האָבען מיר פיעל נחת געהאט, ווי המן הרשע האָט געהאט די מפלה, ווי ער האָט געמוזט פיהרען זיין שונא מרדכי דעם אידען רייטענדיג אויף דעם קעניג'ס פערד און שרייען איבער'ן גאָס, אז דאָס טוט ער אָן כבוד מרדכי דעם אידען, און צום סוף האָט מען דעם רשע המנ'ען אויפגעהאנגען אויף דער זעלביגער תליה, וואָס ער האָט געמאכט פאר מרדכי היהודי איהם מיט זיינע צעהן קינדער. אונזערע קינדערשע הערצער זיינען פול געווען מיט פרייד אויף דעם צורר היהודים'ס מפלה.

אויף איבעראיאָהר האָבען מיר געלערענט די זעלביגע מגילת אסתר און מיר האָבען געהאט די זעלבע שמחה ווי פאראיאָהרען, גלייך ווי מיר וואָלטען דאָס לערנען דאָס ערשטע מאָל. אזוי איז די נאַטור ביי קליינע קינדער און אפילו ביי גרויסע מענשען מיט קינדערשען שכל. א חסיד קען דערצעהלען מעשיות פאר זיינע חסידים, וואונדער פון גוטע אידען, צעהן מאָל די זעלביגע זאך און זיי ווערען דערפון נתפעל, גלייך ווי זיי וואָלטען דאָס הערען א ניים דעם ערשטען מאָל.

אסתר תענית איז ביי אונז אין חדר געווען יום-טוב'דיג, דער רבי איז אויך געווען פרעהליך כאָטש ער האָט געפאַסט. (עס איז דאָך אסתר-תענית). איך ווייס ניט עד היום וואָס איז מיט איהם די שמחה געווען? צי ער האָט זיך געפרעהט פון המנ'ס מפלה, אדער ווייל ער איז גלייך פון שוהל אין חדר געקומען? האָט ער דער רביצנ'ס פנים ניט געזעהן און אויף הוצאות פורים ניט געבעטען. נאָר וואָס איז אונזער דאגה געווען צו וויסען וואָס זיין שמחה איז געווען, אבי ער האָט אונז געוויזען א פרעהליכען פנים, און אז דעם רבי איז פרעהליך באַגעהט ער זיך פריינדליך מיט זיינע תלמידים. ער האָט אונז דערצעהלט שעהנע מעשיות פון „תרגום שני", די חכמות פון שלמה המלך, פון זיין קעניגליכע קונציגע שטול, די כסא המלוכה און וואָס ער האָט געקענט אלע זיבעציג שפּראכען, אפילו די

שפּראַך פון בהמות, חיות און עופות, ווי ער האָט זיך צונויפ־
גערעדט מיט א ווילדען האָן און דורך איהם א בריעף געשיקט
צו דער „מלכת שבא" און די רעטעניש, וואָס זי האָט ביי איהם
געפרעגט און ער האָט איהר געזאָגט, און נאָך, נאָך חכמות פון
שלמה. מיר האָבען פארגעניגען געהאט פון אלע הכמות פון
שלמה, נאָר איך האָב ניט פאַרשטאַנען דאן און איך פארשטעה
איצט אויך ניט, וואָס פאר א שייכות איז שלמה המלך'ס חכמה
און דער ווילדער האָן מיט מגילת אסתר און מיט פּורים?
פיליכט איז דאָס א משל? אזוי ווי שלמה המלך איז געווען א
גרויסער חכם, אזוי איז המן געווען א גרויסער רשע, און אזוי
ווי דער האָן איז געווען א ווילדער, אזוי איז דער קעניג
אחשורוש געווען א ווילדער (ווי די גמרא רופט איהם אָן
„מלך טיפש"), נאָר ווי דאָס איז? אבי א שעהנע געשיכטע.

## 33
## די מגילה, שלוח מנות

פאַרנאַכט זיינען אלע אין שׂוהל געקומען, מענער און
פרויען, קינדער מיט זייערע מלחמה־געציייג, שרייער, קאָלע־
קאָטקעס צו שלאָגען המנ'ען. אויפ'ן בימה איז געשטאַנען
צוויי טעלער מיט צעטלען, אויף איינעם אָנגעשריבען מגילה־
געלט און אויף דעם צווייטען מחצית השקל־געלט. די מגילה־
געלט איז געווען פאר מיין רבי'ן, וואָס ער לייענט די מגילה
און וואָס ער איז דער בעל קורא א גאנץ יאָהר (דאָס איז געווען
זיינע גאנצע שכירות) די מחצית־השקל געלט איז געווען אויף
צדקה. דער עולם האָט זיך פאנאנדערגעצאָלט און דער רבי
האָט אָנגעהויבען לייענען די מגילה, דער עולם האָט זיך צוגע־
הערט און מיר קינדער זיינען געשטאנען גרייט מיט אונזערע
געצייג און צוגעהערט גוט מיר זאָלען ניט איבערלאָזען איין
מאָל המנ'ס נאָמען, האָבען מיר נאָך דערהערט זיין נאָמען,
פלעגען מיר אָנהויבען קלאפּען מיט אלע כחות מיט די קאָלע־
קאָטקעס, מיט די שרייער, נוקם זיין זיך אָן דעם צורר היהודים,

אפילו די גרויסע מענשען פלעגען אויך טופען מיט די פיס, זאָל ער וויסען דער צורר ווי פארטשעפּען זיך מיט אידען. אָט אזוי רעכענען מיר זיך מיט אונזערע בלוטיגע שונאים, מיט הילצערנע גראַגערס, מיט שימפּ־ווערטער, קיין גרעסערע נקמות ווי אנדערע טוען זיינען מיר ווייט דערפון. מיר געהען ניט ארוים מיט אונזערע פיינט אויפ׳ן שלאכט־פעלד, נאָר מיר זיינען יוצא מיט ווערטער, מיט א טופּע מיט׳ן פוס.

נאָך דער מגילה איז מען אוועק צופרידענע אהיים, כאָטש הונגעריגע (פון אסתר־תענית), אבער זאַטע מיט נקמה, אָפּגערעכענט זיך מיט המן הרשע. פורים אין דער־פריה האָט מען געלייענט די מגילה נאָך אַמאָל ווי דער דין הייסט, אז מען ,דאַרף לייענען די מגילה צוויי מאָל, נאָר דעם צווייטען מאָל אין דערפריה איז שוין ניט געווען אזא געפּילדער ווי ביינאכט, המן האָט שוין געקראָגען ווינציגער קלעפּ, ווארום דער איד איז בטבע א בארימהערציגער, אפילו זיין ביטערען שונא קען ער אויך ניט שלאָגען צופיעל.

דער גאנצער טאָג איז אוועק וואָכעדיג, ווי אלע טעג פון יאָהר: געארבייט, געפיהרט געשעפטען, נאָר דער וואַרמעס איז געווען א יום־טוב׳דיגער. אויף יעדען אידישען טיש האָט זיך געמוזט געפינען ביים וואַרמעס המן־טאַשען (א דריי־עקענ־דיגע אויסגעבאקטע טייג אנגעפיהלט מיט מאָן) און קרעפּלאך, אַנשטאָט דעם וואָכעדיגען קרופּניק, אויך האָט זיך אויסגע־צייכענט דער פורים׳דיגער טאָג מיט די שלוח־מנות, אין די גאַסען זיינען אומגעלאָפען אינגלאך הין און צוריק, איינציגווייז און פּאָרווייז און האָבען געטראָגען שלות מנות, וואָס איינער האָט געשיקט צום צווייטען. טעלער אָנגעפיהלטע מיט צוקער־געבעק מכל המינים: פייגען, ניסלאך, אויך אן אָפּעלסין און ד״ג און זיינען געווען באדעקט מיט ווייסע טיכלאך, האָבען געהאל־טען שטייף די טיכלאך פאר די עקען און געלאָפען גיך, נאָר אָפטמאָל אָפּגעשטעלט זיך ווען מען האָט זיך באגעגענט מיט חברים שלוח־מנות־טרעגער, דורכגערעדט זיך. פיעל שלוח־

מנות געלט געמאכט און געלאָפען ווייטער, דער טאָג שטעהט ניט, דאָס איז דער איינציגער פרנסה טאָג אין יאָהר.

דער אמת׳ער יום-טוב פון פורים איז געווען פארנאכט, דאן האָט זיך אָנגעהויבען די סעודת-פורים, אין יעדער הויז האָט געהערשט א פורים׳דיגע פרעהליכקייט, יעדער מיט זיין פאַמיליע איז געווען אויסגעזעצט ארום א באדעקטען טיש (נאָך זיין פארמעגען), א פורים-קיטקע אָנגעשטעקט מיט ראַזשינקעס איז בכבוד׳איג געלעגען אָהן א צודעק אויפ׳ן טיש און געוואַרט אויפ׳ן בעלהבית מאכען איבער איהר המוציא, טעלער באָב און ארבעס געקאָכטע האָט אויך ניט געפעלט, דאָס איז געווען א זכר וואָס אמאָל האָבען דניאל חנינה מישעאל ועזריה געגעסען זרענים אין בבל, האָבען ניט געוואָלט עסען מפת-בג המלך קיין טריפת, מען איז געווען בגלופנ׳דיג ווי דער דין זאָגט: — חייב אדם לבסומי — פרעהליך פלעגט ווערען, ווען די פורים-שפּילער פלעגען אריינקומען אין הויז, דאָס איז א גאַנצע קאַפּעליע איינגעסטראָיעט א פורים-שפּיל טרופּע, די גאַנצע געשיכטע פון דער מגילה. פלעגען ארומגעהן איבער אלע הייזער פורים ביינאכט און ווייזען זייער קונסט אין דער פורים-שפּיל. די טרופּע ארטיסטען איז באַשטאַנען: אחשורש דער קעניג, המן הרשע, מרדכי הצדיק און אסתר המלכה. פיער בחורים בעלי מלאכות, וואָס דורך דעם ווינטער זיצענדיג ביי זייער ארבייט האָט יעדער אויסגעשטודירט זיין ראָל. אחשורש איז געווען אָנגעטאָן ווי אן אמת׳ער קעניג אין זיינע פּאַפּירענע, באגולטע, קעניגליכע מלבושים מיט א פּאַפּירענע קרוין אויפ׳ן קאָפּ און א הילצערנער שווערד ביים זייט. המן הרשע, א בחור מיט פייערדיגע אויגען מיט א פלאמענדיגען פּנים, אָנגעטאָן אין א מונדיר (גענומען ביים סטראזשניק פון וואַלד) און א פּאָר שטיוועלאך מיט גלאנציגע כאָליאוועס (ער האָט זיי אליין געמאכט, א שוסטער געווען), מרדכי הצדיק מיט א לאנגע באָרד און פּואות, א היטעל מיט א יארמולקע אויפ׳ן קאָפּ און א לאנגע קאפּאָטע, מרדכי מיט די ביינער. א אסתר

המלכה, אין א לאנגע פארשלוימפערטע, ווייבערשע קליידעל, אויסגעווייקט אין פורים'דיגע בלאָטע פון דעם צוגאַנגענעם שניי, שעהן ווי א מלכה.

אָט די ארטיסטען פלעגען אומגעהן פורים פון הויז צו הויז און פאַרשטעלען די גאנצע געשיכטע פון פורים, ווי אחשורש זיצט אויפ'ן שטול און המן קומט פאַר איהם הויבט אָן שיטען אויף די אידען פעך און שוועבעל און פועלט ביי דעם נאַרישען אחשורש להשמיד ולהרוג את כל היהודים און מאכט נאָך פאר מרדכי'ן א תליה, אבער מרדכי גיט דאָס צו וויסען זיין פלימעניצע אסתר המלכה און זי געהט צום קעניג און פאלט אויף די קניע און בעט פאר איהר פאָלק. אחשורש איז מבטל די גזירה און באפעלט מען זאָל המן הרשע הענגען. נאָכדעם זינגט די גאנצע קאפעליע שושנת יעקב. זיי האָבען ביי אונז צו דער סעודה אויך פאָרגעשטעלט אלץ. איך האָב זיך געוואונדערט ווי ריכטיג זיי האָבען דאס געמאכט אזוי ווי מיר האָבען געלערענט אין דער מגילה.

איך האָב געפרעגט ביי מיין פאָטער, פארוואָס זאָל מען דאָס ניט פאָרשטעלען אין שוהל פאר אלעמען, פון דעם וואָלט מען דאָך א סך מעהר וויסען די געשיכטע ווי מען לייענט די מגילה, וואָס ווינציג ווייסען וואָס מען לייענט? מיין פאָטער האָט מיר געענטפערט, אז אין א שוהל איז ניט פאַסיג פאַר־שטעלען אזא קאָמעדיע, דאָס איז א חלול הקדש אריינפיהרען א בחור אין א ווייבערשטע קליידעל. נאָך מיין פראגע איז גע־ווען גענוג דער תירוץ.

ביי אונז ביי דער סעודה איז געווען גאנץ פרעהליך, נאר איך בין געווען אביסעל צוטראָגען. איך האָב געשיקט מיינע חברים שלוח מנות, פלעג איך יעדען מאָל מורא האָבען מען זאָל ניט אראָפּנעמען מיינע שעהנע שלוח מנות און אָפּשיקען ערגערע, נאָר א דאנק ג' איך בין ארויס אָהן היזוק, אבער אהן ריוח אויך. דער פורים איז אראָפּ גאַנץ פרעהליך פאר אונז קינדער און פאר די גרויסע מענשען אויך.

34

# דער בין הזמנים וואָס פאַר פּסח

נאָך פּורים איז אונז אין חדר ניט שלעכט און ניט שווער געווען. ביינאַכט ניט געלערענט מעהר, בייטאָג איז דער לערנען אויך גרינגער געווען. עס האָט געשמעקט מיט סוף הזמן, דער רבי איז זיך באַגאַנגען פריינדליכער און אז עס איז געקומען ראש חודש ניסן, דאַן איז גאר איז געוואָרען א לעבעדיגע וועלט פאַר אונז. געלערענט מעהר ניט האַלבע טעג, אויס גמרא לער־נען, פאַרנומען זיך מיט פּסח'דיגע למודים: הגדה, פיער קשיות, קידוש און ווי דעם סדר פּראַווען. אַכט טעג פאַר פּסח, געלאָ־זען אונז אין גאַנצען פריי, אפילו דער סוף־הזמן איז פיעל קלענער פאַר דעם ימים נוראים'דיגען, אָבער א פרעהליכער, קורץ און גוט! נישטאָ קיין תהילים זאָגען אלע טאָג, קיין סליחות, קיין מחזור, תעניתים, מען וואַרט אויף א סדר, א כוס וויין, קניידלאַך, ווי אמאָל האָט א ישובניק (דאָרפסמאַן) גע־זאָגט — אָט דער יום כפור איז אָן אָנשיקעניש, יעדע רגע זאָג אשמנו, על חטא, וואָס א וואָרט, א ריס אין הארצען, אָבער דער ליבער פּסח איז א פאַרגעניגען, מען זאָגט הגדה, וואָס א וואָרט איז א גלעזעל וויין מיט א קניידעל, עס איז פּשוט א מחיה!

דער חודש ניסן איז א צייט פון פרייהייט, אין איהם זיי־נען אונזערע עלטערען באפרייט געוואָרען פון מצרים. די גאַנצע נאַטור באפרייט זיך פון איהרע שווערע קייטען אין וועלכע זי איז געווען איינגעשמידט אין פאַרלויף פון די ווינ־טער'דיגע חדשים. נאָך א האלב יאָהר פון פאַרגליווערונג און טויט קומט צוריק אויפלעבונג און פאַנאַנדערבליהונג. די פאַר־גליווערטע ערד צוגעהט זיך, צועפענט זיך, וואַרפט אראָפּ פון זיך דעם שניי־ווייסען קיטעל און באַפּוצט זיך מיט א גרינעם בליהענדיגען מאַנטעל. אלע באַשעפענישען קריכען ארויס פון

זייערע קברים, וואו זיי זיינען געווען באַגראָבען דעם גאַנצען גרויזאַמען ווינטער, אין די סעדער און וועלדער וועלכע קליי־דען זיך אָן מיט זאַפטיגע, גרינע בלעטער, הערט מען געזאַנ־גען פון פויגלען, וואָס זינגען פריהלינגס לידער צום שעפער. די הימלען ווערען קלאָר, וואַרפען אראָפּ די טרויער קליידער, די געדיכטע, שווארצע וואָלקענס, די זון שיינט אָהן שטערונג, איהרע שטראַהלען ווארעמען די אָפּגעקילטע וועלט, די טייכען ווארפען אראָפּ פון זיך דעם שווערען צודעק, די משא וואָס האָט זיי געדריקט, די לאַסט פון די שווערע אייז, וואָס האָט זיי פעסט איינגעשלאָסען. זיי צוברעכען, צורייסען אויף שטי־קער און די וואַסערען ווערען פריי, לויפען מיט שטורעם, טראָ־גען אוועק די שטיקער אייז ביז זיי ווערען צושמאָלצען.

אָט אין דעם פריהלינג חודש, וואָס די גאַנצע נאַטור ווערט באַפרייט, איז די מענשליכע הארץ, די נשמה פון יעדען פיהלט פרייהייט, דערהויבענקייט און בפרט דאס אידישע הארץ. די אידישע נשמה ווערט פול מיט הייליגע געפיהלען, דערמאָנענ־דיג זיך אויף די באפרייאונג פון זיינע אור־עלטערען. אָט אין דער צייט זיינען מיר אויך באַפרייט געוואָרען פון חדר, וואו מיר זיינען געווען פארשפארט דעם גאַנצען ווינטער פון פריה ביז׳ן שפעט ביינאַכט. מיר זיינען ארויס פריי אויף גאָט׳ס וועלט אָטעמען מיט פרישע פריהלינגס־לופט. שעהנ׳ווייז פלע־גען מיר ארומלויפען אין די גאַסען זעהען ווי דער צושמאָל־צענער שניי מאכט פול די גראָבענס מיט וואסער, וועלכע לויפט אין די טייכען. מיר פלעגען שטעהן ביים ברעג טייך און באַ־וואונדערען ווי די וואַסער טראָגט די שטיקער אייז, ווי זיי לויפען מיט שטורעם און שטופען און שטויסען איינער דעם צווייטען, די גרויסע, די שטארקע צושלאָגען די שוואכערע, די קלענערע אויף שטיקלאך, מאכען פאר זיך א פרייע וועג, ווי מיר מענשען אויף דער יבשה, דער שטאַרקער צוקלאפט און שטויסט אָפּ דעם שוואַכערען פון זיך בכדי צו מאכען פאר זיך א פרייע וועג ער זאָל קענען געהן אומגעשטערט.

# דער פּאָדראַד וואו מען באַקט מצה, דער זעקעל פּסח'דיגע מעהל

ביינאַכט פלעגען מיר זיך ארייננכאַפּען אין אַ פּאָדראַד, וואו מען באַקט מצה, זעהן ווי מען באַקט דעם „לחם עני,, העלפען דערלאַנגען א מצה דעם רעדלער, אליין א רעדעל טאָן. אַמאָליגער פּאָדראַד פון מצה באַקען איז ניט געווען ווי איצט, וואָס ווערט געטאָן אלץ מיט מאַשינעס, נאָר אלץ ניט מענש־ליכע הענט דורך שווערע ארבייט. דער פּאָדראַד איז געווען א פּשוטע הויז ביי א בעקער, וואָס האָט א גרויסע אויווען. א פּאָר וואָכען פאַר פּסח, פלעגט ער גוט אויסברענען די אוי־ווען עס זאָל זיין כשר לפּסח, צולייגען ברעטער צוויי, דריי מען זאָל קענען אויף זיי וועלגערען די מצה און 10-15 מיידלאך פלעגען וועלגערען די מצה מיט הילצערנע קאטשעלקעס און לייגען אויף בלעכען, אויף א טיש וואָס איז געשטאַנען נעבען אויווען און א בחור (דאָס רוב אַ ישיבה בחור) האָט גערעדעלט מיט אַן אייזערנעם רעדעלע און דער בעקער — דער זעצער — פלעגט ארויפלייגען די מצה אויף א לאַנגען שטעקען און אריינ־זעצען זי אין אויווען. דער זעצער (ניט הבחור הזעצער), דאָס איז געווען א איד וואָס איז געשטאַנען האלב נאַקעט נעבען אויווען. שוויים האָט גערונען פון זיין פּנים פון די היץ פון דער ברענענדער אויווען. די אויווען פלעגט מיר דערמאָנען די גע־שיכטע וואָס מיין רבי האָט מיר דערצעהלט, אז נמרוד הרשע האָט ארייננגעוואָרפען אברהם אבינו אין קאַלך־אויווען. אָט די קאַלך־אויווען האָט געמוזט זיין אַן אויווען וואו מען באקט מצה, ווארום אין אברהם אבינו'ס צייטען האָט מען שוין אויך געבאַקט מצה. אונזער מוטער שרה האָט געבאַקט מצה פאר די מלאכים, וואָס זיינען געקומען צו אברהם'ען, ווייל דאָס איז פּסח געווען (אזוי זאָגט דער בעל הגדה).

אין א זייט, אין א צימערל איז געשטאַנען א אידענע מיט פארקאַטשעטע ארבעל ביז'ן די אוילענבויגענס, מיט א פאר־בונדענע קאָפּ מיט א ווייסער טוך, געשטאַנען איינגעבויגען און האָט געקנאַטען די טייג. נעבען איהר פוןביידע זייטען זיינען געשטאַנען צוויי אינגלאך, איינער א חמץ'דיגער (א מעהל־שיטער) און איינער א פסח'דיגער (א וואַסער־גיסער). די אינג־לאך האָבען געמעגט רעדען צווישען זיך, אָבער ניט אָנרירען איינער דעם צווייטען ווי פייער מיט וואַסער. זאת תורת הבית, דאָס איז געווען די הויז פון פאַדראַד. הוצאות פון אזא פאַדראַד איז געווען קליינע, ווייל אלעמענס שכירות צוזאמען האָט בא־טראָפען כמעט ניט מעהר ווי פיעל איצט נעמט איין ארבייטער א טאָג און האָבען געארבייט פון זיבען אזייגער אין דער פריה ביז ניין אזייגער אין אווענט. און ערב פסח, אז דער בעל־הבית פון פאַדראַד האָט אויסגערעכענט זיין פארדינסט, איז איהם אויך געבליבען קדחת. די ארבייטער האָבען זיך ניט באקלאָגט וואָס זיי איז ווינציג, ווייל זיי האָבען געוואוסט אז זייער פאַבריקאַנט, דער פאַדריאַדטשיק אליין מאכט אויך ניט קיין גאָלדענע געשעפטען. נאָכ'ן חשבון יעדען טאָג, פלעגט איהם מעהר ניט בלייבען ווי א דרייערל (ר' יהודה'ס פון דער הגדה)*) און דאָס האָבען זיי איהם פארגונען מיט'ן גאנצען הארצען.

אָט אין דעם פאַדראַד פלעגען די בעלי בתים פון שטעדטעל ברענגען זייערע פסח'דיגע מעהל און באַקען מצה פאר זיך. אזעלכע פאַדראַדען האָבען זיך געפונען אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל, נאָך דער צאָל פון די אידישע איינוואוינער. דער זעקעל פסח'דיגע מעהל וואָס האָט זיך געפונען ביי יעדען אידען אין הויז איז ער געווען שטארק אפגעהיט עס זאָל חלילה ניט אָנגערירט ווערען פון איינעם פון די בני־בית מיט חמצ'דיגע הענט. ביי אונז אין הויז איז געשטאַנען דער פסח'דיגער זעקעל מעהל אין הויז אין א ווינקעלע אויף א ריינעם ביינקעלע אונ־

*) די 3 מכות: דצך, עדש, באחב.

טערגעבעט מיט העי און צוגעדעקט ארום מיט א ווייסען לייּ־
לאך. די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט עטליכע מאָל, אז איך
זאָל ניט צוגעהן נאָהענט מיט חמץ צום זעקעל און ניט אָנרירען
איהם. איך האָב זיך געהיט ניט געהן נאָהענט נעבען איהם.
איך האָב גאָר מורא געהאט אפילו א בליק טאָן אויף איהם.
איך בין געוואָרען געוואָרען, אז א איד (דער טרעגער פון פּאָדראַד)
איז געקומען און האָט איהם צוגענומען אין פּאָדראַד. ווי עס
ווייזט אוים האָט דער איד אויך געהאַט דרך־ארץ פאר איהם,
ער האָט איהם ניט געטראָגען ווי מען טראָגט א פשוט׳ן זעקעל
מעהל. אויף זיין רוקען איז געווען פארשפּרייט א גרויסע
ראָגאָזשע אונטער׳ן זעקעל און פון אויבען באַדעקט מיט א
ווייסען ליילאך, און איך מיט דער מאַמען זיינען נאָכגעגאנגען
הינטער איהם און געהיט עס זאָל איהם חלילה קיין סיבה ניט
טרעפען אויפ׳ן וועג, ביז וואַנען מיר זיינען געקומען בשלום
אין פּאַדראַד און צוגעגרייט איהם צו באקען. די מאַמע האָט
געהייסען, אז איך זאָל פריהער (איידער מען וועט אָנהויבען
באַקען אונזערע מצה) אָפּשאָבען מיט א גלאָז אלע ברעטער
און אלע קאָטשעלקעס, עס זאָל זיך אויף זיי קיין טייג ניט גע־
פינען און אליין איז זי געשטאַנען נעבען דער מורע (דאָס איז
די שטיק טייג, וואָס מען שניידט פון איהר טייגלאך פאר די
וועלגערקעס) און געטיילט די וועלגערקעס די טייגלאך. איך
בין ארומגעלאָפען מיט א קאטשעלקע צו די וועלגערקעס צו־
נעמען ביי זיי די מצה און דערלאַנגען דעם רעדלער צום בלעך
און געכאַפּט א רעדעל טאָן אויך. נאָכ׳ן באַקען האָט די מאַמע
געשענקט די ארבייטער צו עטליכע קאָפּיקעס (דאָס איז ביי די
ארבייטער געווען א הכנסה אחוץ זייערע שכירות), אז די
מצה איז געוואָרען פארטיג האָבען צוויי אידען־טרעגער איינ־
געבונדען אין א ליילאך, ארויפגעטאָן אויף א שטעקען און גע־
טראָגען אין צווייען ווי אמאָל האָבען די מרגלים געטראָגען
דעם אשכול ענבים (דעם קוסט וויינטרויבען), ווען זיי האָבען
אויסגעזעהן ארץ ישראל. דעם ליילאך מיט מצה האָט מען

אויפגעהאַנגען אויפ׳ן וואַנט נעבען אויוועו. איך פלעג זיך אָפּט אַרויפכאַפּען אויפ׳ן אויוועו און אָננעמען קעשענעס מיט מצה (געוועהנליך אַז די מאַמע האָט ניט געזעהן, ווייל פאַר פּסח טאָר מען ניט עסען קיין מצה), נאָר דאָס פלעג איך טאָן אין דערפריה איידער איך פלעג זיך צורירען צום ברויט.

## 36
## מען כשר׳ט און מען ראַמט

עטליכע טעג פאַר פּסח איז געוואָרען אַן איבערקערעניש אין אַלע הייזער פון שטעדטעל און ביי אונז אין הויז אויך. מען האָט אַרויסגעטראָגען אַלץ פון שטוב אין דרויסען, מאַכען פּסח׳דיג די שטוב און אַלע כלי-בית. די שטוב איז געוואָרען אין גאַנצען פּוסט מעהר ניט ווי דער ליילאַך מיט די מצה איז געבליבען אויפ׳ן וואַנט, און אויף א ביינקעל,די כלי מיט די פּסח׳דיגע בוריקעס. די היילע ווענט, וואָס זיינען געוועז פאַר־שמוצט דעם גאַנצען יאָהר, אין פילע ערטער שוואַרץ געוועזן, האָבען געוואַרט אויף דעם קאַלכער, וואָס וועט קומען מיט זיין פּענדליק אויף דעם לאַנגען שטעקען און אויסקאַלכען מיט קאַלך, ווייס מאַכען זיי לכבוד יום טוב פּסח.

די טישען מיט די ביינק, שפּייז-אַלמער, מולטער, וואָס מען קנעט חלה, לאָקשען-ברעטער, קאַטשעלקעס, וואָס מען וועלגערט לאָקשען, דייזשעס פון ברויט, לאָפּעטעס, שטעקענס פון ווילקעס און ד. ג. אַלץ אַרויסגעטראָגען אין הויף. גע־שייערט, געשאָבען מיט מעסערס און גע׳כשר׳ט מיט זודיגע וואַסער און מיט אָנגעברענטע שטיינער מיט אייזענס און דערנאָך איבערגעקערט די טישען מיט די ביינק מיט די פיסלאַך אַרויף, זיי זאָלען ליגען און וואַרטען אויף יום טוב. אַזוי זיי־נען געוועזן פאַרשטעלט אַלע הויפען און אונזערער אויך.

שבת הגדול (דער שבת וואָס פאַר פּסח), אין שטוב איז שוין געוועזן ריין, די ווענט ווייס, דער פּאַמאָסט אויסגעוואַשען און פאַרבעט מיט שטרוי, קיין טיש, קיין באַנק איז ניט געוועזן

(אלץ אין דרויסען) פאר א טיש האָט געדינט א דייזשקע און אויבען א לאָקשען ברעט, פאר ביינקלאך — קלעצלאך, ווי תשעה באב אין שוהל צו קינות.

שבת הגדול, דער ווארמעס איז געווען א חמצ׳דיגער, נאָר דער קוגעל א פסח׳דיגער, פון מצה־מעהל (דאָס איז א מנהג ישראל, טאָמער איז פאראַן א חשש פון חמץ אין די מצה, זאָל זיך אויסלאָזען צום קוגעל).

## 37

# די נאַכט פון בדיקת חמץ מיט איהרע געשעהענישען מכירת חמץ, בדיקת חמץ, א שריפה, די ציגענע באָרד

די נאַכט וואָס פאַר ערב פסח, יענע נאַכט איז מען בודק חמץ. פאַרנאַכט זאָגט צו מיר די מאַמע — געה מיין זוהן צו בערעל דעם שניידער, זיין וויב האָט היינט געקוילעט איהר ענדיק, וואָס זי האָט געשטאָפּט אויף פסח (בערעל דער שניי־דער פלעגט זיך נוהג זיין אלע יאָהר, אז תיכף נאָר פורים פלעגט ער קויפען אן ענדיק און זיין ווייב האָט געשטאָפּט דעם ענדיק, געבען איהם מכל טוב זי זאָל האָבען פון איהם פסח׳דיגע שמאַלץ אויף קניידלאך אויף א גאַנץ פסח און א פעטען ענדיק צו די סדרים) — זאָלסט בעטען ביי איהר עטליכע פעדערען גרעּ־סערע, דער טאַטע בעדאַרף דאָס האָבען אויף בדיקת חמץ. ער וועט באַלד קומען, ער איז ביים רב, ער פארקויפט איהם דעם חמץ אונזערען.

— וואָסער חמץ האָבען מיר ? די בולקעס וואָס דו האָסט אויסגעבאַקט, וועלען מיר דאך מאָרגען אויפעסען, און אז עס וועט בלייבען, האָסטו דאך געזאָגט, אז דו וועסט אָפּגעבען דער גוי׳ע וואָס נעמט אראָפּ ביי אונז אלע שבת די לייכטער.

אלע חמצ׳דיגע כלים, וואָס געפינט זיך אין שטוב, און דעם ברויז מיט די ביער מיט אלע כלים, וואָס דאָרטען געפינט

זיך, דאָס אלץ איז חמצ׳דיג און מען דארף דאָס פארקויפען דעם רב. אלע אידען טוען אזוי, אז פאר פסח פארקויפען זיי דעם רב אלע חמץ וואָס זיי האָבען.

— אויף וואָס באדארף דאָס דער רב אזוי פיעל? און וואו נעמט ער דאס אזוי פיעל געלט אָפּקויפען דעם חמץ פון דער גאַנצער שטעדטעל?

— דער רב נעמט דאָס ניט פאר זיך, ער פאַרקויפט דאָס צו א גוי, ער איז מעהר ניט ווי אַ מעקלער, און יעדער איד באצאָלט איהם פאר זיין טרחה.

— איז דאָס דער גוי אזוי רייך, וואָס ער קען אָפּקויפען אזוי פיעל חמץ? און אויף וואָס דארף דאָס א גוי דעם אידישען חמץ, וואָס וועט ער טאָן דערמיט?

— דער גוי גיט קיין געלט ניט און וועט ביי קיינעם גאר־נישט צונעמען, מעהר ניט איבער פסח זאָל זיך דאָס רעכענען זיינע און נאָך פסח איז דאָס ווייטער אונזערע.

— צוליב וואָס דארף מען דאָס דעם גאנצען געשעפט און פאַרוואָס דארף מען האָבען דערצו א רב מיט א גוי להבדיל?

— איך וואָלט זאָגען, ווייס איך אליין אויך ניט, איך בין ניט געלערענט. דו פרעג ביים טאַטען, ער ווייס אלץ.

איך בין אוועק צו בערעל דעם שניידער נעמען די פע־דערען, נאָר ווי ערשטוינט בין איך געווארען, אז איך בין אהינ־טער אָפּגעשפרונגען פון שרעק, ווי איך האָב נאָר די טיהר געעפענט. איך האָב דערזעהן א משונה׳דיגע בילד, איך האָב געמיינט אז בערעל האָט זיך פון זינען גערירט. איך זעה אז בערעל זיצט רייטענדיג אויף זיין ווייסער ציג, האַלט זי מיטביידע הענט פאר די הערנער און באַשע זיין ווייב שטעהט אויף די קני נעבען דער ציג און האַלט זי פאַר׳ן באָרד. א דער־שראָקענער בין איך פון דאָרטען אנטלאָפען אהיים און דער־צעהלט דאָס דער מאַמען. זי האָט ניט געוואָלט גלויבען און זאָגט — ווי קען דאָס זיין, וואָס איז ער פון זינען אראָפּ?

אַט מיט א שעה צוריק האָב איך איהם באַגעגענט, ער האָט אָפּגעטראָגען ארבייט א בעל־הבית. איז וואָס האָט געשעהן מיט אמאָל? נאָר אז איך האָב זיך געשוואָרען, אז איך זאָג אמת, און זי האָט געזעהן ווי איך שטעה א צושראָקענער איז זי אוועקגעלאָפען צו בערלען. אז זי איז אריין אין שטוב, האָט זי דערוויסט ווי בערעל קריכט אַראָפּ פון דער ציג און זיין ווייב שטעהט נעבען איהם און האַלט אין איין האַנט א שעהר, (מיט וועלכער בערעל שניידט צו ארבעט) און אין דער צוויי־טער האַנט אַביסעל ציגענע האָר.

פרעגט די מאַמע ביי זיי — וואָס איז דאָס געשעהן ביי אייך מיט אייער ציג?

— וואָס זאָל געשעהן? — ענטפערט זיין ווייב באַשע — דאָס וואָס מיר טוען יעדען יאָהר, האָבען מיר היינט אויך אזוי געטאָן. וואָס הייסט? שפּילען זיך מיט כרות יאָהרען! פאַר־זינדיגען די נשמה? עס איז דאך מאָרגען ביינאכט פּסח און די ציג איז אזוי חמצ׳דיג, אפילו מיין בערעל האָט זי היינט פאַר־קויפט צום רב אין חמץ, אָבער ווי קען מען זי מעלקען פּסח און נוצען איהרע מילך? אז זי האָט אזא חמצ׳דיגע באָרד. זי טרינקט דאך ביי מיר אלע טאָג דעם גאַנצען יאָהר חמצ׳דיגע פּוילע — וואַסער מיט קלאַיען. איהר באָרד איז אויסגעווייקט אין חמץ. א נו, גיט נאָר א בליק (ווייזט איהר די אָבגעשאָרענע ציגענע באָרד) ווי חמצ׳דיג זי איז! שוין א דאַנק גאָט דריי יאָהר זינט זי איז ביי אונז און אזוי זענען מיר זיך נוהג תמיד.

די מאַמע ע״ה כאָטש זי איז געוועזן א פרומע, נאָר אזוי פאַנאַטיש איז זי ניט געוועזן. זי האָט געזעהן, אז זי האָט דאָ צו טאָן מיט האַלבע פראַים, האָט זי נאָר געזאָגט — זעהר רעכט, טהוט איהר, א ברכה אויף אייערע קעפּ. זי האָט גע־נומען ביי זיי א פּאָר פעדערען און אוועק אהיים.

דער טאַטע האָט געענדיגט זיין מסחר ביים רב און איז געקומען אהיים. די מאַמע האָט איהם דערצעהלט די געשיכטע מיט בערלע׳ן מיט דער ציג, האָבען מיר געהאַט וואָס צו לאַכען.

ער האָט געזאָגט, ווען דאָס וואָלט געטראָפֿען אמאָל, וואָלט מען צוגעשריבען צום „חמור" פון ר' פנחס בן יאיר אויך די ציג פון בערעל דעם שניידער.

די מאַמע האָט צוגעגרייט אלע מכשירין וואָס מען בע־דארף צו בדיקת חמץ — א הילצערנע לעפעל, א וועקסענע ליכטעל (וואָס איז געבליבען פון די חנוכה ליכט), א פּאָר פעדערען (וואָס זי האָט געבראכט פון בערעל שניידער), א טיכעל מיט א פאָדים אויף ארומבינדען די לעפעל מיט די אויפ־געקליבענע שטיקלאך חמץ און האָט דאָס אלץ איבערגעגעבען דעם טאַטען. מיר האָט מען געגעבען די וועקסענע ליכטעל אָנגעצונדענע, איך האָב צוגעלייכט און דער טאַטע איז געגאנגען צו די באַשטימטע ערטער וואו די מאַמע האָט די חמץ (שטיקלאך טרוקענע ברויט) אוועקגעלייגט און געמאכט א ברכה, נאָכדעם אריינגעשאַרט מיט די פעדערען אין לעפעל און ארומגעבונדען מיט דער טיכעל, אויך די פעדערען מיט דער ליכטעלע. דערמיט האָט זיך געענדיגט די בדיקת חמץ.

איך האָב געפרעגט דעם טאַטען, ווארום באַדאַרף מען פריהער אוועקלייגען די שטיקלאך ברויט און דערנאָך צונויפ־קלייבען זיי?

דער טאַטע האָט מיר געענטפערט, ווייל מען ווייס גוט, אַז יעדער בעל־הבית'טע רייניגט אויס די הויז, אז קיין חמץ זאָל ערגעץ ניט זיין. קען דאָך טרעפען, אז מען זאָל בודק זיין, זוכען חמץ און ניט געפינען, וועט דאך זיין די ברכה וואָס מען האָט געזאָגט איז גאָר אומזיסט, הייסט דאס „א ברכה לבטלה", דערום לייגט מען אנידער די שטיקלאך ברויט, האָט מען דאָך פּאָרט געפונען חמץ, איז שוין דאָס ניט קיין ברכה לבטלה, אָבער ניט מען גערט זוכען אָט די ברויט וואָס מען האָט אוועק־געלייגט.

דער טאַטע האָט נאָר וואָס באהאלטען די לעפעל מיט די חמץ און געוואָלט געהן עסען וועטשערע, האָבען מיר דער־הערט אז מען קלינגט אין די גלעקער, א סימן, אז עס איז א

שרפה. מיר זיינען ארויסגעלאָפען זעהן וואו עס ברענט? ערשט ביי משה דעם סטאָליער ברענט די הויז. די גאַסען זיי־נען געוואָרען פול מיט מענשען, מען לויפט אלע צו דער שרפה, מען שרייט, מען ליארעמט, מען לעשט מיט עמער וואסער די ברענענדיגע הויז, מען שלעפט די זאַכען פון הויז און די שכנים ארום קלייבען זיך פון די הייזער, עס איז א מהומה. די הייזעל האָט זיך אויסגעברענט ווי א ליכט, עס איז מעהר ניט געבליבען די ברענענדיגע אויוועו מיט'ן קוימען שטעהן ווי א מצבה אויף דעם חורבן וואָס דער פייער האָט געמאכט, אבער די אויוועו איז געוועו כשר לפסח, גוט אויסגעברענט נאָך בעסער ווי משה דעם סטאָליער'ס ווייב האָט פאַרלאַנגט, וועלכע זי האָט גע־וואָלט גוט אויסכשר'ן די אויוועו, האָט פאַראורזאכט דעם פייער, וואָס האָט פארברענט איהר הויז און געמוזט אויף פסח קאָכען אין א פרעמדען אויוועו.

## 38
## ערב פסח

ערב פסח אויפגעשטאַנען פריה, אָפּגעגעסען דעם חמצ'די־גען וואַרמעס, די בולקע מיט מילך (דאָס איז א מנהג, אז ערב פסח עסט מען בולקע מיט מילך, ניט קיין פליישיגס)*). באַלד נאָך וואַרמעס האָט מען ארויסגעטראָגען די שטיקלאך חמץ פון הויז, דער טאַטע האָט געמאכט א פייער אין הויף, אריינ־געוואָרפען די שטיקלאך חמץ און געבראכט די הילצערנע לע־פעל מיט די שטיקלאך ברויט וואָס ער האָט צונויפגעקליבען

*) בולקע מיט מילך איז א האַלבער יום־טוב'דיגער וואַרמעס ביי ליטווישע אידען. ער עסט אפילו א שטיקעל הון מיט ווייסע ברויט, מילך מיט בולקע, טרינקט א גלעזעל וויין, עסט קאָפּע מיט פוטער־בולקע, אבער ניט אין איין צייט, חלה מיט הון ערב יום־כפור, בולקע מיט מילך ערב פסח, א גלעזעל וויין צום סדר, קאָפּע מיט פוטער־קוכען שבועות, אבער דעם גאַנצען יאָהר עסט דער אָרימער ליטוואַק ווי גאָט גיט.

ביינאכט צו „בדיקות חמץ״. א גאנצע נאכט איז זי געלעגן א פארבונדענע מיט א טיכעל צוזאמען מיט עטליכע פעדערען פון א פליגעל, וואָס מיט זיי האָט דער טאַטע אראָפּגעשאַרט די שטיקלאך ברויט פון די פענסטער, וועלכע די מאַמע האָט אוועקגעלייגט אויף בדיקות חמץ, און די וועקסענע ליכטעל, וואָס איך האָב צוגעלייכט צו דער בדיקה. אָט דאָס אלץ האָט דער טאַטע אריינגעוואָרפען אין פייער און די לעפעל, די מאר־טירערין האָט לאַנגזאַם געברענט, ווי אמאָל דער קרבן אויפ׳ן מזבח ביז עס איז פון איהר אַשעס געווארען, האָט דאַן דער טאַטע אויסגעטרייסעלט די קעשענעס אויפ׳ן פייער ווי צום תשליך אין וואַסער און אָפּגעזאָגט מיט כונה „כל חמירא״, אוים חמץ אויף אַכט טעג. איך האָב אויך אויסגעטרייסעלט די קעשענעס און געוואָרען פסח׳דיג.

נאָך דער שריפה, האָט די מאַמע מיר געהייסען העלפען ארויסטראָגען די חמצ׳דיגע כלים אויפ׳ן בוידים און אראָפּ־נעמען פון דאָרט די פסח׳דיגע כלים. איך האָב אלץ ארויפגע־טראָגען, צושטעלט אין א ווינקעל, אראָפּ פון ביידעם, צו־וואַשען די הענט און גענומען אראָפּטראָגען די פסח׳דיגע כלים. צום ערשטען האָב איך גענומען דעם טשאָלענט־טאָפּ, דער אוצר פון אלע פסח׳דיגע כלים, אין איהם איז געווען פאַרפּאַקט אין היי גלעזער גרויסע און קליינע (די כוסות), א טשייניק פון טעה, א חריינאווקע פאר חריין, לעפעל, גאָפּלען, א טאַרטקע וואָס מען רייבט חריין, א שיסעלע אויף חרוסת, א לעפעל א הילצערנע אויף מאכען קניידלאך און ד. ג. איך האָב אָט דעם בכבוד׳יגען טאָפּ פאָרזיכטיג צוגעשלעפּט צום לייטער, איבערגעגעבען דער מאַמען בשלום, דערנאָך האָבען מיר אַראָפּגענומען די איבעריגע כלים. עס האָט שוין אין שטוב געשמעקט פסח׳דיג. נאָכדעם האָט די מאַמע מיר גע־הייסען צונויפבינדען אלע צינענע לעפעל, וואָס מען האָט אויס־געשייערט אויף פסח און טראָגען זיי אין באָד כשר׳ן אין דעם זודיגען קעסעל וואַסער, וואָס דער בעדער האָט צוגעגרייט

דערויף. איך בין געגאַנגען אין גאַס און געקלונגען מיט די לעפעל, געטרייסעלט זיי וואָס שטאַרקער. איך בין ניט געווען דער איינציגער איז גאַס, גאַנצע מחנות אינגלאך זיינען גע־גאַנגען מיט די לעפעל אין באָד און האָבען געקלונגען מיט זיי אַז די גאַס האָט גע׳רעש׳ט, אז איך בין געקומען אהיים מיט די אָפּגעבאָדענע לעפעל, האָט מען מיר ווידער געגעבען ארבייט, איך זאָל געהן צום טייך „טובל" זיין די נייע כלים וואָס מען האָט צוגעקויפט אויף פסח (ווארום דאָס רוב, ווען אין מיטען יאָהר אז צוברעכט זיך א גלאָז, א טעלער און ד. ג. געהט מען ניט אָפּקויפען, נאָר מען לייט דאָס ביי פסח׳ן פון זיינע כלים). איך האָב טובל געווען די אלע כלים (מיט א ברכה) און געבראַכט זיי בשלום אהיים, נאָר צובראָכען איין קליינע גלעזעלע. די מאַמע האָט זיך געבייזערט אויף מיר, ניט ווייל זי איז קאַרג געווען. אָט יעקב אבינו איז געווים קיין קארגער ניט געווען, אז ער האָט זיין ברודער עשו׳ן געשיקט אזא גרויסע מתנה פון דעסטוועגען האָט ער צוליב קליינע ליימענע קריגעלאך וואָס ער האָט פארגעסען, האָט ער אין מיטען נאַכט געגאַנגען איבער׳ן טייך נעמען זיי און האָט בעדארפט ראַנגלען זיך א צייט מיט א מלאך און איז הינקענדיג געווארען, און צוליב דעם אָנגעטאָן שאָדען אלע אידען, וואָס מיר טאָרען ניט עסען דעם הינטערשטען חלק פון א בהמה, און דאָס אלץ צוליב עטליכע ליימענע קריגלאך. דאָס הייסט ניט קאַרגשאפט, נאָר וויסען אז מען דאַרף זעהן און געדענקען וואָס מען טוהט און קיין שאָדען ניט טאָן. מען האָט מיר דערנאָך ווידער געגעבען ארבייט: שטויסען מצה אין א שטופע, מאכען מצה־מעהל מיט פארפעלאך. אונזער תורה זאָגט אונז אָן — לא תחסום שור בדישו, אז דו דרעשט דיין ברויט מיט אן אָקס, פארשלים איהם ניט זיין מויל, זאָל ער עסען פון דעם וואָס ער ארבייט, און אז איך האָב געוואָלט נעמען א שטיקעל מצה, ווען איך האָב געשטייסען אין שטופע (איך בין הונגעריג געווען), האָט די מאַמע מיר פארווערט,

(מען טאָר ניט עסען קיין מצה ערב פּסח), דערפאר האָט זי מיר געגעבען א גוטען פארבייסען, איך זאָל אנרייבען חריין „מרור” צום סדר. אָט דער פארבייסען האָט מיר צו טרערען געבראכט.

אז איך בין פאַרטיג געוואָרען מיט דער מאַמעס ארבייט, האָט דער טאַטע געגעבען מיר ארבייט, אָבער ניט קיין שווע־רע. ער האָט מיר געגעבען אַן עפּעל מיט עטליכע וועלעשינע נים איך זאָל דאָס צושטייסען אין א שטייסעל הדק היטב און צומישען דאָס מיט אינגבער און צימרינג, מאכען דערפון „חרוסת”, דאָס איז א זכר „לטיט” (ליים), וואָס אונזערע אורעלטערען האָבען געארבייט אין מצרים „בחומר ובלבנים, געקנאָטען ליים און געמאכט ציגעל. די ארבייט איז מיר גע־פעלען געווען, איך האָב דערווייל אריינגעכאפּט עטליכע יאָד־רעס פון די נים און שטיקעל עפּעל, אפילו דער טאַטע האָט מיר אָנגעזאָגט, אז מען טאָר ניט עסען דערפון, איך זאָל קע־נען עסען די חרוסת מיט טעם צום סדר, נאָר איך האָב ניט געקענט ביישטעהן ביי דעם נסיון, איך זאָל ניט עסען דער־פון (צום סדר האָב איך געגעסען די חרוסת מיט טעם). די מאַמע האָט מיר געגעבען צו פאַרזוכען פון די פּסח׳דיגע מאכלים, וואָס זי האָט געגרייט צום סדר, און איך בין צופרי־דען געוואָרען, נאָכהער האָט זי געגרייט צום טיש, געלייגט אַ ווייסע טישטוך, געשטעלט צוויי לייכטער מיט „מה נשתנה” ליכט, געלייגט דריי מצות אויף אַ טעלער, צוגעדעקט מיט אַ סערוועט, אויף אַ צווייטע טעלער געלייגט אַלע מכשירין, וואָס מען דאַרף צום סדר, אַ זרוע (אַ געקאָכטע פליגעלע פון אַ הוהן) דאָס איז אַ זכר פון קרבן פּסח, אַ „ביצה” אַ זכר „לחגיגה”, מרור, אַן אָנדענק, וואָס איז אַמאָל געווען ביטער אין מצרים, כרפּס — אַ ציבעלע, און אַ טעלער זאַלץ וואַסער אויף איינטינקען. אַ פלאַש רויטע וויין אויף די ארבע כוסות, און די כוסות צושטעלט. איך האָב אָנגעטהאָן מיינע נייע בגדים׳לאַך, וואָס מען האָט מיר אויפּגעניינט אויף יום טוב,

און אַ צופרידענער, גאוה'דיג אַוועק מיט'ן טאַטען אין שול, די שול איז געווען באַלויכטען מיט ליכט אין אַלע היינגלייכ־טער, דער עולם איז געווען אָנגעטהאָן יום טוב'דיג, מיט פרעה־ליכע פּנים'ער אויסגעגלייכט די איינגעבויגענע רוקענס, גע־פיהלט שטאָלץ, זמן חרותינו, אַ צייט פון פרייהייט!

## 39
## דער סדר און דער גאַנצער יום טוב

אַז מיר זיינען געקומען פון שוהל, איז די מאַמע מיט דער שוועסטער שוין געווען אָנגעטהאָן יום טוב'דיג. אין הויז איז געווען ליכטיג, אויפ'ן טיש האָט געפינקעלט די פלאַש רויטע וויין פון דעם שיין פון די „מה נשתנה" ליכט, די הסיבה־בעט איז געווען גרייט. דער טאַטע האָט אָנגעטהאָן זיין ווייסען קיטעל, אַזוי ווי יום כפור צו כל נדרי, אָבער איצט איז זיין פּנים געווען פרעהליך, געזעצט זיך אויף דער הסיבה־בעט, אָנגעשפּאַרט אויף דער לינקער זייט, די מאַמע פון איין זייט, איך פון דעם דעם צווייטען, דער ברודער אב. און די שוועס־טער ש. אנטקעגען. אָנגעגאָסען אלע כוסות. דער טאַטע האָט געמאַכט קדוש מיט'ן יום טוב'דיגען ניגון, דערנאָך דער ברו־דער, דערנאָך האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ העלד, ווייזען מיין קונסט, איך האָב אָפּגעזאָגט דעם קדוש העלדיש מיט'ן ניגון. די מאַמע האָט אָנגעקוואָלען ווי איהר מוזשיניקעל דרשנ'ט. איך אַליין האָב געפיהלט, אַז איך האָב געוויזען גרויסקייט, נאָר איך האָב נאָך בעדאַרפט איבערקומען דעם צווייטען אַקט, די „פיער קשיות". דער צווייטער אַקט איז אויך אַראָפּ זעהר גוט, ווי אַ גוטער אַרטיסט, איך האָב גע־זאָגט אַלע קשיות כסדר אָהן אַ שום טעות, און געוואָרט אויף דעם טאַטענס ענטפער. די מאַמע איז געזעסען און האָט פאַר־גענינגען געקליבען פון איהר זונדעלע. דער טאַטע האָט מיר באַלד געענטפערט דעם פאַרטיגען תירוץ פון דער הגדה — „עבדים היינו" און האָט אונז פאַרטייטשט די גאַנצע הגדה,

גענעבען אונז צו פאַרשטעהן די באַדייטונג פון דעם יום טוב פסח, — וואָס גאָט האָט באַפרייט אונזערע אורעלטערען פון גלות מצרים דורך משה רבינו זיין קנעכט, די נסים, וואָס ער האָט באַוויזען, די שטראָף פון די צעהן מכות וואָס די מצריים האָבען געהאַט דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט געוואָלט באַפריי־ען די אידען, אויך פאַרוואָס מיר עסען מצה און מרור. מיר האָבען אָפּגעזאָגט די הגדה, אויסגעטרונקען דעם צווייטען כוס, געוואַשען זיך צום עסען (וואָסער האָט די מאַמע דער־לאַנגט צום טיש, עס פאַסט ניט פאַר דעם מלך וואָס זיצט מיט די בני מלכים זאָלען געהן זיך וואַשען). דער טאַטע האָט גע־טיילט פון זיין מצה אַלעמען, נאָכדעם דעם מרור, אַלע האָבען געמוזט עסען, כאָטש צו שטיקלאַך, אָבער דער טאַטע האָט אויפגעגעסען דעם אמת׳ן כזית מרור, כאָטש ער האָט זיך שטאַרק פאַרהוסט. איך בין פון דעם מאכל ניט צופרידען געווען, אָבער זיך ניט אָפּגעזאָגט. דער כורך (די מרור מיט צוויי שטיקלאַך מצה) איז געווען גרינגער צו עסען. (איך האָב גערדאַנק הלל׳ן פאַר דעם, וואָס ער האָט געהייסען די מרור מיט די מצה צוזאַמען). נאָך וועטשערע, האָט דער טאַטע גע־וואָלט נעמען דעם אפקומן, האָט ער איהם אָבער ניט געפונען. איך האָב איהם אַרויסגע׳גנב׳עט, דער טאַטע האָט צוגעזאָגט מיר ער וועט מיר געבען נים אויף יום טוב, און איך האָב איהם גענעבען דעם אפקומן. נאָר ער האָט מיר געזאָגט, אויב איך וועל מאָרגען צום סדר טהאָן דאָס, וועל איך מוזען אַליין אויפ־עסען דעם גאַנצן אפקומן. דער אַנדער סדר איז אויך געפּראַ־וועט געוואָרען מיט׳ן זעלביגען פיהרונג ווי דער ערשטער, נאָר מיט ווינציגער פאַראַד, און דעם אפקומן האָב איך שוין מורא געהאַט גנב׳ענען. ביידע טעג יום טוב נאָך וואַרעמס האָט דער טאַטע געשלאָפען, מיר האָט ער ערלויבט געהן שפּילען זיך אַ פּאָר שטונדען, און קומען צוריק אַהיים. מיר האָט זיך ניט געוואָלט אַוועקגעהן פון מיינע חברים, מיר האָבען גוט פאַרבראַכט שפּילענדיג אין נים, נאָר איך האָב געמוזט קומען

צו דער צייט אַהיים. דער טאַטע איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָט ער מיך גענומען צום חומש לערנען מיט מיר „שיר השרים". ער האָט מיר מיט התלהבות געגעבן צו פאַרשטעהן, וואָס שלמה המלך האָט געמיינט אין זיין הייליגען שיר השירים מיט דעם משל פון פאַסטוך מיט זיין געליבטע פאַסטושקע. די הייליגע כוונות וואָס ער האָט דערמיט געמיינט, נאָר ניט איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס שלמה המלך האָט געמיינט, און ניט מיין טאַטע האָט פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב געמיינט. איך האָב געמיינט, אַז פאַר מיר וואָלט געווען פיעל בעסער ער זאָל מיך אָפלאָזען צו מיינע חברים, אָבער ער האָט מיך אָפּגעהאַלטען ביים חומש ביידע טעג ביז מנחה. חול המועד האָב איך געלעבט אַ טאָג, מיין פאָטער איז די פיער טעג דער היים ניט געווען. און אַזוי איז דורכגעגאַנגען דער יום טוב, אוים זמן חרותינו, אוים פריי, מען דאַרף ווייטער געהן אין חדר. אויך די עלטערע מענשען איז געוואָרען אומעטיגער, אויפּגעגעסען די שפייז, די מצה וואָס איז געווען אָנגעגרייט אויף אכט טעג צייט, מען דאַרף זוכען פאַרדינען אויף חמץ.

## 40
## „ספירה טעג ביז שבועות"

אין די „ספירה" טעג, דער איד טאָר שוין ניט פרעהליך זיין, מען טאָר ניט פראַווען קיין שמחות: חתונות, וכדומה, ניט זינגען קיין פרעהליכס, ניט הערען קיין מוזיקע, מען מוז זיין טרויערדיג אבל'דיג. טרויער טעג פון פסח ביז שבועות. אין דער צייט זיינען אויסגעשטאָרבן ר' עקיבא'ס תלמידים 24 טויזענט, וואָס האָבען געהאַלטען מלחמה מיט די רומיים*).

---

*) אגדות חז"ל (גמרא יבמות דף ס"ב) שני עשר אלף זוגות תלמידים היו לר' עקיבא וכלן מתו בפרק אחד, מפסח ועד עצרת. (12 טויזענט פאָר תלמידים האָט געהאַט ר' עקיבא און אַלע זיינען צושטאָרבען פון פסח ביז שבועות).

אַ טאָג נאָך פּסח בין איך אַוועק אין חדר, צום זעלביגען רבי'ן און געלערענט דאָס זעלבע וואָס שטענדיג פון פריה ביז פאַר נאַכט, קיין פרייע טעג האָבען מיר ניט געהאַט ביז „לג בעומר" (דער דריי און דרייסיגטער טאָג פון ספירה) דער טאָג איז אַ האַלבער יום טוב. אין דעם טאָג מעג מען פראַוועך שמחות, וועלכע מען האָט ניט געטאָרט ביז דעם טאָג. פאַרוואָס דער טאָג רעכענט זיך פאַר אַ שטיקעל יום טוב, איז דאָ דערויף פיעל מיינונגען פון אונזערע חכמים*). אין דעם טאָג זיינען אַלע חדר-קינדער פריי, פיעל פון די מלמדים פלעגען געהן מיט זייערע תלמידים אין וואַלד אין פעלד פאַרברענגען מיט זיי. און נעמען מיט זיך (יעדער אינגעל) אַ „בויגען" (דאָס איז געמאַכט פון אַ האַלבע רויפעל, אָדער אויסגעבויגען פון אַ שטעקעל צוגעבונדעןביידע עקען פון שטעקעל מיט אַ פאָדים, ווי עס פלעגט זיין אַמאָל די בויגען פון די אנשי המלחמה), און מיט די בויגענס געשאָסען**). אונזער רבי האָט אונז אויך געפיהרט אין פעלד, מיר זיינען אַלע געגאַנגען מיט אונזערע כלי זין — מיט די בויגענס, אַזוי שטאָלץ, געפיהלט ווי די העלדען, און דער רבי איז אויך געלעגען אויפ'ן גראָז רוהיג און האָט אונז גאָרניט געווערט. אויף מאָרגען ווייטער אין חדר אויף גאַנצע טעג, ביז שלשת ימי הגבלה, דאָס איז דריי טעג, וואָס אַמאָל האָט משה רבינו צוגעגרייט אונזערע אורעלטערען צו קבלת התורה אויפ'ן באַרג סיני, דריי טעג פאַר שבועות,

---

*) ל"ג בעומר — האָבען ר' עקיבא'ס תלמידים אויפגעהערט שטאַרבען. נאָך אַ טעם איז דאָ, פאַרוואָס איז יו"ט דער טאָג? ווייל אין דעם טאָג איז דער יאָהר־צייט פון דעם גרויסען תנא ר' „שמעון בן יוחאי". דער טאָג רופט זיך: „יום הלולא דר' שמעון בן יוחאי", דער טאָג איז אָן עת רצון. אַ גרויסע שמחה פראַווען די ספרדים אויף זיין קבר, זיי צינדען אָן פלאַקערען פייער דאָרטען, מען איז זיך משמח די גאַנצע נאַכט.

**) די בויגענס איז אַ זכר פון אַמאָל וואָס ר' עקיבא'ס תלמידים האָבען געהאַלטען מלחמה מיט די רומיים.

ווען זיי האָבען מקבל געווען די תורה. די טעג האָט אונז דער רבי אויך געלאָזען פריי האַלבע טעג. מיר האָבען גע־לערענט „הקדמות“.

## 41
## יום טוב שבועות. „זמן מתן תורתנו, חג הבכורים“

יום טוב „שבועות דאָס איז אַ יום טוב פון די שלש רגלים פון די דריי ימים טובים פון יאָהר, פסח, שבועות און סכות, דער יום טוב רופט זיך „שבועות“, דאָס איז דער טייטש „וואָ־כען“ פון דעם צווייטען טאָג פסח, ווען מען האָט אַמאָל, אַז די אידען זיינען געזעסען אין ארץ ישראל, האָבען זיי געבראַכט דעם „עומר“ (אַ מעסטעל פון זייער ברויט צו גאָט) פון יענעם טאָג האָט מען געצעהלט ספירה ניין און פערציג טעג, זיבען וואָכען. און נאָכדעם דעם פופציגסטען טאָג געמאַכט יום טוב „שבועות“. זמן מתן תורתנו (די צייט וואָס מען האָט אונז געגעבען די תורה). אויך רופט זיך דער יום טוב "חג הבכורים", (דער יום טוב פון די ערשטצייטיגע פרוכט). ווען די אידען זיי־נען געזעסען אויף זייער לאַנד, געגעסען די פרוכט פון זייערע פעלדער און וויינגערטנער, האָט גאָט זיי געהייסען איידער איהר הויבט אָן אַליין עסען, טראָגט אַוועק צו גאָט אין ירושלים די ערשטע פון אייערע פרוכט צוטהיילען דאָס פאַר די כהנים, לוים, וועלכע האָבען אַליין ניט באַארבייט קיין פעלדער, (דעם גאַנצען שבט לוי, די כהנים און לוים, האָט מען קיין חלק ניט געגעבען אין ארץ ישראל, דער „שבט לוי“ האָט זיך ניט עוסק געווען אין עבודת האדמה (ערד אַרבייט), זיי האָבען געלערענט דאָס פאָלק וויסענשאַפט, זיי האָט דאָס פאָלק געגעבען פאַרטיגע תרומות, מעשרות און נאָך מתנות). אָט די ערשטצייטיגע פרוכט פלעגט יעדער איד נעמען פון זיינע פרוכט ארייגלעגען אַ פולע קאָרב און טראָגן דאָס צום בית המקדש אין ירושלים. גרויסע מחנות אידען פלעגן געהן מיט פרייד און געזאַנג עולי רגל זיין. אַלע וועגען וואָס ציהען זיך פון אַלע עקען ארץ

ישראל אין ירושלים, זיינען יענער צייט פול געווען מיט די עולי רגל, וואָס האָבען געפיהרט, געטראָגען מתנות צו די כהנים און לוים, תרומה, מעשור, בכורים. די רייכע אין זיל־בערנע און גאָלדענע קערב, די אָרימע אין שטרויענע קערב. אַלע פלעגען פרעהליך געהן מיט טענץ און געזאַנג, ביז וואַנען זיי פלעגן קומען צום טויער פון שטאָדט ירושלים. דאָרטען פלעגען אַרויס אַנטקעגען זיי די אַלטע לייט פון שטאָדט, און די לוים מיט זייערע כלי שיר, מען פלעגט זיי באַגעגענען מיט מוזיקע, מיט ברכות „בואכם לשלום!״ (מיט פרייד איז אייער קומען, פלעגט מען אויסשרייען). און די עולי רגלים פלעגען ענטפערען „ברוכים אתם לה׳!״ געבענשט זאָלט איהר זיין צו גאָט! די גאַסען פון ירושלים פלעגען אָנגעפיהלט ווערען מיט אַלעם גוטס, וואָס די עולי רגלים פלעגען ברענגען און טהיילען אלע כהנים, לוים, גרים, אָרימע לייט, יתומים, אלמנות. אַלע האָבען גע׳יום׳טוב׳ט מיט פרייד. און דערנאָך געגאַנגען צוריק אַהיים. אַזוי האָט זיך געפיהרט דריי מאָל אין יאָהר, און שבועות איז געווען דער יום טוב פון „בכורים״, אָבער מיר האָבען דאָס אַלץ אָנגעוואָרען, שוין צוויי טויזענט יאָהר, אונז איז גאָרנישט פאַרבליבען ,דער פיינט האָט אַלץ חרוב געמאַכט, אונזער לאַנד איז פאַרבליבען וויסט אין פרעמדע הענט, נאָר איין זאַך איז ביי אונז פאַרבליבען, וואָס דער פיינט האָט קיין קראַפט ניט געהאַט אָפּרויבען ביי אונז, דאָס איז אונז פאַר־בליבען ביז היינטיגען טאָג, דאָס איז אונזער תורה, וואָס אונ־זערע עלטערען האָבען מקבל געווען אויף דעם באַרג סיני פון גאָט דורך אונזער מחוקק משה רבינו. אין דער צייט ווען אַלע פעלקער זיינען געווען דום, געצענדינער, האָט שוין אויף אונז געלויכטען די שיין פון דער תורה, וועלכע לערענט אונז גאָטהייט, גוטע, נאָבעלע זיטען פון איין מענש צום צווייטען, היטען זיך פון שמוץ, פון פאַרדערבענקייט. און אָט די תורה לערענט אונז, ווייזט אונז אַ וועג אין אונזער פינסטערען גלות שוין באַלד צוויי טויזענט יאָהר, ווי אַמאָל דער עמוד

האש אין דער מדבר, און דורך איהר וועלען מיר בלייבען אַן עם נוצחי (אַן אייביגע פאָלק). דאַרום באַדאַרף ביי אונז דער יום טוב פון „זמן מתן תורתנו" זיין הייליג און טייער!

דעם יום טוב פלעגט מען ביי אונז אין די שוהלען אויס־שיטען דעם פּאמאסט מיט פרישע, גרינע, שמעקענדיגע גראָז, דאָס גלייכען יעדער איד אין זיין היים. שבועות די ערשטע נאַכט בין איך געזעסען אין שוהל מיט מיין פאָטער און פיעלע אידען, געזאָגט תקון שבועות. מיין פאָטער פלעגט ברענגען אין שוהל אַ גאַנצע פאַס, פון פופציג זעכציג קוואָרט, ביער פאַר דעם גאַנצען עולם אויסצוטרינקען חנם אין כסף. מיר זיינען געזעסען אין שוהל ביז נאָך האַלבע נאַכט, אָפּגעזאָגט גאַנץ תורה (פון יעדער סדר אַ שטיקעל), אַזוי פון משנה, פון נביאים און כתובים. אויף מאָרגען אין שוהל געזאָגט הקדמות און געגעסען אַ מילכעגען וואַרמעס. דאָס איז אַ מנהג ישראל שבועות עסען מילכיגס*). נאָר אפילו די וואָס עסען פליישיגע וואַרמעסען, אָבער בילכיגס עסט יעדער, טרינקט מען פאַר וואַרמעס פוטער־קוכען מיט קאָפע. אַזאַ פאַרגעניגען האָט אַ געוועהנליכער איד געקענט זיך פאַרגינען מעהר ניט ווי איין מאָל אין יאָהר, פון מצוה וועגען. נאָך וואַרמעס האָט דער טאַטע מיט מיר געלערענט מגלת רות, וואָס מען האָט געלייענט אין שוהל, און אַזוי איז אַוועק דער יום טוב שבועות. נאָך יום טוב ווייטער אין חדר, ווי פריהער, דעם גאַנצען טאָג.

---

*) די מילכיגס עסען איז, ווייל אין אונזער תורה ווערט דער־מאָנט „דבש וחלב". אויך זאָגט מען, ווייל פאַר מתן תורה האָבען אידען געגעסען טריפות, היינט אַז זיי זיינען געקומען אהיים פון מתן תורה, איז ביי זיי געווען אַלע כלים טריף, האָבען זיי ניט גע־האַט ניט וואָס צו עסען און אין וואָס צו קאָכען, האָבען זיי אויס־געמאָלקען זייערע בהמות און ציגען און געגעסען מילך. דאַרום עסען מיר מילכיגס.

שבת אויך געלערנט דעם גאַנצען זומער פּרק פון יעדער שבת, פון אַזייגער 3 ביז מנחה. אונזער אַרבייט איז געווען ניט ששת ימי המעשה און שבת רוה, מיר האָבען געאַרבייט אַלע זיבען טעג אין וואָך, און אַזוי אונזער רבי!

42

## „דריי וואָכען, תשעה באב

„אל תשמח ישראל אל גיל כעמים" (פרעה זיך ניט ישראל ווי אַלע פעלקער). דו פאַרברענגסט דיין צייט אין טרויער, באַקלאָגסט דיין עבר, דאגה'סט און קלאָגסט פאַר דיין עתיד, און מיט דיין הוה (געגענוואַרט), האָסטו זיך אויך ניט מיט וואָס צו פרעהען ווי אַנדערע, נאַר עטליכע וואָכען נאָך שבועות, איז כמעט די איינציגע צייט אין גאַנצען זומער, וואָס דעם אידען איז ערלויבט משמח זיין זיך און געניסען פאַרגעניגען (אויב ער האָט פון וואָס). דער מאָנאַט מאַי ווען אַלע שעפּען פאַרגעני-גען פון די פריהלינג טעג, האָבען הנאה פון גאָט'ס וועלט, דאַרף דער איד זיין פאַרטרויערט, ער טאָר ניט געניסען פון פרייד, עס איז ספירה טעג. עטליכע וואָכען נאָך שבועות, עס איז נאָך קיין צייט ניט געווען אַראָפּצואוואַרפען פון זיך דעם טרויער און דעם אומעט פון די ספירה טעג, קומט אָן דער „צום הרביעי" שבעה עשר בתמוז. די התחלה פון אַמאָליגען חורבן ירושלים, וויטער טרויער טעג „דריי וואָכען" ביז נאָך תשעה באב. נאָכדעם הויבט זיך אָן דער חודש אלול מיט די ימים נוראים, דאַרף מען וויינען און קלאָגען, גאָט בעטען ער זאָל געבען אַ גוטען יאָהר. אַט אַזוי פאַרברענגט דער איד זיינע טעג און יאָהרען, ער באַוויינט אַמאָליגע צרות, און קלאָגט און בעט אויף די קומענדיגע טעג. און אויך אויף דעם היינט.

— א. צונזער׳ס פאָלקס לידער — ספירה מיט דריי וואָכען פאַריאָמערט און פאַרצאַגט, (אויף דעם עבר),

אלול, ימים נוראים, ראַק ער געהט און קלאָגט. (אויפ׳ן עתיד).

מיר חדר-קינדער האָבען פון די טרויערדיגע וואָכען ניט געליטען, מעהר ניט, וואָס מען האָט אונז פאַרווערט באָדען זיך אין טייך די גאַנצע וואָך, אויסער פרייטאָג לכבוד שבת. אָבער „משנכנס אב״, די ניין טעג, ביז נאָך תשעה באב, האָט אונזער רב פון שטעדטעל פאַרווערט אפילו ערב שבת. עס האָט געטראָפען, אַז עטליכע אידען זיינען געגאַנגען זיך באָדען ערב שבת, אַראָפּוואַשען פון זיך דעם שוויים פון דער גאַנצער וואָך, האָט דער רב געשיקט זיין בית-דין שמש אַנזאָגען מיט׳ן האַרבען וואָרט מען זאָל זיך ניט באָדען. דער עולם האָט געמוזט זיך אָנטהאָן צוריק און אַוועק פאַרשוויצטע פון טייך.

פון ראש חודש אב ביז נאָך תשעה באב האָבען די שוחטים באַהאַלטען זייערע חלפים, ווי דער דין זאָגט: — „מצניעים סכינים של שחיטה״ — מען טאָר קיין פלייש ניט עסען אין ניין טעג. (עס איז ניט צום בעסטען) אָבער איז דערפאַר מוזען די מלמדים באַהאַלטען זייערע קאַנטשיקעס, מען טאָר די צייט די תלמידים ניט שלאָגען. (ניט שלעכט). די מלמדים מעהר ווי שרייען אויף די תלמידים טאָרען זיי ניט (דאָס האָט אונז ווינציג געאַרט) ערב תשעה באב האָבען מיר געלערענט מגילת „איכה״. מיר זיינען געזעסען אומעטיג, געטרויערט אויפ׳ן חורבן, נאָר אַז דער רבי האָט אונז צו וואַרמעס-צייט אָנגעזאָגט, אַז מיר זיינען פריי פון חדר ביז נאָך תשעה באב, האָבען מיר פאַרגעסען אויפ׳ן חורבן און מיר זיינען פרעהליך געגאַנגען אַהיים. פון דעסטוועגען, האָב איך זיך פרעהליך ניט געפיהלט ווי אַלע טאָג. דער שרעקליכער בילד וואָס דער נביא שטעלט פאַר אין זיין מגילת-איכה איז מיר פאַר די אויגען געשטאַנען. פאַרנאַכט האָט זיך מיין פאָטער געזעצט אויף דער

ערד ווי אַן אבל אין שבעה און געגעסען די סעודה־המפסקת (פאַרפאַסט זיך). די סעודה איז באַשטאַנען פון מילכיגע לאָק־שען, און אַ בייגעל מיט אַן איי איין געטונקט אין אַש*). (אַזוי איז דער מנהג געווען בכל תפיצות ישראל). איך בין געזעסען מיט'ן טאַטען צוגלייך און געגעסען דעם זעלביגען מאכל. און מיר זיינען אַוועק אין שוהל צו קינות. דער חורבן איז קענטיג געווען אין שוהל, אין אַלע ווינקעלאַך. עטליכע גראָשענע ליכטלאַך האָבען דונקעל געברענט אַז מען האָט שווער גע־קענט זעהן די אָפּגעקראָכענע אותיות פון קינה, וואָס זיינען אָפּגעקראָכען געוואָרען פון די טרערען, וואָס מען האָט פאַר־גאָסען אויף זיי. קיין פרוכת איז אויף דעם ארון קודש ניט געווען. די תורה באַקלאָגט אויך דעם אידישען חורבן. דער עולם איז געזעסען אין זאָקען אויף דער ערד אויף איבערגעקער־טע בענק, אָדער אויף שטיקער האָלץ, אַזוי ווי אבלים אין שבעה. דער בעל קורא האָט געלייענט איכה מיט אַ קלאָגענ־דיגען ניגון, אַז די האַרץ האָט געריסען. אויף מאָרגען אויך אין דער זעלבער פאָרמע. אין שוהל געזאָגט קינות, געדאַווענט האָט מען אָהן טלית און תפילין. דאָס האָט געדויערט ביז אַזייגער צוועלף ביי טאָג, נאָכדעם איז דער גאַנצער עולם גע־גאַנגען אויפ'ן בית־עולם. דאָרטען האָט שוין יעדער מאַן און פרוי אויסגעגאָסען זייערע ביטערע הערצער אויף די קברים פון זייערע עלטערען און פריינט, און אַזוי איז מען אַוועק פון דאָרטען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און פיעל מיט פאַרוויינטע אויגען, און אַזוי האָט מען פאַרבראַכט דעם גאַנצען טאָג. מיר קינדער זיינען אויך געווען אויפ'ן בית־עולם, דאָרטען אויף די קברים האָבען מיר צובראָכען אונזערע האָלצערנע שווערדען, וואָס מיר האָבען געטראָגען אויף זיך. (דאָס איז אויך געווען אַ מנהג קינדער זאָלען אויף תשעה באב מאַכען שווערדלאַך,

---

*) א בייגעל און אן איי איז א סמן אבלות, און די אַש איז אַ זכר פון „ויגרס בחצץ שיניו".

ביקסלאַך, און נאָכדעם צוברעכן זיי און לייגען זיי אויף די קברים)*).

ביז דאַנען האָב איך באַשריבען אַלע אידישע יום טובים און די תענתים, ווי אידען האָבען זיך געפיהרט.

## 43
## איך בין געוואָרען א האַלבער ישיבה בחור, מיין חבר אשר׳ס איינקעל

אַז איך בין אַלט געוואָרען עלף יאָהר, איז חול המועד סוכות געקומען מיין רבי צו אונז און האָט געזאָגט מיין פאָ־טער, — איהם טוהט לייד, וואָס ער דאַרף אַרויסלאָזען אַ תלמיד אַ גוטען, וועלכער לערענט דריי בלאַט גמרא מיט תוספות יעדער וואָך. נאָר איך האָב ניט קיין חבר צו איהם, און אָפּגעבען זיך צו איהם אַליין קען איך ניט, לכן איז מיין עצה, אַזוי ווי ביי אונז אין בית־המדרש לערענט אַ יונגער מאַן אַ למדן, זאָלט איהר צו איהם אָפּגעבען איהם לערנען. ער וועט ביי איהם האָבען אַ גרויסע פעולה. מיינע עלטערען איז געפעלען געוואָרען דער פּלאַן, און מען האָט מיך אָפּגע־געבען לערנען צו דעם יונגערמאַן. ע ר פלעגט מיט מיר לער־נען צוויי שטונדען צייט, און געהאַלטען מיך נעבען זיך נאָך צוויי שטונדען, איך זאָל איבער׳חזר׳ן מיין לערנען. איך האָב ליעב געקראָגען מיין נייעם רבי׳ן. ער איז באמת געווען זעהר אַ גוטער מענש, באַגאַנגען זיך מיט מיר אַלץ מיט גוטע רייד, מיט מוסר, אַז איך האָב אַוועקגעוואָרפען אַלע מיינע אַלטע חברים צו שפּילען זיך מיט זיי און איבערגעגעבען זיך צום לערנען. מיין פרייע צייט האָב איך פאַרבראַכט מיט מיין נייעם חבר, אַ אינגעל עלטער פאַר מיר, וועלכער האָט אויך גע־לערענט אין שוהל מיט אַן אַנדער ישיבה בחור, אַן אָרימער אינ־

*) די שווערדלאַך איז אַ רמז, מען געהט אַרויס אויף מלחמה מיט׳ן פיינט, וואָס האָט חרוב געמאַכט דעם בית המקדש.

געל, „אשר דעגול'ס" אן איינִיקעל. ער איז געווען א קלוגער, אַן אָרענטליכער, נאָר אַלע קינדער פון שטעדטעל פלעגען זיך דערווייטערען פון איהם. זיי פלעגט ניט אָנשטעהן צו רעדען מיט איהם. איך האָב ניט געוואוסט די סבה, פאַרוואָס דאָס איז, אַז איך האָב געפרעגט די קינדער, פאַרוואָס ווילען זיי מיט איהם ניט פאַרברענגען, האָבען זיי מיר געזאָגט, ווייל זיין זיידע „אשר דעגול" איז געווען אַ מחלל שבת'ניק, וואָס זיין זינד איז געוועןָ, האָבען זיי אויך ניט געוואוסט, האָב איך געפרעגט מיין רבי'ן פיליכבט ווייס ער, וואָס איז געווען זיין חטא? האָט ער מיר דערצעהלט אַ גאַנצע געשיכטע, וואָס האָט געטראָפען מיט זיין זיידען מעהר ווי דרייסיג יאָהר צוריק. (אַזוי האָט מען מיין רבי'ן דערצעהלט). אָט דער אשר האָט אָפּגעטאָהן אַן עבירה, וואָס האָט באַפלעקט איהם און זיינע קינדער אויף דורות. האָב איך געזאָגט דעם רבין, אויב אַזוי, וועל איך אויך מיט איהם מעהר ניט חבר'ן זיך. האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך זאָל דאָס ניט טהאָן, דער איינגעל איז אַ גוטער און אָרענטליכער, און אַ קינד דאַרף ניט ליידען פאַר די זינד פון זיינע עלטערען, און ווידער איז די זינד גאָרניט אַזוי גרויס, ווי די יענע פאַנאַטיקער האָבען דאָס אָנגענומען. איך בין נייגעריג געווען וויסען די געשיכטע, האָב איך איהם געבעטען ער זאָל מיר דערצעהלען. ער האָט מיר געזאָגט — דו ביסט נאָך צו יונג צו פאַרשטעהן, וואָס פאַנאַטיזים קען ברענגען, מען זאָל פאַרפאָלגען אַן אָרענטליכען מענשען אומזיסט.

דער זיידע זיינער אשר דעגול, איז געווען אַן אָרימער, אַ פּראָסטער איד, אַ נאַרישעוואַטער. געווען איז ער אַ וואַסערטרעגער, נאָר ער האָט געהאַט נאָך אַ פּרנסה, אַז ביי עמיצען איז גע'פגר'ט אַ בהמה אָדער אַ פערד, פלעגט ער אָפּשינדען די פעל און קריגען באַצאָהלט. דערפון האָט ער געצויגען זיין חיונה, און קיין מאָל ניט אָנגעקומען צו צדקה, ווי אונזערע חכמים האָבען געזאָגט — פשוט נבילתא ואל תצטרך לבריות,

(שינד אָפּ אַ נבילה און קום ניט אָן צו לייטען). האָט זיך גע־טראָפען אַז ביי אַ אידען איז שבת ביי טאָג גע'פּגר'ט אַ בהמה, אין פעלד, האָט מען געגעבען צו וויסען אשר'ן. אשר האָט מורא געהאַט צו לאָזען דאָס אויף זונטאָג, איבער נאַכט קענען הינט אָדער וועלף צו רייסען די פעל, האָט ער באַלד נאָך שלש סעודות אָפּגעדאַווענט מעריב, נאָר טראָגען מיט זיך דעם מעסער, איז נאָך געווען אַביסעל צו פריה, האָט ער איהם אַריינגעלייגט אין כאַליעווע פון שטיוועל און אַוועק אין פעלד. אָפּגעטהאָן די אַרבייט, גענומען די פעל אויפ'ן פלייצע און גע־בראַכט אַהיים, און אָנגעזאָגט דעם בעל הבית פון דער בהמה. אויף מאָרגען פריה איז געוואָרען אַ קאָך אין שטעדטעל, אַז אשר האָט אָפּגעשונדען אַ בהמה אום שבת. מען איז געלאָפען צום רב, גע'עצה'ט זיך וואָס פאַר אַ פּסק מען זאָל געבען דעם מחלל שבת'ניק. בקיצור, עס איז געבליבען מען זאָל אשר'ן אָנטהאָן אַ פעל אויפ'ן פלייצע, און פיהרען איהם אַזוי אויפ'ן שוהל הויף, און דאָרטען פאַרבְרענען זי, ווי די פרה אדומה. באַלד האָט מען מקים פּסק געווען, מען האָט דעם מחלל שבת'־ניק געפיהרט מיט גרויס פאַראַד צום שוהל הויף. עס זיינען נאָך געלאָפען מענער, ווייבער און קינדער, די קינדער האָבען געשריען „צדק לפניו יהלך". עס איז געווען אַ פרעהליכע לויה. אויפ'ן שוהל הויף האָט מען פאַנאַנדערגעלייגט אַ גרוי־סען פייער, אַריין געוואָרפען די פעל, זי האָט זיך געפּרעגעלט עטליכע שטונדען. עטליכע פרומע ווייבער זיינען נאָך געלאָפען צו איהם אהיים און געבראַכט דעם מעסער, וואָס ער האָט מיט איהם געשונדען, איהם אויך דן געווען לשריפה, און ר' אשר איז נעבאך געשטאַנען מיט אן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ ווי א פאַר'משפּט'ער. דער עולם האָט זיך געוויצעלט אויף זיין חשבון, און מ'איז אַוועק צופרידענע אַהיים, גענומען נקמה פון דעם מחלל שבת'ניק, למען ישמעו וייראו! אָט דאָס איז געווען די זינד פון זיין זיידען, וואָס האָט געמאַכט אַ פלעק אויף זיין פאַמיליע, אפילו אויף די אייניקלאַך. נו, וואָס זאָגסטו, האָט

טאַקע דער מענש פאַרדינט זיין שטראָף? האָט ער געטהאָן אַ פאַרברעכען געגען גאָט און לייטען? אַלזאָ זאָלסטו וויסען, אז דיין חבר׳ס זיידע איז קיין פאַרברעכער ניט געוועזן. פאַר־קערט, זייערע באָבעס און זיידעס האָבען געטהאָן אַ פאַרבע־כען, וואָס זיי האָבען באַשטראָפט אכזריות׳דיג אַן אומשול־דיגען מענשען. זיי באַדאַרפען זיך שעמען מיט זייערע זיידעס און באָבעס און ניט מיט דיין חבר׳ס זיידע׳ן, און דו קענסט מיט איהם זיך חבר׳ן, בעסר ווי מיט יענע נאַרישע קינדער די אייניקלאַך פון יענע לומפען.

איך האָב אַלץ דערצעהלט מיין פאָטער, האָט ער מיר גע־זאָגט, — אַז מיין רבי איז אַ קלוגער מענש, ער איז גערעכט און איך זאָל איהם פאָלגען און טהאָן אַלץ, וואָס ער לערענט מיך. איך האָב מיין רבי׳ן זעהר ליעב געקראָגען, און האָב געלערענט מיט חשק און געהאַט ביי איהם אַ גרויסע פעולה אין דעם יאָהר צייט, וואָס איך האָב געלערענט ביי איהם. איך האָב שוין געקענט אַליין אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא אָהן די הילף פון אַ רבי׳ן. איך וואָלט ביי איהם געלערענט ווייטער, נאָר עס האָט זיך געמאַכט אַ סבה, וואָס איך האָב באַדאַרפט אוועקפאָהרען פון דער היים אין דער ישיבה, און געוואָרען אַ ישיבה בחור מיט אַלע פּליטערלאַך, ווי אַלע ישיבה בחורים פון יענער צייט.

## 44

# איך ווער א ישיבה בחור

כל זמן איך בין ניט אוועק פון דער היים כאָטש איך בין שוין פון חדר ארויס און געלערענט אין שוהל, האָב איך נאָך אלץ געטראָגען דעם נאָמען „חדר אינגעל״. איך בין דאַן אַלט געווען צוועלף יאָהר. מיינע עלטערען האָבען נאָך גאָר ניט געקלערט שיקען מיך אין דער ישיבה אין דער פרעמד, נאָר עס האָט זיך געמאַכט א סיבה, וואָס זיי האָבען מיך געמוזט אוועק־שיקען. דאָס איז געווען עשרת ימי תשובה, איז דער ברייזעל וואו מיין פאָטער האָט געארבייט אָפּגעברענט געוואָרען, איז מיין פאָטער געבליבען אָהן פרנסה און אָהן א מיטעל צום לעבען, איז ער דריי טעג פאר יום כפּור אוועק אין דער שטעד־טעל רעבזעוויץ, וועלכע שטעהט צווישען איווינייץ און אוזדע, מיט׳ן רעכענונג דארטען קריגען א שטעלע (דאָרטען איז געווען א ביער ברויז) אין דער היים האָט ער איבערגעלאָזען מיך און דער מאַמען מיט מיין ברודער א״ב און מיין שוועסטער שיינע, אָבער קיין געלט גאָר ניט.

זאָגט די מאמע צו מיין ברודער — ווארום זאָל דער אינגעל פלאַגען זיך מיט אונז? פיהר איהם אוועק צום טאַטען אין רעבזעוויץ, פון דאָרטען וועט איהם דער טאַטע אוועקפיהרען קיין אוזדע, דאָרטען האָב איך א מוטער, שוועסטער און א ברודער, ער וועט ביי זיי זיין, און א ישיבה איז דארטען אויך דאָ, וועט ער דאָרטען בלייבען לערנען. און אזוי ווי די צייט איז קורץ, דריי טעג פאר יום כפּור, טאָ פיהר איהם היינט אוועק.

אומר ועושה, גערעדט און געטאָן. די מאמע האָט איינגע־פּאַקט מיינע זאכען אין א זעקעל, א פּאָר העמדער, מיינע ספרים׳לאַך, א שטיקעל ווייסע חלה, וואָס איז נאָך פאַרבליבען

פון שבת און האָט דעם פּעקעלע איבערגעגעבען דעם ברודער ער זאָל דאָס טראָגען, און מיר זיינען אוועק פון דער היים צו־פוס. די מוטער מיט דער שוועסטער האָבען אונז באגלייט ביז אונטער׳ן שטאָדט, מיט הייסע טרערען האָט זי באנעצט מיין פּנים קושענדיג מיך און האָט מיר אָנגעבענטשט איך זאָל זיין גליקליך, אז מיין ערשטער ארויסטרעט זאָל זיין מיט הצלחה, נאָך איהר וואונש. די שוועסטער האָט זיך גוט אויך אויסגע־וויינט און האָבען זיך צוריקגעקערט און מיר זיינען אוועק אין אונזער וועג און אלע ווײלע זיך אומגעקערט א בליק טאָן אויף דער מאַמען מיט דער שוועסטער. אונזערע טרויערדיגע אויגען פלעגען זיך באגעגענען, זיי פלעגן זיך אויך אומקערען קוקען אויף אונז, ביז וואַנען מיר האָבען זיך דערווייטערט און מיר האָבען מעהר ניט געקענט זעהן איינע די אנדערע. און אזוי אין דעם אופן האָב איך פארלאָזען מיין היים און אוועק אין דער פרעמד.

דער רוסישער היסטאָריקער דערצעהלט די גרויסקייט פון זייער געלערענטען לאָמאַנאָסאָוו, ווי ער איז געגאנגען צו פוס און ווי ער האָט געליטען ביז וואַנען ער איז געוואָרען א געלע־רענטער מענש. מיר גרויסען זיך ניט דערמיט. ביי אונז איז דאָס גאָר קיין חידוש ניט, פילע אזעלכע לאמאנאָסאָווס זיינען פאראן ביי אונז, כמעט יעדער ישיבה בחור האָט איבערגע־לעבט דעם לעבען פון זייער באריהמטען לאמאנאסאוו. מיר זיינען דער „עם הספר“ (דאָס פאָלק פון בוך), וואָס ביי איהם איז די שטרעבונג פון בילדונג איינגעוואָרצעלט אין זיין גוף, אין זיין נשמה, א ירושה פון זיינע אבות. יעדע צערטליכע מוטער מיט איהר בעסטען ווילען, מיט פריידען טרערען ריכט זי אויס איהר געליבטע קינד אין דער פרעמד לערנען אין די ישיבות ער זאָל ווערען א למדן, כאָטש זי האָט געוואוסט, אז איהר קינד וועט בעדארפען ליידען, וואַלגערען זיך אין דער פרעמד אָהן שטיצע, נאָר איהר שטרעבונג צו די גוטע ערציה־אונג האָט אריבערגעוואויגען איהר רחמנות. און באמת גוט

באטראכטענדיג, פיעל גדולי ישראל זיינען אויסגעוואקסען פון די אמאָליגע ישיבה בחורים, רבנים, חכמים, משכילים, וועלכע האָבען מיט זייער תורה און השכלה באלויכטען די אידישע וועלט.

ווי ריכטיג איז די ווערטער פון אונזערע חז"ל, וואָס זיי זאָגען — „הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה (איהר היט אָפּ די אָרימע קינדער, ווארום די לעהרע שטאַמט פון זיי).

פאַרנאַכט זיינען מיר געקומען קיין רעבזעוויץ, צום טאַטען. דער ברודער האָט איהם דערצעהלט, וואָס די מאַמע האָט געהייסען, אז ער זאָל מיך אָפּפיהרען קיין אוזדע. דער ברודער איז דאָרט פארבליבען נעכטיגען און געהן מאָרגען צוריק אהיים, און דער טאַטע איז אוועק אין שטאָדט זוכען אָ פור קיין אוזדע, האָט ער געפונען א אידען, וועלכער פאָרט צו דער סטאַנציע ניגארעלע מיט א שווערען וואָגען, אז מעהר ווי מיך אליין קען ער ניט נעמען, ביז נאגארעלע דריי מייל פון אוזדע. פאַרנאַכט אז די זון איז אונטערגעגאנגען בין איך אָפּגעפאָהרען פון רעבזעוויץ און מיין פאָטער איז נאָכגעגאַנגען נאָכ'ן וואָגען. איך האָב ביי זיך ניט געקענט פועל זיין, אז איך זאָל פאָהרען און דער טאַטע זאָל נאָכגעהן צופוס, נאָר דער טאַטע האָט מיר געזאָגט, אז מיר מוזען היינט פאָהרען, ווייל אין צוויי טעג ארום איז יום כפור, מיר מוזען זיך איילען, מיר זאָלען קענען גרייכען אויף ערב יום כפור קיין אוזדע. איך בין ניט ווילענדיג ארויף אויפ'ן וואָגען, געהאַלטען מיין פעקעלע אין האַנט און אומעטיגערהייט געזעסען און גאָט געבעטען, אז דער פערד זאָל געהן וואָס לאַנגזאַמער און אויך אָפּשטעלען זיך צוביסלאך, אז דער טאַטע זאָל קענען נאָכהאַלטען אונז. איך וויים, אז ביי דער שטומער פיער פיסיגער חיה וואָלט איך דאָס זעהר לייכט גע'פועל'ט ער זאָל געהן לאנגזאם, אָבער דעם פרעמדען אידען האָט ניט געקימערט פאַר מיין טאַטען און האָט מיט'ן בייטש אָנגעטריבען זיין פערד ער זאָל געהן וואָס גיכער, און די פינסטערע נאַכט האָט געשטערט איך זאָל ניט קענען זעהן ווי

ווייט מיין פאָטער איז פון אונז, נאָר פונדעסטוועגן פלעג איך זיך אומקערען אהינטער יעדער ווײלע א בליק טאָן. איך בין געווען שטארק אומרוהיג וועגען מיין פאָטער, וואָס איהם איז אויסגעקומען געהן אין א פינסטערע נאכט איינער אליין דורך א געדיכטען וואלד. מורא׳דיגע בילדער האָבען זיך פאָרגע־שטעלט פאר מיר און געשראָקען מיין קינדערשע הארץ. דער איד האָט מיך פארפיהרט אין א קרעטשמע צו א אידען אויף דער סטאַנציע נעגארעלע און אליין איז ער אַוועקגעפאָהרען. די קרעטשמע איז פול געווען מיט שיכור׳ע פויערים. דער איד, דער קרעטשמאר איז געווען פאַרנומען מיט זיי, האָט ער גאָר ניט באמערקט ווי איך בין אריין אין הויז. איך האָב גענומען מיין פעקעלע און אנידערגעלייגט זיך אויף א באַנק, נאָר שלאָ־פען האָב איך ניט געקענט, געלעגען שטיל און געקלערט אלץ וועגען טאַטען, ווען די טיהר פלעגט זיך אן עפען טאָן, פלעג איך אויפהויבען מיין קאָפּ א בליק טאָן פילייכט איז דאָס דער טאַטע. עס איז אוועק א שטונדע צייט, אין קרעטשמע איז געווארען שטילער, די שיכור׳ע פויערים זיינען זיך פאנאנדער־געגאנגען, האָט דער קרעטשמאר מיך באַמערקט, עפּעס א איינ־געלעגט ליגט אויף א באנק, ער איז צוגעגאנגען צו מיר און האָט מיך געפרעגט, ווער בין איך, פון וואנען קום איך און וואוהין געה איך? האָב איך איהם געענטפערט אויף אלע שאלות ווי יונה הנביא האָט געענטפערט די שיפס־לייט, עברי אנכי (איך בין א איד) אזוי האָב איך איהם געענטפערט, איך בין א ישיבה בחור, איך פאָר לערנען. דער איד האָט דערהערט אז איך בין א ישיבה בחור, האָט ער מיך גערופען עסען וועט־שערע, נאָר איך האָב זיך ענטזאגט. אין א פאָר שטונדען ארום איז מיין פאָטער געקומען. איך האָב זיך מיט איהם דערפרעהט, גלייך ווי איך וואָלט איהם יאָהרען ניט געזעהן. מיר האָבען דאָרטען גענעכטיגט.

45

## מיר געהען צופוס דורך וואַלד. מיין פאָטער זאָגט מיט מיר תפילת הדרך און טראָגט מיין פעקעלע

אויף מאָרגען פריה, אז איך האָב די אויגען געעפענט, האָב איך דערזעהן ווי דער טאַטע שטעהט און זאָגט סליחות פון „שלש עשרה מדות", א טאָג פאר ערב יום כפור, דעם טאָג פלעגט מיין פאָטער אלע מאָל פאַסטען און איצטער אין וועג האָט ער אויך געפאסט און געזאָגט סליחות מיט גרויס כונה.

איך האָב אָפּגעדאַווענט און אָפּגעגעסען און דער טאַטע איז נאָך אלץ געווען פארנומען מיט זיינע סליחות און מיט'ן דאווגען. איך האָב באמערקט, אז ער האָט פון זיינע סליחות מעהר טעם געפיהלט ווי איך פון מיין עסען. מיין אָנבייסען איז געווען א טרוקענער, א שטיקעל טרוקענע שבת-חלה און זיינע סליחות זיינען געווען נאַסע, אויסגעווייקט מיט זיינע הייסע טרערען, וועלכע ער האָט פאַרגאָסען זאָגענדיג זיינע סליחות, אויסבעטען ביי גאָט א בעסערען יאָהר ווי דעם איצ-טיגען.

ווען מיר זיינען פארטיג געוואָרען, איך מיט די טרוקענע חלה און דער טאַטע מיט די נאַסע סליחות, האָבען מיר זיך גענומען גרייטען אין וועג. קיין אוזדע דריי רוסישע מייל, קיין פור איז ניט געווען, גאָר פשוט, ווייל א פור דארף קאָסטען געלט און דאָס האָט ביי מיין פאָטער געפעלט. ער האָט מיר געזאָגט אן אנדער תירוץ פארוואָס קיין פור איז ניטאָ, ווייל דאָס איז א צייט, וואָס די פויערים זיינען פארנומען אראָפּ-פיהרען זייערע תבואות פון די פעלדער. איך האָב דאָס אָנגע-נומען פאר א גוטען תירוץ. ער האָט גענומען מיין פעקעלע און מיר זיינען לאַנגזאַם אוועק, ווי אונזער אלטער פאָטער יעקב איז געגאנגען מיט זיינע קליינע קינדער לאנגזאם, לאט לרגל

הטף, אזוי איז מיין פֿאָטער יעקב אויך געגאַנגען לאַנגזאַם מיט מיר, געזאָגט מיט מיר „תפלת הדרך" (א תפילה וואָס מען זאָגט אין וועג) ביז מיר זיינען אריין אין וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגען א וויאָרסט צעהן. דער וואַלד איז געווען זעהר א געדיכטער מיט הויכע בוימער פון ביידע זייטען פון דער שמאָ־לער וועג. די לאַנגע צווייגען פון די בוימער האָבען זיך צוזאַמען אויבען געפלאָכטען פון ביידע זייטען וועג און האָבען פאַר־דעקט דעם הימעל מיט דער זון מעהר ניט איהרע שטראַהלען האָבען דורכגעשיינט צווישען די צווייגען, איז איבעריג ליכטיג ניט געווען. דער וואַלד האָט שוין אָנגעהויבען פיהלען דעם אָנפאַנג פון הערבסט, די וועג איז געווען פאַרוואָרפען מיט געלע אראָפּגעפאַלענע בלעטער, קיין געזאַנג פון די זומער פויגלען האָט זיך ניט געהערט, זיי זיינען שוין אָפּגעפלויגען אין די וואַרימע לענדער, מען פלעגט מעהר ניט הערען דעם רעש פון אראָפּגעפאלענע טרוקענע צווייגן, וועלכע דער ווינט וואַרפט אַראָפּ.

מיר זיינען געגאַנגען ביידע פארטראַכט (ער האָט געהאַט וואָס צו טראַכטען). איך האָב געטראַכט, וואָס איך געה איצט ווערען א „ישיבה בחור" אויס „אינגעל" איך ווער שוין א „בחור". איך וואונדער זיך אפילו, איך בין דאָך די זעלבע עלטער, די זעלבע גרויס, איז פאַרוואָס ווער איך דאַס א בחור? איך האָב געפרעגט דעם טאַטען די שאלה, האָט ער מיר גע־זאָגט: ווייל אין דער ישיבה לערנען גרויסע בחורים, רופט מען אלעמען אפילו די קליינע אויך ישיבה בחורים! ער האָט מיר נאָך געזאָגט, אז א ישיבה בחור עסט „טעג". איך האָב איהם געפרעגט, וואָס איז דאָס פאר א מין מאכל? איך האָב קיינמאָל ניט געהערט דעם נאָמען, און פארוואָס האָט די מאמע קיינמאָל ניט געגעבען עסען אונזער ישיבה בחור דעם מאכל „טעג"?, ער האָט תמיד מיט אונז צוזאַמען געגעסען.

— טעג הייסט ניט אַ נאָמען פון אַ מאכל, דאָס מיינט, אַז א ישיבה בחור עסט טעגווייז, אלע טאָג ביי אַן אנדערען, ניט

ביי איינעם, אזוי ווי אונזער ישיבה בחור האָט ביי אונז געגעסען נאָר איין טאָג, איז דערום רופט מען דאס, אז ער עסט טעג, ד. ה. טעג-ווייז, און דו ווערסט אויך מוזען עסען ביי באזונדערע זיבען מענשען די זיבען טעג פון וואָך. עס איז פאראן א רמז אין תהילים, דוד המלך האָט געזאָגט „מי האיש החפץ חיים, „אוהב ימים” (דער מענש וואָס וויל לעבען, זאָל ער ליב האָבען טעג), דאָס וואָס די ישיבה בחורים עסען טאָג, דאָס ברענגט זיי צום לעבען, זיי ווערען געלערענטע מענשען.

## 46
## עס דונערט און בליצט, דער ווינט רעש׳ט, עס מבול׳ט

איך האָב געוואָלט נאָך זאָכען פרעגען ביי מיין פאָטער, נאָר אין מיטען זיינען מיר געשטערט געווארען פון אונזער געשפּרעך. עס האָט מיט אמאָל אָנגעהויבען בלאָזען א שטאַרקער ווינט. עס האָט געפּייפט, געֿרווישט צווישען די בוימער, זיי האָבען זיך געבויגען אין אלע זייטען, די דארע, טרוקענע צווייגען האָבען זיך געבראָכען און געפלויגען אין לופטען מיט די טרוקענע אראָפּגעפאלענע בלעטער צומישט מיט א וואָלקען פון שטויב און פארוואָרפען די וועג. געדיכטע שווארצע וואָלקענס האָבען באדעקט דעם הימעל, באלד האָט א גרויסער בליץ באלויכטען דעם פינסטערען וואלד און באלד נאָכ׳ן בליץ א שטאַרקער דונער, אז עס האָט פארקלונגען דעם גאַנצען וואלד. א שלאַקס רעגען האָט גענומען פלייצען ווי א מבול און בליצען מיט דונערען איינער נאָך דעם אנדערען אָהן אויפהער. פון יעדער בליץ האָט זיך געדוכט אז דער וואלד צינדט זיך אָן. עס האָט געפלאַמט אין פנים, פון יעדער קלאַפּ פון דונער פלעג איך אָפּשפּרינגען א הינטער פון שרעק. דער רעגען האָט אונז גענעצט און געוואַשען, פון אונזערע קליידער האָט גערונען און דער שטורעם-ווינט איז גלייך אין פנים געווען, אז מיר האָבען שוין ניט געהאט קיין קרעפטען צו געהן. מיין פאָטער האָט

מיך געהאלטען פעסט פאר א האנט און האָט מיך געפיהרט פאמעלאך. איך האָב געמיינט אז מיר זיינען פארלאָרען. מיט מאַטערניש און שרעק האָבען מיר זיך געשלעפּט כמעט א שטונדע צייט, נאָכדעם איז אביסעל שטילער געווארען, די דונערען מיט די בליצען האָבען אויפגעהערט, דער הימעל האָט זיך גענומען אויסלייטערען, עס איז געווארען ליכטיגער, און פון ווייטען האָט זיך געזעהן ווי באלד ענדיגט זיך דער וואלד. מיר זיינען ארויס פון וואלד און געזעצט זיך א ווײַלע אָפּרוהען, נאָר קיין סך זיצען האָבען מיר ניט געקענט, עס איז שוין שפּעטלאך און מיר האָבען נאָך געהאט צו געהן א פּאָר וויאָרסט ביז א דאָרף, און געהן האָבען מיר קוים געקענט. פינסטער־לאך איז שוין געווען ווען מיר זיינען אריין אין דאָרף, פאר־גאנגען צו אַ גוי אין אַ שטיבעל (קיין אידען איז דאָרט ניט געווען) קוים לעבעדיגע, פאַרנעצטע, פארמאטערטע און הונ־געריגע (דער טאַטע האָט דאָך געפאַסט). דער גוי האָט איינגע־הייצט די אויווען און מיר האָבען געטריקענט אונזערע זאכען. איך בין ארויף אויפ׳ן אויוועז, דער טאַטע האָט זיך געשטעלט דאַווענען מעריב. נאָך מעריב האָט ער זיך אָפּגעפּאַסט ניט מיט טרוקענע ברויט (דער ברויט איז נאַס געוואָרען פון רעגען). דער גוי האָט אָפּגעבאַקט בולבעס, אביסעל פארטריבען דעם הונגער, אויסגערוהט, זאָגט דער טאַטע צו מיר.

— זעהסט מיין זוהן ! דאָס איז א גוטער סימן, אז דו וועסט דאָרטען לערנען גוט, ווייל די תורה איז אונז געגעבען געווא־רען דורך קולות וברקים (מיט דונערען און בליצען) אויפ׳ן באַרג סיני, און מיר האָבען דאָס היינט אויך געהאט.

האָב איך איהם געזאָגט — אָבער פון באַרג סיני זיינען די אידען טרוקען ארויס און מיר האָבען זיך גוט אָפּגעשווייַנקט און אָפּגעוואַשען.

נאָר דער טאַטע האָט מיר דערויף געענטפערט — אז די אידען האָבען אויך זיך גערייניגט פאר מתן תורה און געווא־שען די קליידער.

אַט אזוי איז געווען מיין ערשטער ארויסטרעט פון מיין פאַטער'ס הויז אין דער גרויסער וועלט מיט קולות וברקים, האָב איך אָנגעהויבען טרעטען אין מיין לעבענס וועג, אָנגע־הויבען פיהרען דעם מלחמת החיים, און די גאנצע וועג וואָס איך האָב דורכגעמאכט ביז איצט האָט ווינציג די זון געלויכ־טען איבער מיין קאָפּ, א שיין געטאָן א קורצע צייט און בא־האַלטען זיך אונטער שווארצע וואָלקענס. פיעל, פיעל דונערען און בליצען, שטורעמס מיט רעגענס האָבען מיר באגעגענט אויף מיין וועג, וועלכע איך בין שוין כמעט אריבערגעגאנגען און קום באלד צום קרעטשמע רוהען.

אויף מאָרגען פריה זיינען מיר אוועק קיין אוזדע. מיר האָבען געאיילט געהן גיכער, מיר זאָלען קומען צו כפרות שלאָגען אין שטאָדט. פארגאַנגען זיינען מיר צו מיין מוטער'ס א ברודער. צי מיר זיינען געווען געסט ביי איהם ווייס איך ניט ? געקומען זיינען מיר שוין נאָך כפרות שלאָגען. קלער איך אז ער האָט אונז אויף „כפרות" אויך ניט באדארפט.

## 47
## די שטעדטעל אוזדע, די ישיבה, מיין לערנען, ווי די קרובים האָבען מיך מקרב געווען

די שטעדטעל אוזדע איז געווען אין יענער צייט א קליין שטעדטעלע, אומגעפעהר ביי א צוויי הונדערט אידישע פא־מיליעס. זי איז געווען ניט אנדערש פון אלע קליין שטעדטלאך אין יענער צייט, מיט'ן וואוינונג, מיט'ן פיהרונג און מיט אלערליי טיפען מענשען. איהר אויסנאם איז געווען פון אנדערע שטעדטלאך מיט איהר ישיבה פון דרייסיג־פערציג בחורים, שטאָדטישע און פון זייטיגע שטעדטלאך און דערפער. די ניט־שטדטישע פלעגען עסען טעג ביי זייערע פריינד, בעקאנטע אָדער אזוי ביי גוטע לייט. געבען א ישיבה בחור עסען א טאָג צי צוויי אין דער וואָך, איז דאָס געווען ביי יעדען אידען א

חוב קדוש, אונטערהאלטען די לומדי תורה. יעדער איד האָט געפּיהלט דערפון א געטליכען פארגעניגען.

אונזערע פריינד זיינען געווען אין שטעדטעל פון חשוב׳ע באַלעבאַטים. דער מאַמע׳ס א ברודער (אייזיק יאסעלעס) און צוויי שוועגער (מאַנען פון איהרע שוועסטער), איין פּלימעניק גאַר א רייכער מאן (יואל ליב זימעלס).

יום כפור זיינען מיר געווען זעהר גוטע געסט (ביז׳ן נאָכ׳ן תענית). אויף מאָרגען איז מיין פאָטער געגאַנגען צו אַלע פריינד באַשטעלען פאר מיר די זיבען טעג, האָט ער נאר גע־קריגען זעקס, פיער ביי די פריינד און צוויי ביי באקאנטע. איז געבליבען איין טאָג אין וואָך אָן א בעל הבית. האָט מען זיך געהאלטען עצות וואָס טוהט מען מיט דעם זיבעטען טאָג, איז געבליבען, אז ביז׳ן עס וועט זיך געפינען א זיבעטער בעל־הבית זאָל איך דעם טאָג עסען איין וואָך ביי דעם פעטער אייזיק און די אנדערע וואָך ביי דעם גביר יואל לייב זימעלס, דאָס איז געווען דער טאָג דינסטאג האָב איך אויף איהם גע־האָט צוויי באלעבאטים, ווייל אין דעם טאָג ווערט דערמאָנט אין דער תורה צוויי מאָל „כי טוב״ א „כי טוב״ פאר יעדען. ווען מען וואָלט ביי מיר פרעגען, וואָלט איך געמאכט דעם בשותפות׳דיגען טאָג בעסער מאָנטאג, וואָס אויף איהם איז איין מאָל „כי טוב״ אויך ניט דערמאָנט, אז אזוינע נאָהענטע פריינד, רייכע לייט האָבען ניט געקענט געבען עסען א קליי־נעם אינגעל צוויי טעג אין דער וואָך און געמוזט טיילען אויף צווייען, קומט זיי א כי טוב ? אזוינע קמצנים ! ? איך האָב יענעם טאָג אויך ניט געפּיהלט דעם „כי טוב״, ווייל ביי זיי איז דאָס אויסגעקומען איבעריג, ווי א פינפטע ראָד צו א וואָ־גען, נאָר גאָט צו דאנקען, זיי האָבען קיין סך צייט ניט געליטען. אין א מאָנאַט ארום האָט דער ראש ישיבה מיר באשטעלט דעם טאָג, האָבען זיי שוין גערוהט דעם זיבעטען טאָג.

48

# די ישיבה מיט די ישיבה בחורים

אז מיין פאָטער האָט מיך באַזאָרגט מיט עסען (קמח) איז ער געגאנגען באווארענען מיך מיט (תורה) איך זאָל האָבען וואו צו לערנען, האָט ער מיך אוועקגעפיהרט אין דער ישיבה. דער ראש הישיבה איז געווען ר׳ ראובן סיני, א איד אין מיטעלע יאָהרען, א קורץ־געוויקסיגער, נאָר א דיקער מיט א לאנגער באָרד א שווארצע מיט א קלוגען פנים, מיט גוטע שווארצע אויגען, א הדרת פנים פון א תלמיד חכם, ער איז טאקע גע־ווען א מופלג גדול בתורה. ער האָט געהאט צוויי זיהן, איינער דער אינגערער איז געווען אין מיין עלטער זעהר א פעהיגער, אַז מיר זיינען געקומען אין דער ישיבה האָט ער דאַן דעם שיעור געזאָגט, און ווייל דאָס איז געווען יום טוב צייט, האָבען זיך געפונען אין דער ישיבה ווינציג ישיבה בחורים, נאָר די שטאָ־טיגע. איך האָב זיך דערשראָקען, זעהענדיג דאָס דעם ערש־טען מאָל. מיין פאָטער האָט איהם געזאָגט, אז ער האָט מיך געבראכט אהער אין דער ישיבה. דער ראש ישיבה האָט מיך פאַרהערט און איך בין געפעלען געווארען און האָט מיך צו־גענומען פאר א תלמיד, בין איך געווארען מיט מזל א ישיבה בחור.

מיין פאָטער איז אוועק אהיים פאר סוכות און איך בין געבליבען עסען טעג. פון אָנהויב איז דאָס מיר געווען זייער שווער געהן עסען ביי א פרעמדען טיש, איך האָב זיך זעהר געשעמט, עס האָט פיעל מאָל געטראָפען אז איך פלעג אוועק פון טיש הונגעריג. אמאָל הער איך ווי די באַלעבאָסטע זאָגט צו מיר — וואָס שעמסטו זיך אינגעלע! וואָס עסטו ניט? — מיר האָט דאָס שטאַרק פארדראָסען, וואָס זי האָט מיך אָנגע־

רופען: „אינגעלע”, וואָס איז זי מיך מבזה, איך לערען אין דער ישיבה, איך בין א ישיבה בחור! און זי רופט מיך אינגעלע! נאָר איך האָב ניט געקענט העלפען. איך האָב ניט געהאַט פאַר וועמען צו באקלאָגען זיך. איך בין עלענד אין דער פרעמד, געמוזט שווייגען, נאָר זיצענדיג ביי דער גמרא איז מיר פון זינען ניט ארויס דער וואָרט „אינגעלע”. איבעראכטאָג, אז איך בין געקומען אהין עסען, האָב איך געציטערט זי זאָל מיר נאָך אמאָל ניט זאָגען אינגעלע, פארוואָס עסטו ניט? האָב איך שוין געגעסען גוט, זי זאָל ניט האָבען וואָס צו רעדען. נאָר נאָכדעם האָט געטראָפען, אז אויף עטליכע פון מיינע טעג האָבען די באלעבאָסטעס מיר געזאָגט: — אינגעלע, געה וואַש זיך עסען — האָב איך שוין ניט געקענט דאָס אריבערטראָגען און איך האָב געפרעגט ביי מיין פעטער פארוואָס רופען זיי אלע מיך אינגעלע? האָט דער פעטער פון מיר אָבגעלאכט — וואָס הייסט מען וועט דיך רופען בחור? אז דו ביזט נאָך גאָר א אינגעל, שפעטער אז דו וועסט אונטערוואקסען, וועט מען דיך רופען בחור. זיי מיינען דיך ניט שענדען דערמיט, פארקערט זיי לויבען דיך, דו ביזט נאָך גאר א אינגעל און לערענט שוין אין א ישיבה. איך בין מיט דעם תירוץ זעהר צופרידען געוואָרען און מיר פלעגט זיך שוין וועלען מען זאָל מיך אנרופען מיט דעם נאָמען „אינגעלע”!

מיר האָבען אָנגעהויבען לערנען מסכתא „בבא קמא” מיט תוספות, אלע טאָג פריהער אָפגעלייענט פאַר זיך דעם בלאַט גמרא מיט תוספות נאָכדעם געהערט דאָס פון ראש ישיבה ביים שיעור, דאָנערשטאג פלעגט דער ראש ישיבה אויסרופען די ישיבה בחורים זיי זאָלען איבערזאָגען שטיקלאכווייז. דער ראש ישיבה פלעגט זיצען אין דער ישיבה דעם גאנצען טאָג ביז ניין דעם זייגער אין אָוונט, אכטונג געבען מיר זאָלען לער־נען. מען האָט געמוזט זיצען איבער דער גמרא די גאנצע צייט, מען האָט ניט געטאָרט רעדען איינער מיט'ן צווייטען, אבער אז עס האָט זיך פאָרט געוואָלט א שמועס טאָן, איז געוועןן אן

עצה דערצו, פלעגט מען קוקען אין דער גמרא און רעדען צום צווייטען מיט'ן ניגון פון דער גמרא און דער צווייטער פלעגט אויך טאָן דאָס זעלביגע, מען פלעגט אזוי פארברייינגען פיעל צייט מען האָט געוואָלט און דער ראש ישיבה האָט קיינמאָל ניט פארשטאנען, אז מען פיהרט גאר א שמועס פון דברי חול.

מיר פלעגען זיך ארויסכאפּען אין דרויסען אויסרויכען א פּאַפּיראָסל (איך האָב שוין אויך געראויכערט גלייך מיט אלע ישיבה בחורים). איך געדיינק איין מאָל בין איך אריין צום ראש ישיבה אין שטוב מיט זיין קלענערען זוהן (מיין חבר געוועזן) רויכענען (דער ראש ישיבה קומט ניט אהיים ביז ניין אזייגער) דארטען אין שטוב האָט געקנעלט א מלמד מיט קינדער. די ליכט האָט זיך געברענט, די קינדער זיינען געזעסען ארום טיש, דער רבי אויבען־אָן אין יארמולקע אזוי אויפגעלייגט, נעבען איהם אויפ'ן טיש איז געשטאנען א בלעכענע פושקע מיט טאבאק, פּאפּיראס־פּאפּיר צושניטענע פּאסען אויפגעוויקעלט אויף א שוועבעלע' א גאנצע קנויל און א ציגארען־שפּיצעל פון א ביינדעל, געמאכט פון א גענזענע פליגעל, ער האָט אָפּגעריסען א שטיקעל פּאפּיראס־פּאפּיר און געמאכט א פּאפּיראָסעל, פאררויכערט אזוי בכבוד'יג פראנק און פריי, האָט פאר קיינעם קיין מורא ניט. איך האָב שטארק מקנא געוועזן איהם. געקלערט : — אָט לעבט זיך א מענש מיט פארגעניגען ! האָט ניט מורא פאר דעם ראש ישיבה, פאר די באלעבאטים. איך האָב געוואונשען זיך, איך זאָל דערלעבען זיין אין זיין שטאַנד. א דאַנק גאָט מיין וואונש איז מקוים געווארען, איך קען טאקע רויכענען מיינע פּאפּיראָסלאך פריי, אבער פריי לעבען, קען איך ניט, איך האָב אויף זיך באלעבאטים וואָס זיי שטערען מיין פרייהייט. אַך ווי נאַריש איז געוועזן מיין קינדער־שער וואונש !

# מיינע קרובים גיבען מיר בעטגעוואַנט, איך שלאָף אין שוהל, איך לעב באַלעבאַטיש

דאָס רוב פון די פרעמדע ישיבה בחורים, פלעגען נעכ־טיגען אין שוהל — וואו די ישיבה איז געווען — איך האָב אויך גענעכטיגט אין שוהל. מיינע קרובים האָבען מיך באַוואָרענט מיט בעטגעוואַנט, זיי האָבען מיר געגבען אַ קישען, אַ זעקעל אָנגעשטאָפּט מיט היי (שעניק בלע״ז) דער זעקעל איז געווען אַ גרויסער, אַז עס איז גענוג געווען אונטערצובעטען און צו קאָפּען לייגען. צוגעדעקט האָב איך זיך מיט מיין קאַפּאָטע, זי איז אפילו געווען אַביסעל צו קורץ צו באַדעקען זיך, אָבער א ישיבה בחור האָט אַ גמרא קאָפּ, גיט ער זיך אַן עצה, — קאָרטשעט ער איין די פיס. געשלאָפען האָב איך אויף צוויי בענק נעבען אויווען, עס איז געווען ווייך און וואַרעם. געשלאָפען האָבען מיר פון עלף ביי נאַכט ביז זעקס אין דערפריה. זעקס אַזייגער האָבען געמוזט אַלע אויפשטעהן, ווייל דאַן קומען אין שוהל די „ותיקן” מענשען, די פּאַרנומענע מענשען, וואָס דאַוונען דעם ערשטען מנין. גאַנץ פריה, ווען די מענשען זיינען געקומען אין שוהל, פלעגן מיר שוין זיצען ביי די גמרות. איך פלעג אַמאָל זיצען אַ גאַנצע נאַכט און לערנען. איך בין יענעם ווינטער קלאָר געוואָרען גאַנץ מסכתא בבא קמא, געוואוסט קלאָר אויפ׳ן דף, (אַז מען האָט ביי מיר געפרעגט, וואו געפינט זיך דער און דער מאמר, האָב איך גע־זאָגט אויף וואָסער בלאַט דאָס איז).

קיין געלט האָט מען מיר פון דער היים ניט געשיקט. מיינע עלטערען זיינען געווען זיכער, אַז אונזערע רייכע פריינד גיבען מיר אויף אַלץ וואָס איך דאַרף. נאָר מיינע עלטערען

האָבען אַ טעות געהאַט. איך האָב דעם גאַנצען ווינטער ניט געקראַגען פון די פריינד ניט איין גראָשען. זיי האָבען זיך ווינציג אינטערעסירט צו וויסען, צי פעלט מיר עפּעס, און ניט איך האָב פון זיי געבעטען. מיינע באַדערפעניש איז געווען ניט קיין גרויסע, און דערויף האָב איך אַליין פאַרדינט. אַ גילדען (15 קאָפּיקעס) אַ וואָך פלעג איך נעמען ביי אַ ישיבה בחור, וואָס איך פלעג מיט איהם אָפּ לערנען דעם שיעור גמרא פאַר אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך. היינט פלעג איך אָפּשפּאָרען עטליכע קאָפּיקעס יעדער וואָך פון די געלט, וואָס מען פלעגט מיר אויף (אַנדערע טעג) וועטשערע געבען. פון דאָס געלט וואָס איך האָב אָנגעקליבען, האָב איך געקויפט אַ קעסטעל פון שוועבעלאַך, געמאַכט צו איהר אַ דעק, מיט אַ ביילעדעל (אַלע ישיבה בחורים האָבען דאָס געהאַט) מיט אַ שלעסעל. דאָרטען האָב איך געהאַלטען מיין גאַנצען פאַרמעגען. די קליינינגקייט, נאָדלען, פאָרים, קנעפּלאַך. מען דאַרף אַמאָל עפּעס פאַרנייען, אָדער א קנעפּעל איין נייען (דאָס פלעגט טאָהן דער ישיבה בחור תמיד פרייטאָג ביי טאָג). אויך די עטליכע קאָפּיקעס, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, די פּושקעלע טאַביק מיט אַלע מכשירין, די העמדער, די ספרים'לאַך מיינע און נאָך חפצים, וואָס איך האָב געהאַט. אַלץ איז געלעגען אין קעסטעל אונטער שלאָס. געלעבט באַלעבאַטיש. מיר האָט גאָרנישט געפעלט, קעסט פאַרטיגע, אַ קוואַטיר אַ גוטע אַ וואַרעמע, אויף הוצאות איז דאָ, עס בלייבט נאָך א פּאָר גראָשען אין קעשענע, איז וואָס קען געבען בעסער ? אַי, וואָס דער ווינטער איז א קאַל-טער, פרעסט מיט שנייען, מיינע מלבושים — ווי אַמאָליגע מאָדע — אַ קאַפּאָטע מיט אַ לאַנגען שפּאַלט ביז העלפט פון פלייצע ביז אַראָפּ, דער ווינט בלאָזט פאַנאַנדער די פּאָלעס, און קריכט אַריין טיף אין די ביינער. די שטיוועל צוריסען, די פּיס פרירען, דאָס אַלץ איז פון די קליינינגקייט. עס קומט זיך איבער. דאָנערשטאָג איז מיר גאָר גוט געווען, איך האָב געגעסען ביי מיין מומען, (דער מאַמעס שוועסטער) דאָרטען

האָט זיך אויפגעהאַלטען די באָבע מיינע (דער מאַמעס מוטער). זי פלעגט מיך ארויפנעמען אויפ׳ן אויווען, וואו זי איז תמיד געזעסען. וואו קען זיין אַ בעסערער אָרט פאַר אַן אַלטער מאַמען, אויב ניט אויפ׳ן אויווען, אָדער אונטער-אויווען? מיין באָבע איז געווען גאָר פון די אַלט-מאָדישע ווייבער, מיט אַ שלויער אויפ׳ן קאָפּ אַרומגעדרייט מיט אַ פאַטשיילע פאַר-בונדען מיט אַ גרויסען קנופּ, ווייסע זאָקען מיט פאַנטאָפעל אויף די פיס, אויפ׳ן אויווען פלעגט זי זיצען אָן פאַנטאָפעל, נאָר דער שלויער מיט׳ן קנאָפּ האָט זי ניט אויסגעטהאָן, אַפילו זיצענדיג אויפ׳ן אויווען. זי פלעגט מיך אַרויף נעמען צו זיך, אויסוואַרעמען מיך גוט, און געבען מיר נאָך אַ פּאָר קאָפּיקעס מיט זיך. בקיצור מיר האָט גאָרנישט געפעלט. ווער שמועסט שוין וועגען שבת. דער שבת׳דיגער טאָג איז געווען טאַקע כמה שנאמר, ווי אין פסוק שטעהט, „וקראת לשבת עונג" (שבת, זאָלסטו אָנרופען פאַרגעניגען טאָג). מיט׳ן שבת׳דיגען טאָג, בין איך זאַט געווען די גאַנצע וואָך, ניט נאָר אין גשמיות, אין עסען און טרינקען, אפילו מיט רוחניות אויך, און דוקא ביי אַ פשוט׳ן אידען, אַ קצב, נאָר ס׳איז שוין איינמאָל אַ קצב, אין אַמעריקע וואָלט ער געווען אַ רעווערענט מיט אַ מורינו. אַ איד מיט אַ גרויסע, שעהנע, שוואַרצע באָרד, מיט אַ הדרת פנים פון אַ תלמיד-חכם, און ניט קיין עם-הארץ אין די שוואַרצע פינטלאַך, פלעגט אָפּט וואַרפען מיט ווערטלאַך פון תנ״ך און פון גמרא. מיילע וועגען עסען איז קיין רייד ניט געווען, „כיד הקצב", ווי מען עסט ביי אַ קצב. נור איך בין זאַט געווען דאָרטען מיט רוחניות אויך, שבת צונאַכט און אין דער פריה צו וואַרמעס, געזונגען זמירות, גאָרנישט פאַרפעלט, איבער-הויבט האָט זיך אויסגעצייכענט זיין „אשת חיל" זינגען, קו-מענדיג פון שוהל פרייטאָג צו נאַכט, פלעגט ער אַרום געהן אי-בער שטוב זאָגען „שלום עליכם" מיט אַ בנעימות׳דיגען ניגון, נאָר אַז עס איז געקומען צו אשת חיל, דאָ האָט ער אַרויס-געוויזען זיינע גאַנצע קענטשאַפט, עפּעס אזוי זיס, אזוי גע-

שמאַק, אַז איך פלעג באַגייסטערט ווערען און פלעג נאָך זינגען שטילערהייד, ביז וואַנען איך האָב זיך איהם אויסגע־לערענט זינגען ריכטיג, און פלעג אויך נאָכגעהן נאָך איהם און העלפען איהם. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגען די מאַמע וועט האָבען פון מיר, אַז איך וועל זינגען דעם אשת חיל, אַרומגעהענדיג איבער שטוב פרייטאָג צו נאַכט, דאַרום האָט זיך מיר געוואָלט, וואָס גיכער אַהיים פאָהרען. נאָך איין זאַך האָט מיר צוגעגעבען חשק, פאָהרען אַהיים וואָס גיכער, פון מיינע אָפּגעשפּאָרטע געלט, האָט מיר אַן איינבינדער געמאַכט אַ רימענעם פאָר־טאַבאַק, אויף האַל־טען טאַבאַק מיט פאַפּיראָס־פּאַפּיר, און פון אויבען אויף איהם אויסגעקוועטשט מיט גאָלדענע אותיות מיין נאָמען און מיין פאָטער׳ס נאָמען. דאָס איז אַזאַ מין טייערער אַרטיקעל אַז אַלע ישיבה בחורים האָבען מיר מקנא געווען. דאָס האָט מיר אויך צוגעגעבען לוסט פאָהרען אַהיים באַווייזען מיינע אַמאָליגע חברים אַזאַ טייערען חפץ, וואָס מעהר ניט אַ ישיבה בחור קען זיך פאַרגינען צו האָבען, אָבער ניט אַ חדר אינגעל!

דאָס פאָר־טאַבאַקעל מיט דער אשת חיל האָבען מיך אַהיים געטריבען. (פאַראַן פיעלע וואָס די אשת חיל טרייבט זיי פון דער היים) נאָר פאַר׳ן סוף הזמן קען מען ניט פאַרלאָזען די ישיבה, מוז מען וואַרטען ביז פאַר פּסח. די צייט האָט זיך מיר זעהר אויסגעצויגען. איך האָב געצעהלט די טעג, (ווייל איך האָב „טעג״ געגעסען) ווען וועט שוין זיין סוף הזמן!?

50

## פּורים צו דער סעודה, די באָבעס נייען מיר אַ קאַפּאָטע

עס איז דורכגעגאַנגען כמעט דער גאַנצער ווינטער. מיי־נע קרובים האָבען מיר קיין מאָל ניט געפרעגט ווי לערען איך? צי נויטיג איך זיך אין עפּעס? זיי האָבען קיין מאָל ניט געקוקט ווי איך לעב, ווי געה איך אַרום ווינטער אין די קעלט? דאָס איז זייער דאגה ניט געווען. נאָר דער נס פון פּורים האָט מיטגעבראַכט אַז מען האָט זיך אויף מיר דערמאָנט. „וגם הרבונה זכור לטוב״! פּורים צו דער סעודה, האָבען זיך אַלע מיינע קרובים צונויפגעקליבען צום פעטער אייזיק (און איך בין דאָרטען אויך געווען) ויהי כטוב לב דודי ביין, דער פעטער האָט אַביסעל משקה גענומען, און ער איז געוואָרען בגליפונ׳דיג, האָט ער אַ פרעג־געטהאָן ביי מיר — נו זאָג מיר זושע, ווי לערענסטו, קענסטו עפּעס גוט לערנען? האָב איך איהם שטאָלץ געענטפערט, אַז איך בין קלאָר גאַנץ מס׳ בבא קמא מיט די תוספות. — אַזאַ למדן ביסטו געוואָרען? זאָגט דער פעטער מיט אַ שמייכעל — אָט וועלען מיר אויסהערען. — מען האָט גענומען אַ גמרא און אָנגעהויבען פרעגען. איך האָב זיי געזאָגט יעדער מאמר אויף וואָסער דף עס געפינט זיך, און וועלכער תנא אָדער אמורי האָט דאָס געזאָגט. זיי זיינען אַלע נתפעל געוואָרען. האָט זיך דער עולם פאַנאַנדער געשאָקעלט, און האָט מיר געגעבען שלוח׳מנות געלט, דריי רובלען האָבען זיי צו־זאַמען געקליבען, און די באָבע האָט דערלייגט פון איהרע אַ גאַנצען רובעל, נאָך מיט עטליכע קושען אויך דער צו, און מען האָט מיר גענייט אַ נייע קאַ־פּאָטקע אויף יום טוב, מיט אַ פּאָר שטיוועל. אָט דורך פּורים־דיגען נס מיט דער הילף פון די צוויי בבא׳ס די „בבא קמא״ און די באָבע העניע (דער מאַמעס מאַמע) האָבען מיך באַ־קליידט אויף יום טוב. — איך פאָהר אַהיים אויף פּסח.

51

## איך ווער שיעור דערפראָרען, און ווער אָן מיין פאָרטאַבאַק, און שיעור ניט פאַרגעסען די „אשת חיל"

עס איז געקומען ר"ח ניסן. אין דרויסען האָט נאָך אָנגעהאַלטען דער ווינטער, פרעסט, שנייען, איך האָב זיך גענומען גרייטען היים פאָהרען. עס איז דאָך סוף זמן. אַלע טאָג פלעג איך געהן אויף דער איוועניצער אכסניא זעהן פילייכט וועל איך אַ פור קריגען? (קיין שטענדיגער בעה"ג איז ניט געווען צו אונז אין שטאָדט). אַ פאַרנאַכט האָב איך געפונען אַ פור, אַ פויער האָט געבראַכט סחורה אין שטאָדט, און פאָהרט צוריק מיט אַ ליידיגען שליטען, אפילו קיין היי איז אויף איהם אויך ניט געווען. האָב איך איהם באַדונגען פאַר אַ האַלבען רובעל מיט אַ קוואַרטירעל בראָנפען. ער זאָל מיר ברענגען, אַהיים. (ער האָט געוואוינט דריי וויאָרסט אונטער שטאָדט). דער פויער איז מיט מיר פאַרפאָהרען צום שוהל, איך האָב צוגענומען מיין קעסטעלע מיט די זאַכען מיינע, מיינע בעטגעוואַנט (דעם אָנגעשטאָפטען זאַק מיט היי) האָב איך איבערגעלאָזען מיינעם אַ חבר. אָפגעזעגענט זיך מיט דעם ראש ישיבה, מיט אַלע ישיבה בחורים, געלאָפען זיך געזעגענט מיט מיינע קרובים און מיט מיין שבת'דיגען בעל הבית, און אַוועקגעפאָהרען צו דער באָבען, געזעגענט זיך מיט איהר, זי האָט מיר געגעבען צידה לדרך, וואָס צו עסען, אָנגעקושט, און געבענשט מיך און געבעטען דעם פויער, ער זאָל מיך היטען אין וועג. אַן אַוועק געפאָהרען פרעהליך אַהיים. דער פויער האָט אַ שמיץ געטהאָן זיין פערדעל, מיר זיינען געפאָהרען גאַנץ שנעל, אַז מיר האָבען פאַרלאָזען די שטאָדט איז שוין געווען פינסטערלאַך.

אין פעלד האָט דער ווינד אָנגעהויבען בלאָזען שטאַרקער, דער פראָסט האָט זיך פאַרגרעסערט. עס איז מיר קאַלט געוואָרען, עס האָט ניט געהאָלפען די צוויי קאַפּאָטעס וואָס איך האָב געטראָגען אויף זיך, און די פאַציילקע, וואָס די באָבע האָט מיר פאַרבונדען די אויערען. עס האָט מיך געטרייסעלט אין קעלט, געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן, אַז אין האַרצען האָט מיר פאַרקוועטשט.

דער פויער האָט באַמערקט ווי איך טרייסעל זיך, האָט ער מיר געגעבען די הונקע (דאָס איז אַ גראָבע שטיקעל לייווענט, וואָס ער דעקט צו דעם פערד), איך זאָל זיך דער מיט איינדעקען. איך בין געוועזן דערמיט צופרידען, אין אַן עת צרה, איז אַ פערדישער מלבוש אויך גוט. אָביסעל האָב איך זיך דערוואַרימט, אָבער דער עזות פּנים דער ווינד, האָט ביסלעכווייז געגומען אַריינקריכען אונטער דעם פערדישען מלבוש, איז מיר ווייטער שרעקליך קאַלט געוואָרען, האָט דער פויער מיר אַן עצה געגעבען, — איך זאָל זיך אַביסעל דורכלויפען צו פוס נאָכ'ן שליטען. איך האָב איהם געפאָלגט, געלאָפען אַ מינוט צעהן, מיר איז טאַקע וואַרעם געוואָרען. אָבער איך האָב געפיהלט אַז די כחות געהען מיר אויס, געוואָרען זעהר פאַרמאַטערט, אַז איך האָב דעם אָטהעם ניט געקנט אָפּציהען. אַרויף צוריק אויפ'ן שליטעל, צוגעדעקט זיך ווידער מיט דעם פערדישען מלבוש, און ווייטער גוט. אָבער ניט לאַנג האָט דאָס געדויערט, דער ווינט מיטן פראָסט זיינען מיר אַריינגעקראָכען אין דיביינער אָהן רחמנות. דער פּנים האָט געברענט פון ווינט, די אויערען האָבען גוט דערהערט די קעלט, די פיס האָבען געפיהלט דעם פראָסט. לויפען ווייטער נאָכ'ן שליטעל, איז קיין כח ניט געווען, און ווידער האָב איך מורא געהאַט, ביי נאַכט אין דער פינסטער, איך קען נאָך פאַרבלייבען אין מיטען פעלד אַליין. האָב איך באַשלאָסען ביי זיך, איך זאָל זיצען אויפן'ן שלטיעל, און וואָס עס וועט זיין זאָל זיין, ווי גאָט וועט געבען. איך האָב געבע-

טען דעם פויער, צוגעזאָגט איהם אויף בראָנפּען, נור ער זאָל פאָהרען וואָס גיכער. דער פויער האָט מיך געפאָלגט, געטריבען דאָס פערדעל, דער שליטעל האָט זיך געגליטשט אויף דער אויסגעטראָטענער שניי־וועג זעהר גיך, געפלויגען אַרויף און אַראָפּ. איך האָב זיך צוגעהאַלטען מיט די פאַר־פרוירענע הענט, ניט אַרויספּאַלען פון שליטעל. דער פויער האָט דערזעהן ווי איך זיץ אַן איינגעהויקערטער, אַ פאַרפראָ־רענער, האָט ער מורא געהאַט, איך זאָל ניט איין שלאָפען און קען דערפראָרען ווערען. זאָגט ער צו מיר — „זשידאָטשיק ניע ספּי — אַטאָ איזשמאָרזשניש". (אידעלע ניט שלאָף, דו וועסט דערפראָרען ווערען) — אַ ציטערניש האָט מיך אָנגעכאַפּט, אַז איך האָב דערהערט. אָט ווער איך באַלד אַנשלאָפען, און אַ גוטע נאַכט. אוים ישיבה בחור, פאַרפאַלען די אשת חיל מיט'ן פאַר־טאַבאַק!

איך האָב זיך געמאַטערט ניט איינשלאָפען, געקלאַפּט אַ פוס אָן אַ פוס, געריבען די פאַרפראָרענע הענט, גערעדט פאַר זיך, איך זאָל וויסען, אַז איך בין וואַכענדיג, נאָר איך פיהל אַז מיין קערפּער און די פיס זיינען פאַרפראָרען, אַז איך פיהל שוין קיין וועהטיג ניט. געזעסען פאַרטרויערט, מיינענ־דיג, אַז מיין ענדע קומט, באַדויערט מיינע עלטערען, וואָס פאַר אַן אומגליק זיי וועט טרעפען. מיר איז שוין אין קאָפּ ניט געלעגען, צו קלערען וועגען דער אשת חיל מיט'ן פאָר־טאַבאַק. זיצענדיג אַזוי פאַרטראַכט אין מיינע טרויעריגע גע־דאַנקען, האָב איך דערהערט ווי דער פויער שרייט צו מיר, — אַז מיר זיינען שוין ניט ווייט פון דער שטעדטעל רעב"ז. עס זעהען זיך שוין פייערלאַך פון ווייטען. ווי אַ בת־קול פון הי־מעל האָבען מיר געקלונגען דעם פויער'ס רייד — להבדיל, הערענדיג די גוטע בשורה. איך האָב דערזעהן די פייערלאַך פון ווייטען, איז מיר ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. עס איז מיר וואַרימער געוואָרען. מיין פאַרביטערטע הארץ איז מיר אָפּגעגאַנגען פון שרעק. געקוקט מיט פרייד אויף די פייער־

לאָך, ווי אויף גוטע מלאכים, וואָס האָבען מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז איך האָב האָפענונג צו בלייבען לעבען.

עס האָט ניט געדויערט קיין צעהן מינוטען, ווי דער פערדל האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבען א קרעטשמע, און דער פויער האָט אַ געשריי געטהאָן. — סקאָריי איטדי איוו קאָרטש־מאַ — (געה גיכער אין קרעטשעם) — איך האָב געפּרואווט אַראָפּגעהן, איך קען זיך פון אָרט ניט ריהרען. מיינע פיס זיינען ווי פלעקער. דער פויער האָט מיך גענומען אונטער די הענט און צוגעפיהרט מיך צום טהיר, און אָנגעהויבען קלאַפּען מען זאָל עפענען. נאָר אין קול ואין עונה, קיינער ענטפערט ניט. ווי עס ווייזט אויס אַז דער בעל הבית פון קרעטשעם האָט זיך געפוילט אויפשטעהן פון זיין וואַרעמען געלעגער, און ניט באַטראַכט, אַז עס קען זיין אַז אונטער זיין טהיר שטעהען מענשען, וואָס קענען אומקומען פון קעלט. נאָר מיין ערל איז ניט געוועזן קיין שעמעוודיגער, און האָט געקלאַפּט נאָך שטאַרקער, זאָגענדיג, אַז ער צוברעכט די טהיר, אויב מען עפענט ניט באַלד. דער בעל הבית האָט מורא געהאַט פאַר דעם פויער׳ס ווערטער, ער האָט הפנים געוואוסט, אַז אַ פויער קען צעברעכען אַ אידישע טהיר, האָט ער אויפגע־עפענט די טהיר און אַ בורטשע געטהאָן אונטער נאָז, אַ סימן אַז ער איז ניט צופרידען מיט די געסט. דער פויער האָט מיך אַריינגעפיהרט אין שטוב, אַרויפגעזעצט מיך אויף אַ וואַרעמע ליעזשאַנקע, אַראָפּגעצויגען די שטיוועל פון מיינע צופראָרענע פיס. איך האָב זיך דערוואַרימט, אָפּגעלעבט. דער פויער האָט געגעבען עסען זיין פערדל, און זיך אַליין אויך ניט פאַרגעסען, אַרויסגענומען אַ שטיק ברויט מיט דבר־אחר פון זיין טאָרבע. איך האָב איהם געהייסען נעמען אַ גוטען טרונק בראָנפען אויף מיין רעכענונג. ער האָט נאָך מוסיף געווען כהנה פון זיין אייגענער קעשענע, פאַרביסען גוט מיט אַפּעטיט פון טאָרבע. קוקענדיג אויף איהם האָט מיר אויך אָנגענומען אַ חשק עפּעס פאַרבייסען, גענומען פון מיין שפּייז, וואָס די באָבע האָט מיר

געגעבען, פאַרביסען און נאָכדעם געוואָלט נעמען אַ פּאַפּי־ראָסעל פאַררויכענען, (ווי איך פלעג תמיד טהאָן נאָכ׳ן עסען) איך וויל אַרויסנעמען מיין פּאַר־טאַבאַקעל, ניטאָ אין קעשענע, וואו איך האָב איהם אַריינגעלייגט. איך האָב איבערגעטאַפּט אַלע קעשענעס, געזוכט ווי לבן הארמי האָט געזוכט זיינע געטער, וואָס זיין טאָכטער רחל האָט ביי איהם צו גע׳גנב׳עט. מיין זוכען איז געווען אומזיסט, אַזוי ווי לבנ׳ס. דער פּאַר־טאַבאַק איז ניטאָ! איך בין געלאָפען צום שליטעל, געזוכט נעבען שליטעל, ניטאָ! הפנים אַז איך האָב אים אָנגעוואָרען לויפענדיג ביי נאַכט נאָכ׳ן שליטעל. איהר קענט זיך פאָר־שטעלען, ווי פאַרצווייפעלט איך בין געוואָרען. איך האָב איהם באַדויערט, ווי אַ מענש באַדויערט, ווען ער פאַרלירט זיין גאַנצען פאַרמעגען, געמאַכט נאָך איהם אַ הספד, אָנגעוואָרען אַזאַ טייערען חפץ, וואָס איך האָב ערוואָרבען מיט פיעל מאַ־טערניש, נאָר פאַרפאַלען! איך האָב טרייסט געפונען, מיט דער „אשת חיל״, דאָס האָב איך דאָך ניט פאַרלאָרען. נאָר גאָט ווייס! אַז אַ מענשען געהט ניט, קען אַלץ טרעפען, אפשר פון די קעלט מיט די שרעקעניש, וואָס איך האָב געהאַט גע־ליטען די נאַכט, קען זיין, אַז איך האָב פאַרגעסען, ווי הא ראיה, די גמרא ברענגט אַ מעשה — אַז ר׳ יוסף חלה ושכח תלמודו — (ר׳ יוסף איבער זיין קראַנקהייט האָט ער פאַרגעסען זיין לערנען), קען דאָך זיין אַז איך האָב פאַרגעסען דעם ניגון. אויב חלילה אַזוי? וואָס וועל איך ברענגען אַהיים? כאַטש נעם און קער זיך אום צוריק. איך האָב באַלד שטילערהייט גע־נומען זינגען דעם „אשת חיל״. ערשט אַ דאַנק גאָט, עס זינגט זיך. די אשת חיל איז דאָ! איך וועל זי ברענגען בשלום אַהיים!

פאַרטאָג זיינען מיר אַרויס געפאָהרען. די זון האָט אָנגע־הויבען שיינען. דער ווינט האָט אויפגעהערט. געקענט שוין געניסען פאַרגעניגען פון מיין פאָהרען. נאָר דער פאַרלאָרע־נער פּאָר־טאַבאַקעל איז מיר פון זינען ניט אַרויס. אפילו די פאַרבליבענע אשת חיל האָט אויך ניט געקענט פאַרטרייבען

דעם אומעט און אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען אַהיים.

גרויס איז געווען די פרייד פון מיינע עלטערן, אַז זיי האָבען מיך דערזעהן. די מאַמע האָט ניט געוואוסט פון שמחה, וואָס צו טהאָן פאַר מיר. אז די שכונות האָבען זיך צונויפגעקומען אָנקוקען דעם גאַסט, האָט די מאַמע פאַר זיי זיך באַריהמט, אַז איך קען גוט לערנען, (פון וואַנען זי האָט געוואוסט, ווייס איך ניט), איך האָב אומגעדולדיג געוואַרט, אַז שבת זאָל קומען. שבת הגדול האָב איך אַרויסגעגעבען פאַר דער מאַ־מען מיין קענטעניש. געזונגען אשת חיל, אַרומגעהענדיג איבער שטוב די הענט פאַרלייגט אַהינטער, ווי מיין שבת'דיגער בעל הבית פלעגט טהאָן, און יעדע ווײַלע געוואָרפען אַ בליק אויף דער מאַמען, זעהן וואָס פאַר אַן איינדרוק וועט מאַכען מיין אשת חיל, וואָס איך האָב געבראַכט. ווי דערפרעהט בין איך געוואָרען, אַז איך באַמערק, אַז די מאַמע קוועלט אָן פון מיין זינגען. איך האָב פאַרגעסען אויף די צרות וואָס איך האָב געהאַט אין וועג, און אויף מיין גרויסען פאַרלוסט פון פאַר־טאַבאַקעל.

מיט פאַרגעניגען האָב איך פאַרבראַכט ביי מיינע עלטערן איבער יום טוב. נאָך יום טוב האָט מען ווייטער אָנגעהויבען טראַכטען וועגען מיין פאָהרען אין דער ישיבה. די עלטערן האָבען געוואָלט שיקען מיך ווייטער קיין אוזדע. נאָר איך האָב ניט געוואָלט. איך האָב דער מאַמען געזאָגט — דו ביסט טאַקע אַ גוטע מאַמע, נאָר דיינע פריינד טויגען אויף כפרות, מעהר פאָהר איך ניט אַהין — מיין ברודער אב, האָט אַן עצה געגעבען, מען זאָל מיך שיקען לערנען צו מיין ברודער אין בערעזין. דאָרטען וועט מיר גוט זיין, (ער האָט דאָרטען זעהר גוט געמאַכט, ער האָט דאָרטען געהאַט די אמת'ע „אשת חיל", אַז ער איז פון איהר קוים פּטור געוואָרען). זיין עצה איז צוגענומען געוואָרען. איך בין אַוועקגעפאָהרען לערנען אין בערעזין.

52

# די שטאָדט בערעזין און מיין „לערנען" דאָרטען, אויך מיין לעבען דאָרטען

די שטאָט ב' מינסקער גובערניע, ניט קיין גרויסע שטאָדט אומגעפער דריי הונדערט אידישע פאַמילעס, נאָר זעהר אַ רייכע, (פאַראַן אַפּילו פיעל אָרימע פאַמיליעס) דאָרטען האָבען זיך געפונען פיעל גרויסע גבירים, די משפחה פון די זעלדאָוויטשעס, די גרעסטע וואַלד סוחרים אין רוסלאַנד. אין יענער צייט, די דריי גרויסע אַלטע גבירים די ברידער זעלדאָוויטש, ר' דוד, ר' הירש און ר' אלי'. די דריי ברידער מיט זייערע קינדער און אייניקלאַך האָבען פאַרנומען אַ האַלבע שטאָדט. זיי האָבען זיך משדך געווען מיט אַנדער גבירים פון אַנדערע שטעדט. העכער פון הונדערט פאַמיליעס זייערע אַלע גרויסע גבירים, אַז איין גאַס האָט זיך גערופען מיט'ן נאָמען „גאָלדען גאַס", דאָרטען האָבען געוואוינט אלע גבירים, ניט איין אָרימאַן. די איבעריגע גבירים זיינען געווען צושפּרייט אין די איבעריגע טיילען פון שטאָדט, דאָרטען האָבען זיך געפונען אויך רייכע בעלי-בתים, וועלכע האָבען געהאַט שטע־לעס ביי די גבירים, אויך רייכע סוחרים קרעמער און ד"ג, אויך פיעלע בעלי מלאכות מכל המינים, מלמדים, כלי קודש, אַלע האָבען געלעבט ניט שלעכט. אונזער תורה זאָגט: „לא יחדל אביון", אַז קיין אָרימע לייט וועלן זיך ניט אויסנעמען, וואָרים אָהן די אָרימע לייט קענען די גבירים ניט לעבען, קענען פון פאַרגעניגען ניט געניסען, זייער קאַפּיטאַל ניט פאַרגרעסערען, און די אָרימע לייט ווערען פאַרשוואַרצט צוליב די גבירים'ס פאַרגעניגען. אָבער די אָרימע לייט וועלכע געפינען זיך אַרום גבירים, וועלכע זיינען אָרענטליכע לייט, לעבט זיך זיי ניט

שלעכט. אלזאָ די אָרימע לייט פון דער שטאָדט ב׳ האָבען ניט געליטען. די אַלטע גבירים די דריי ברידער, אויך פיעלע פון די יונגע זיינען געווען גרויסע בעלי צדקות. זיי האָבען אַכטונג געגעבען, אַז די אָרימע מענשען זאָלען קיין דחקות ניט ליידען.

ר׳ אלי׳ זעלדאוויטש האָט געהאַט אַן אייגענע שוהל מיט אַלע איהרע כלי קודש אויף זיין רעכענונג און אויסגעהאַלטען אַ ישיבה פון 40—30 ישיבה בחורים. טעג האָבען זיי געגעסען ביי די גבירים, פון פינף ביז צעהן בחורים מיט איין מאָל, פלעגען עסען איין טאָג אין וואָך ביי אַ גביר. יענע צוויי ברי־דער האָבען געדאַווענט אין שטאָדטישען בית המדרש, דאָרטען האָבען זיך אויך געפונען אַ צעהן פופצעהן ישיבה בחורים, אויך עטליכע יונגע לייט פרושים, וואָס האָבען געלערענט פאַר זיך אָהן אַ ישיבה. זיי זיינען אויך געשפייזט געוואָרען מיט דעם זעלבען אופן.

איך האָב געלערענט אין דעם בית המדרש פאַר זיך, (אַזוי האָב איך געוואָלט), געגעסען האָב איך מיט די ישיבה לייט אין איינעם. מיר פלעגן קומען פינף, צעהן, אונזערע מיט איין מאָל. מען פלעגט גרייטען פאַר אונז אַ טיש ווי אויף אַ שמחה. ניט וואַרטען ביז די בעלי־בית׳טע אָדער די דינסט זאָלען היי־סען געהן וואַשען זיך עסען. און טאָמער האָט מען פאַרגעסן לייגען אַ מעסער, פלעג דער ישיבה בחור זיצען איבער דעם לעבעל ברויט און דוכ׳ענען, ביז וואַנען מען האָט דערזעהן. דאָ האָט די דינסט דרך ארץ געהאַט פאַר אונז, ווי פאַר אַן געלאַדענע געסט אויף אַ שמחה. ניט געשעמט זיך צו בעטען אויב אויפ׳ן טיש האָט עפּעס געפעלט. דאָרטען האָבען די ישיבה לייט געלעבט, ווי מען זאָגט — ווי גאָט אין אָדעס.

מיין ברודער יהודה איז דאָרטען קיין גביר ניט געווען, נאָר ער האָט געלעבט ניט שלעכט. געווען זעהר געאַכט ביי די גבירים, געווען אַ איד אַ למדן, אַ משכיל פון יענער צייט, און טאַקי אַ קלוגער אויך. ער האָט מיך באַלד באַזאָרגט מיט קמח און מיט תורה, מיט עסען און לערנען.

א פּאָר חדשים האָב איך געלערענט אין בית המדרש. נאָכדעם האָט ער מיר באַשטעלט לערנען ביי דעם גביר ר׳ חיים נחום ראַבינאָוויטש, דעם אַלטען זעלדאָוויטשעס א מחותן. דער אַלטער ח״נ איז געווען א גביר און א מופלג א גרויסער. אַן אַלטער מאַן א בן ששים. ער פלעגט זיצען ביי זיך אין דער היים און לערנען. געהאַט א קליין בית-מדרש׳ל. דאָרטען האָבען געלערענט דריי ישיבה בחורים, פאַר וועלכע ער פלעגט זאָגען אַלע טאָג א שיעור א בלאַט גמרא מיט תוספות. אַהין האָט מיך מיין ברודער אָפּגעגעבען לערנען. א פּאָר שעה אין טאָג פלעגט ער לערנען מיט אונז, און נאָכדעם פלע־גען מיר פאַרבלייבען אין דרייען אליין. האָבען מיר זעהר ווינ־ציג געלערענט.

אויף דער הוצאה האָט אונז ניט געפעלט, אויסער דעם וואָס ר׳ ח״נ פלעגט אונז צאָהלען צו האַלבען רובעל אַלע וואָך, האָבען מיר נאָך געהאַט נאָך הכנסות פון די גביר׳ישע ווייבער, וואָס זיי חלום׳ט זיך אָפט חלומות אַזעלכע, וואָס מען דאַרף זיי פותר חלום זיין. איבער הויפּט האָט זיך אויסגעצייכענט ר״ח ראַטנערס ווייב. זי האָט כמעט יעדער טאָג אונז געפאָ־דערט, מיר זאָלען איהר פותר חלום זיין. איהר האָט זיך זעהר אָפט גע׳הלום׳ט. אַמאָל אפילו אין בייטאָגעדיגען שלאָף, (מאַלע וואָס א גביר׳ישע פרוי קען זיך חלומ׳ען). מיר האָבען געהאַט פון איהר א היבשע שטיקעל פרנסה. כמעט אַלע טאָג פלעגען מיר קומען, איהר קרבן מנחה איז געווען גרייט, פאַרבייגען דער בלאַט פון הטבת חלום, זי פלעגט זאָגען דריי מאָל — חלמא טבא חזאי, (א גוטען חלום האָב איך געזען) — און מיר פלעגען דאָס זעהן אויפ׳ן וואָהר, טאַקע באַלד פלעגט זי באַ־צאָהלען מיט די מזומנים, צעהן קאָפּיקעס יעדען. (דאָס איז געווען דער שטענדיגער פרייז). דער כלל מיר האָבען געלעבט גוט. ווען עס איז באַשערט זיין א ישיבה בחור זאָל ער לעבען ניט ערגער, נאָר מעהר לערנען. נאָר דאָס האָט ניט פיעל געדויערט, עטליכע חדשים, וואָרים רח״ן איז שלאָף

געוואָרען, און האָט אויפגעגעבען דעם לערנען מיט אונז. בין איך אָנגעקומען צוריק אין גרויסען בית המדרש לערנען פאַר זיך. אין יענער צייט האָבען דאָרטען געלערענט דריי פּרושים. איינער פון זיי איז געווען ר' יעקב מאיר ז"ל, דער גרויסער למדן און צדיק (אין אַ צייט שפּעטער איז ער געווען רב אין מינסק, אויף קאמערויקע). ער איז געווען זעהר פרום. אין גאַס, אַז ער פלעגט געהן האָט ער געטראָגען אונטער ברילאַק פון זיין היטעל אַ גראָבע פּאַפּיר, פאַרשטעלען די אויגען, ער זאָל ניט קוקען אָן אַ זייט, טאָמער חלילה קומט איהם אַנט־קעגען אַ פרוי, זאָל ער איהר ניט אָן קוקען. אַז אַ פרוי פלעגט קומען צו איהם אין שוהל מיט אַ שאלה, פלעגט ער אָפּקערען דעם פּנים און רעדען מיט איהר. זיין גוטסקייט איז געווען ניט ווינציגער פאַר זיין פרומקייט. ער איז געווען אַ מזג טוב, ליעב געהאט זעהר אַ בן תורה. האָט ער געזעהן, אַז אַ ישיבה בחור לערענט, האָט ער איהם שטאַרק מקרב געווען, און די ניט וועלער האָט ער ניט מרחיק געווען פון זיך, גע'מוסר'ט אָבער אַלץ בנעימות, מיט גוטע רייד.

מיך פלעגט ער צורופען צו זיך, אַרומנעמען מיך און בע־טען רחמים איך זאָל מעהר לערנען, וואָרים ער האָט באַמערקט אַז איך לערען זעהר ווינציג, פאַרברענגט די צייט אין גאָרנישט, שפּיל זיך מיט די ישיבה בחורים, וואָס האָבען חשק געהאַט צום לערנען אַזוי ווי איך. נאָר זיין מוסר האָט אויף מיר ווינציג געווירקט, און אויף מיינע חברים דאָס גלייכען. מיר פלעגען נאָר לערנען אין דער פריה, ווען דער עולם קלייבט זיך צום דאַווענען, און פאַר מנחה, דער עולם זאָל זעהן און הערען ווי מיר לערנען מיט חשק אויפ'ן קול, כמה שנאמר, ווי מיר זאָ־גען „ותלמוד תורה כנגד כולם" — (לערנען דאַרף מען, פאַר אַלעמען אין די אויגען). קיין אויבערהאַר האָב איך איבער זיך ניט געהאַט, וועלכער זאָל מיך נויטען צום לערנען. מיין ברו־דער האָט אויף מיר קיין השגחה ניט געגעבען. ער האָט מיר געגלויבט אויפ'ן וואָרט, אַז איך האָב אים געזאָגט — אַז איך

לערען. אזוי איז אריבער דער ווינטער, און אויף פסח בין איך געפאָהרען אהיים מיט ווינציג תורה. אָבער גוט פּאַפּראַוועט זיך פּיזיש.

מיינע עלטערען זיינען געווען צופרידען מיט מיין קומען. אויסגעזעהען דיק, שעהן, און מכח לערנען איז ביי זיי קיין צווייפעל געווען מסתמא, האָב איך איצט אזוי געלערענט ווי פריהער אין אוזדע, אבער איך האָב דאָך געוואוסט דעם אמת, אז מיינע עלטערען האָבען א טעות אין מיר, דאָס האָט מיר געקריינקט, וואָס איך נאָר אָפּ מיין פּאָטער און מוטער, דערום האָב איך ביי זיך באשלאָסען איך זאָל מעהר ניט פאָהרען אין ב. לערנען, נאָר קיין מינסק.

## 53

## נאָך איין זאַך איז געווען, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט פאָהרען אין מינסק

הוה גולה למקום תורה (ווער פאַרטריבען אין דעם אָרט וואו תורה איז דאָ) און מינסק איז אַן אָרט פון תורה. פילע ישיבות זיינען דאָ אין מינסק אלערליי, דאָרטען וועל איך לערנען אין א ישיבה און מכח עסען איז אויך קיין דאגה ניט. איך האָב דאָרטען א שוועסטער רבקה, פעטערס, מומעס, שוועסטערקינדער, פון מיין פאָטער׳ס צד, אלע רייכע (חוץ מיין שוועסטער)

דעם חשבון האָבען מיר ריכטיג געמאַכט, אבער אונזערע קרובים האָבען פון חשבון ניט געוואָלט וויסען. און פאר דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין אין מינסק געווען, האָב איך ביי זיי איין מאָל ניט אָפּגעגעסען. די קרובים פון מיין מוטער׳ס צד אין אוזדע, און די קרובים פון מיין פאָטער׳ס צד אין מינסק. פוןביידע צדדים איז דער צד השוה שבהם גרויסע ד״א״. דער אונטערשייד איז אין דעם, אוזדע איז א קליין שטעדטעל זיינען זיי קלענערע פון די מינסקער, וואָס זי איז א גרויסע שטאָדט.

די שטאָדט פאַרדינט דעם נאָמען צוליב אונזערע קרובים אליין, נאָר אזוי ווי איך האָב דערפון ניט געוואוסט, האָב איך געלייגט אויף זיי פיעל האָפענונג און מיר האָט זיך געוואָלט פאָהרען קיין מינסק.

נאָך איין זאַך איז געווען א סבה פארוואָס מיר האָט זיך געגלוסט פאָהרען קיין מינסק. הערט נאָר וואָס א אינגעל פון פערצעהן יאָהר קען זיך חלומ'ען. יום טוב צייט, האָב איך געהערט ווי מיין פאָטער דערצעהלט מיין מוטער, אז ער איז געווען אין מינסק, האָט איהם דער פעטער „לייזער קארעליט־שער" געזאָגט, אז ער וואָלט שטארק וועלען נעמען מיך פאר א חתן פאר זיין אייניקעל, ער וועט מיך האַלטען ביי זיך אין הויז, געבען מיר אלע מיינע בעדערפעניש און וועט לערנען מיט מיר (ער איז געווען פון די מינסקער לומדים) ביז דער חתונה, און האַלטען אונז ביז וואנען איך וועל א רב ווערען. אז איך האָב דערהערט וואָס עס שטעהט פאָר פאַר מיר אין מינסק אזעלכע צוויי גליקען: א חתן ווערען און נאַכהער א רב, איז קיין וואונדער וואָס מיר האָט זיך געגלוסט פאָהרען קיין מינסק! איך האָב קוים דערלעבט דער יום טוב זאָל אוועק, און איך בין מיט די בעה"ג אוועק קיין מינסק זעהען זיך מיט מיין מדוברת.

## 54

# מיין קומען אין מינסק און זעהען זיך מיט מיין גליק

איך בין געקומען קיין מינסק, פארפאָהרען צו מיין שוועס־טער רבקה און געזאָגט איהר, אז דער טאַטע האָט מיך גע־שיקט אהער לערנען און איך זאָל זיך זעהן מיט דעם פעטער לייזער׳ן. (איך האָב איהר דעם אמת ניט דערצעהלט, אז איך וויל גאָר זעהן זיין אייניקעל). אויף מאָרגען גאַנץ פריה, האָב איך זיך גוט צוגעפּוצט, פאַרגרייזעלט די פּאות, אָנגעטאָן די בגדי שבת, איך געה דאָך זעהן א כלה ! (מען דארף דאָך איהר אויך געפעלען ווערען). מיט א ציטערדיגע הארץ בין איך צו־געגאַנגען צום טיהר פון זייער הויז אויף דעם צווייטען גאָרען, גענומען די קליאַמקע פון טיהר און די הענט האָבען זיך גע־טרייסעלט פון שרעק. א היבשע צייט בין איך געשטאַנען און געהאלטען זיך פאר דער קליאמקע, מורא געהאַט צו עפענען די טיהר. טויזענטער געדאַנקען זיינען דורכגעלאָפען אין מיין קינדערשען מוח׳ל. ווער וויים וואָס ס׳קען דאָ ווערען ? ווען זי וועט מיר געפעלען ווערען, טאָמער חלילה וועל איך איהר ניט געפעלען ווערען, און וואָס הויבט מען אָן רעדען מיט איהר? א ישיבה בחור׳ל, וואָס איך האָב אויף מיין לעבען מיט א מיידעל ניט גערעדט, בפרט נאָך מיט א כלה, וואָס זי וועט מיך מאכען פאר א רב !

און אזוי בין איך געשטאַנען ביים טיהר פארקלערט ווי אליעזר אברהמ׳ס קנעכט איז געשטאַנען פארקלערט ביים ברונים, אז ער איז געגאנגען נעמען א פרוי פאר יצחק׳ן, און ניט באמערקענדיג האָב איך אָן עפען געטאָן די טיהר און דערזעהען מיין מציאה, וואָס איך בין געלאָפען כאפען אין מינסק, א

מיידעלע מיט רויטע שיטערע הערלאך, פארפלאָכטען אין צוויי צעפּעלאך ווי צוויי מייזעסע עקלאך, א מאָגערער פּנים מיט זומער־שפּרינקלאך, א לאנגער נעזעל מיט גראָבע ליפּען וואו עס האָבען זיך ארויסגעזעהן צוויי ציילען געלע שיטערע ציי־נער, געלע ברעמען איבער איהרע טונקעלע אויגעלאך, אַן אמת׳ע רביצין!

ניט רעדענדיג קיין וואָרט האָב איך געוואָלט מאכען השיבנו־נאָזאָד, פארלאָזען די הויז און גיכער אנטלויפען, נאָר אז זי האָט מיך א פרעג געטאָן — ווּעמען בעדארף איך? — האָב איך געמוזט ענטפערען — אז איך האָב געוואָלט זעהן איהר זיידען, מיין פעטער. — האָט זי מיר געזאָגט — אז ער איז נאָך אין שוהל.

האָב איך שוין מיט איהר קיין געשפּרעך ניט פאָרפיהרט און גלייך פארלאָזען די הויז. איך בין שיעור פון די טרעפּ ניט אראָפּגעפּאַלען לויפענדיג. מיר איז ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. איך בין אויפ׳ן גאַס ארויס און מיט גיכע טריט ניט געקוקט אַן א זייט געקומען צו דער שוועסטער, געלייגט זיך אויסרוהען פון מיין גליקליכען וויזיט. קיינער האָט ניט גע־וואוסט פון מיין פריהערדיגען גליק און פון מיין אומגליק, וואָס מיר האָט געטראָפען. איך האָב נאָר געזאָגט דער שוועסטער, אז איך האָב דעם פעטער אין דער היים ניט געטראָפען.

צום פעטער בין איך שוין מעהר ניט געגאנגען. מיין שוואָגער מ״ש האָט מיר צוגעזאָגט, אז ער וועט מיר טעג באַ־שטעלען אויך א ישיבה וואו צו לערנען, דערמיט בין איך זייער צופרידען געווען. איך האָב נאָר מורא געהאַט, ער זאָל מיר ניט באשטעלען א טאָג ביים פעטער, נאָר אזוי ווי מיין פעטער איז ניט געווען בעסער פאר אלע מיינע קרובים, האָט ער זיך ענטזאגט צו געבען מיר א טאָג, האָט דער שוואָגער מיר באַ־שטעלט אלע טעג ביי זיינע באקאנטע און איך בין פארבליבען אין מינסק.

55

# מינסק מיט אירע שוהלען און ישיבות

מינסק האָט געהאַט דאן פיעלע ישיבות, גרויסע און קליינע. כמעט יעדע שוהל האָט געהאַט ישיבה בחורים, וואָס האָבען געלערענט אין זיי און אויך גאנצע ישיבות, ווי: בלומ־קעס קלויז, קליינער בית מדרש, קצב'ווּעשע, שאובי מים שוהל, שניידערשע, שוסטערשע, מירעל חאַטאַיעווּעצער שוהל, און נאָך פיעלע שוהלען, וואו אַזוי ישיבה בחורים האָבען געלע־רענט דאָרטען און פיעלע תלמוד תורות פון עברי ביז גמרא מיט מפרשים. טויזענטער ישיבה בחורים וואָס די שטאָדט האָט אויסגעהאַלטען, געגעבען זיי עסען און וואו צו נעכטיגען און לערנען. נאָר מיך האָט די שטאָדט מינסק אליין ניט געקענט אויסהאלטען און האָט געמוזט אָנקומען צו הילף צו איהר פאָרשטעדטעל „פרעספע" אויף שבת'דיגען טאָג, אהין געהן עסען שבת. פרייטאג בייטאָג פלעג איך געהן אהין און זיין דאָרטען ביז שבת נאָך וואַרמעס. אזוי האָט אָנגעהאלטען א פאָר חדשים ביז וואַנען עס האָט געטראָפען, אז פרייטאג איז געווען א גרויסער רעגען, איך האָב ניט געקענט געהן, בין איך פאַרבליבען ביי דער שוועסטער אויף שבת אויף שטענדיג (איך האָב ביי איהר געגעסען צוויי טעג).

אין געזעלען־שוהל איז געווען א ישיבה פון א פופצעהן בחורים, א ראש ישיבה איז דאָרטען געווען ר' יעקב איליער, האָב איך דאָרטען געלערענט, דאָרטען געשלאָפען. די שוהל איז געווען גרויס און ריין, א בעטעל האָב איך געהאט א גוטע, וואָס איז ווערט געווען עטליכע הונדערט רובעל. פון פיער שטעדט (סיטס) אין מזרח וואַנט, בעטגעוואנט פון א צוקער זעקעל אנגעשטאָפט מיט היי, עס האָט זיך גוט געשלאָפען מיט

זיסע חלומות, און דערצו איז נאָך געווען גאַנץ פרעהליך, פאַר־
ברייגנען צוזאַמען מיט די ישיבה בחורים, אביסעל א שטיף
טאָן, הערען קלויזניגשע וויצען. דאָס אלץ האָב איך ניט גע־
קענט געניסען, ווען איך וואָלט געשלאָפען אין הויז ביי מיין
שוועסטער.

„זאת תורת הבית" — אָט אין אזא הויז האָט מיין
שוועסטער געוואוינט יענע צייט. דריי צימערען ניט קיין גרוי־
סע, א קוכניע, וואָס זי האָט געדינט מעהר אויף צו באַקען
ברויט ווי אויך קאָכען. (מיין שוואָגער איז א בעקער געווען).
א האַלב פון דער קוכניע איז געווען פארנומען מיט גרויסע זעק
מעהל, א גרויסער קאסטען אויף זיפען די מעהל, דייזשעס אויף
קנעטען די ברויט, א גרויסע, א ברייטע ברעט אויף צולייגען די
געמאכטע ברויט. א גרויסער צובער וואסער (פאָמוניטשע
בלע"ז) אויף טונקען די פאָמעלע אויסקערען די אַש פון אוי־
ווען און די איבעריגע כלי מכשירין צום באַקען און קאָכען. א
פאָמעלע, א לאָפּעטע, א קאָטשערע, עטליכע ווילקעס (פול גע־
ווען אָהן עין הרע). דער עס-צימער (ווי זיי האָבען איהם געררו־
פען „שאליע"), אָט דער צימער האָט געקענט האָבען יתרו'ס
נעמען, ווייל ער האָט געדונצט אויף פיעלע זאכען: עסען, צו־
נעמען געסט, אָפּט אויף שלאָפען אויך (ווען געסט זיינען געקו־
מען), נאָר איבערהויפּט איז דאָס געווען אויף אָפּלייגען דעם
ברויט, ווען מען האָט איהם ארויסגענומען פון אויווען ביז מען
האָט איהם אָפּגעפיהרט אין מאַרק פארקויפען, און א שלאָף־
צימערעל א קליינער, וואָס מעהר ווי איין בעטעל מיט א סאָפּ־
קעלע איז ניט אריין אהין. איז דארום די שוהל געווען פיעל
בעסער פאר מיר. איין זומער האָב איך דארטען געלערענט. אויף
ווינטער בין איך אָנגעקומען לערנען אין בלומקע'ס קלויז. דאָר־
טען האָבען געלערענט גרויסע בחורים, דאָס איז געווען די
גרעסטע ישיבה אין מינסק.

# „בלומקע׳ס קלויז״ (ישיבה) די גרעסטע (באיכות) ישיבה אין מינסק

די ישיבה האָט זיך גערופען „בלומקע׳ס קלויז״, ווייל זי איז געווען די גרינדערין פון דער ישיבה פאר קלויזניקעס (ישיבה בחורים) צום לערנען, האָט זי זיך גערופען אויף איהר נאָמען. אפילו נאָך איהר טויט, ווען איך האָב דאָרטען געלערענט, האָט דאמאָלסט געפיהרט די ישיבה איהר טאָכטער רבקה. די טאָכטער רבקה האָט אָפּגעהיט אלץ וואָס איהר מוטער בלומקע האָט איינגעפיהרט דאָרטען, אלע מנהגים קיין זאַך ניט פאַרפעלט.

די קלויז איז געווען געבויט א דריי שטאָקיגע פון ציגעל. דער צווייטער שטאָק פאר דער ישיבה, דער אויבערשטער — פאר א ווייבערשע שוהל (ווייל אין דער ישיבה האָט מען אויך געדאווענט) און דער אונטערשטער — איז געווען א מנין פאר „ציגארען מאכער״.

ביי דרייסיג בחורים דערוואקסענע, שטאָדטישע און פרעמדע פון זייטיגע שטעדט און דערפער האָבען דאָרטען געלערענט. איך מיט מיין חבר אבא סיראדקין זיינען געווען די אינגסטע. מיין חבר איז נאָך געווען אינגער פון מיר, נאָר לערנען האָט ער געקענט בעסער פון מיר, ער האָט זיך גערעכענט פאר אן עלוי, ער איז אלט געווען סך־הכל צוועלף יאָהר (איך פערצעהן). א ראש ישיבה איז געווען ר׳ מאָניע ז״ל, א מופלג גדול פון די מינסקער גרויסע לומדים, א איד א בן שישים, א הויכער מיט א גרויסע ווייסע באָרד מיט קלוגע און גוטע אויגען, א הדרת פנים פון א תלמיד חכם. ער האָט געזאָגט דעם שיעור פאר די ישיבה בחורים, א בלאט גמרא מיט מפרשים,

חריפות׳דיג ענטפערען אויף אלע שאלות וואָס די ישיבה בחורים פלעגען איהם פרעגען מיט לומדות און פלפול, ניט מדחה געווען בקש און אלס בנעימות. דער שיעור האָט ער געזאָגט פון צעהן א זייגער פריה ביז צוועלף. ער פלעגט מעהר ניט זיצען אין דער ישיבה, אכטונג געבען אין דער ישיבה מען זאָל לער־נען און ענטפערען אויף די שאלות פון די ישיבה בחורים און לערנען, דערויף אין געווען א משגיח, ער איז געזעסען אין דער ישיבה פון פריה ביז ניין א זייגער אין אווענד. א משגיח איז געווען א מופלג גדול, א חריף ר׳ משה ז״ל. מיר האָבען געלערענט מס׳ פסחים. יעדער ישיבה בחור האָט געוואָלט אויס־פיינען זיך פאר דעם ראש ישיבה, ארויסווייזען זיינע לומדות, פלעגען מיר אויסזוכען אין די מפרשי הש״ס עפּעס א קשיא און פרעגעןביים ראש ישיבה, איבערהויפּט האָט אונז געדינט דערויף דער צל״ח. דער ראש ישיבה פלעגט זיך נעבאך מאַ־טערען צו ענטפערען, ער האָט זיך אבער נאָכדעם דערוואוסט דערפון, האָט זיך געמאכט איין מאָל, אז א ישיבה בחור האָט איהם שטאַרק דערעסען מיט זיינע פראגעס (און טאקע פון צל״ח), האָט ר׳ מאניע איהם געענטפערט קורץ און שאַרף — גיב א בליק אביסעל ווייטער אין צל״ח, וועסטו געפינען א תירוץ אויף דיין קשיא. דער ישיבה בחור האָט זיך אביסעל פארשעמט און די איבעריגע בחורים האָבען געשמייכעלט, אָבער ניט געלאכט, ווייל מיר זיינען אלע געווען פארזינדיגט מיט׳ן זעלבען חטא, און מיר האָבען אָנגעהויבען זוכען אן אנדער קוואַל פון וואנען צו שעפּן אונזערע לומדות, און מיר האָבען געפונען און געטאַמערט איהם ווידער מיט אונזערע פראגעס, נאָר אין סך הכל האָבען מיר אלע געלערענט בהתמדה, מיר זיינען יענעם ווינטער גוט קלאָר געוואָרען מ״ס פסחים.

איך בין זעהר צופרידען געווען מיט׳ן לערנען און אָנגע־הויבען פיהלען אביסעל גרויסקייט. איך בין דאָך עפּעס איינער פון די ישיבה בחורים פון בלומקע׳ס קלויז. מיין פעטער לייזער (ר׳ אליעזר קאראליטשער) איז פון מיר זעהר צופרידען געווען,

ער האָט מיך פארלויבט פאר מיין שוואָגער מ״ש. מיר האָט דאָס גרויס פארגעניגען פארשאפט, נאָר מיין הארץ איז געוועזן אונטער אייז, איך האָב זיך געשראָקען, טאָמער חלילה קלערט ער פאר א רב מיך מאַכען, פאר זיין אייניקעל די רביצין, נאָר אז עס איז דורכגעגאנגען א פּאָר חדשים און דער פעטער האָט גאָרנישט דערמאָנט וועגען דעם, בין איך רוהיג געווארען, ווא־רום באמת, האָט דער פעטער אליין אויך ווינציג חשק געהאט דערצו, דאָס האָט ער נאָך געזאָגט על פי עצת אשתו, זיין פרוי האָט איהם צוגערעדט דערצו, אָבער זיין ווילען איז ניט געווען דערביי (דאָס איז געווען איהר אייניקעל און ניט זיינע).

די מינסקער בעלי בתים זיינען מקצר ימים די ישיבה בחורים. זיי רייסען אָפּ שטיקער פון די ישיבה בחורים׳ס טעג, זיי גיבען ניט דעם ישיבה בחור עסען דריי מאָל אין טאָג, אָנבייסען, ווארמעס און וועטשערע. קיין אָנבייסען גיבען זיי ניט, אָבער א ישיבה בחור איז דאָך א בשר ודם כאחד האדם, א מענש ווי אלע מענשען, וואָס זיין מאָגען פאָדערט עסען אין דערפריה אויך, און דאָס האָט בלומקע ע״ה געזעהן באַוואָ־רענען די ישיבה בחורים זיי זאָלען ניט הונגערען ביז ווארמעס, האָט זי איינגעפיהרט (און אזוי פיהרט זיך אויך איהר טאָכ־טער רבקה), אז אלע אין דרעפריה זאָל מען צוגרייטען ביי איהר אין קוכניע געקעכטס (קרופניק בלע״ז) פאר אלע ישיבה בחורים אויף איבערבייסען, און תיכף נאָכ׳ן דאווענען פלעגט מען ברענ־גען צוויי גרויסע קופערנע טעפּ מילכיגע קרופּניק און טיילען די ישיבה בחורים. יעדער ישיבה בחור האָט זיך געהאט זיין מילכיגען לײמענעם טעפּעל מיט א הילצערנער לעפעל און מען פלעגט איהם געבען קרופּניק. ער פלעגט אָנבראָקען אין דעם קרופּניק זיין קוכען, וואָס ער פלעגט פון נעכטען אוועגד צו־גרייטען, מיט דעם איז ער זאַט געווען ביז ווארמעס.

57

# ר׳ תנחום דער מחלק פון קרופניק

אין דער פריה נאָכ׳ן דאווגען, תיכף נאָך עלינו פלעגט יעדער ישיבה בחור כאפען צונויפלייגען זיינע תפילין, לויפען צו זיין קעסטעל (יעדער ישיבה בחור האָט געהאט א קעסטעל וואו ער האָט געהאלטען זיינע חפצים) ארייגלייגען די תפילין און ארויסנעמען זיין לײמענעם מילכיגען טעפעל מיט דער היל-צערנער לעפעל מיט׳ן אָנגעגרייטען קוכען און לויפען וואָס גיכער אין דער וויבערשער שוהל, ער זאָל קענען זיין דער ערשטער צום קרופניק. אלע פלעגען זיך צונויפקלייבען און צושטעלען זיך אין צוויי צײלען, ווארטען אומגעדולדיג ביז ר׳ תנחום וועט קומען מיט׳ן טאָפּ קרופניק. גערעדט, געוויצעלט זיך צווישען זיך, נאָר אלעמענס אויגען זיינען געווען געווענ-דעט צום טיהר וואו ר׳ תנחום האָט באַדאַרפט ערשיינען מיט׳ן טאָפּ קרופניק. ווי די טיהר האָט זיך נאָר געעפענט, איז געוואָ-רען שטיל, רוהיג, קיין וואָרט האָט מען ניט געהערט פון קיינעם, אז ר׳ תנחום האָט אריבערגעטראָטען מיט איין פוס דעם שוועל, האָט מען זיך פאַנאַנדערגערוקט פון ביידע זייטען, מאַ-כען א וועג פאר ר׳ תנחומ׳ען, און יעדער מיט זיין טעפעל און לעפעל אין האנט גרייט, ווי די סאָלדאטען פאר דעם פּאָל-קאָווניק ווען ער קומט אריין.

ר׳ תנחום דאָס איז געווען א גאנץ פשוט׳ער איד, א גאנץ אלטער. ער האָט נאָך געדינט פאר א מחלק פון קרופניק פאר רבקה׳ס מוטער בלומקע ע״ה. ביי א דרייסיג יאָהר צייט, אז ער פארנעמט אָט די געהויבענע סלוזשבע, ער האָט זיך דער-מיט געגרויסט זעהר. ער איז געווען א גאנץ הויכער איד, נאָר געבויגען פון עלטער. א באָרד האָט ער געהאט א ווייסע, וויי-

סער פון דעם מילכיגען קרופניק, געוואקסען האָט זי ביי איהם אָהן א סדר, ווייל זי האָט קיינמאָל קיין קעמעל אויף זיך ניט געהאט, נאָר אָפטמאָל פלעגט ער זיך אויסקאמען מיט זיינע פינגער פון זיין לינקער האנט (אין דער רעכטער האָט ער געהאלטען די גרויסע הילצערנע לעפעל, וועלכע ער האָט מיט איהר געשעפּט דעם קרופניק פון טאָפּ) זיצענדיג ביים טאָפּ הייסען קרופניק, און ווייל יעדער ישיבה בחור פלעגט ביי איהם בעטען — ר' תנחום גיט מיר א האָר מעהר (קרופניק) און ר' תנחום איז געווען אין נאַטור ניט קיין שלעכטער, פלעגט ער ניט קענען אָפּזאָגען און פלעגט געבען יעדען מיט א האר מעהר, איז ער געבליבען אָהן האָר אויפ'ן קאָפּ, מיט א גלאטער קאָפּ. (ער איז בטבע געווען אַ רוהיגער מענש מיט אַ גלאַטער קאָפּ). אַט דעם גרויסען קופערנעם טאָפּ קרופניק פלעגט ער אריינטראגען ארומגעבונדען מיט א גרויסען האנט-טוך און פלעגט זיך בכבוד'יג אוועקזעצען אויפ'ן באַנק, און ערשט דאמאָלסט האָט זיך אָנגעהויבען די חלוקה. שטופען זיך האָט מען ניט געטאָרט, מען האָט געמוזט וואַרטען ביז ר' תנחום האָט אויסגערופען מיט'ן נאָמען ער זאָל צוקומען צו איהם. ער פלעגט א געשריי טאָן — סלוצקער, באָריסאָווער, ברעזענער און ד"ג (ישיבה בחורים פלעגען זיך ניט רופען מיט זייערע נעמען, וועלכע מען האָט זיי געגעבען צום ברית, נאָר מיט די נעמען פון די שטעדט וואו זייערע עלטערען האָבען געוואוינט). פלעגט ער זאָגען: — קום אהער! — דער ישיבה בחור פלעגט צוגעהן בהכנעה און קוקען אויף ר' תנחום'ען, וואָס פאר א מאָס וועט ער איהם געבען? ר' תנחום פלעגט אָננעמען זיין לעפעל און אָנגיסען צוויי מאָל און צורופען א צווייטען, און אזוי ווייטער.

ווען ר' תנחום פלעגט ליעב האָבען האָט ער איהם גע־געבען „בידו הרחבה מיט זיין ברייטער האנט פולע צוויי לע־פעל, א אמת'ע מאָס, נאָר מיט ווען ער איז ניט געווען צו־פרידען האָט יענער געקראָגען א מאָס א פאלשע, טאקע צוויי

לעפעל, אבער ניט פולע. באקלאָגען זיך אויף איהם, וואָס ער פיהרט זיך ניט מיט'ן אמת האָט מען ניט געטאָרט, ווארום דער באלעבאָס אויפ'ן קרופניק איז ער געווען, דערום האָט מען פאר איהם גרויס דרך ארץ געהאט. יעדער ישיבה בחור האָט געזעהן ער זאָל נושא חן זיין ביי ר' תנחום'ען, עס זאָל חלילה זיין מאָס קרופניק ניט געמינערט ווערען, אז דער ישיבה בחור פלעגט שוין האָבען זיין חלק פלעגט ער ארויסנעמען זיין מעסערעל פון קעשענע (כמעט יעדר ישיבה בחור האָט געהאט ביי זיך א מעסערעל). איך האָב געהאט א מעסערעל איינעם פון די בעסטע א „זאָוויאָלאָוו" מיט אן עקסעלע, באצאָלט פאר איהם פערציג קאָפּיקעס (דאָס איז געווען דער פרייז). איך האָב איהם אָפּגעהיט ער זאָל חלילה זיין אמת'ן גלאנץ ניט אָנווערען. וואָס פאר א פארגעניגען איך פלעג האָבען, ווען איך האָב מיט מיין מעסערעל געשניטען און געבראקט אין קרופּ־ניק די שטיקלאך קוכען. איך פלעג פון איהם אָנקוועלען, ווען איך פלעג איהם אָנטאַפּען אין קעשענע. אמאָל זיצענדיג ביי דער גמרא און געהענדיג אין גאָס א טאַפּ טאָן דעם מעסערל, אָפּט ארויסנעמען איהם אזוי און עפענען די קלינגעלאך, קליי־בען פארגעניגען ווי זיי בלישצען, שיינען אנטקעגען זון, דאָס איז איינער פון די בעסטע פארגעניגענס וואָס דער ישיבה בחור האָט געהאט. יעדער מיט זיין מעסערעל פלעגט אָנשניי־דען שטיקלאך קוכען אין טעפּעלע קרופּניק, טאָמער האָט דער קרופּניק ניט באנעצט די שטיקלאך קוכען, פלעגט ער צוגעהן צו ר' תנחום'ען און זאָגען — ר' תנחום ביי מיר איז אין טעפּעלע צו טרוקען! — פלעגט ר' תנחום אויפהויבען זיינע אויגען, וואָס זיינען געווען באדעקט מיט לאנגע, ווייסע ברע־מען און א קוק טאָן אויף דעם ישיבה בחור, איז ער איהם געפעלען געווארען, האָט ער באנעצט זיין טעפּעלע מיט נאָך אביסעל קרופּניק, און אויב ניט, פלעגט ער א בורטשע טאָן אונ־טער'ן נאָז און מאכען זיך כאלו לא ידע. אזוי האָט זיך גע־פיהרט יעדען טאָג א חוץ פרייטאג און שבת. די פראָצעדורע

פלעגט געדויערען כמעט א שטונדע צייט, דערנאָך האָט יעדער אויסגעוואַשען זיין טעפּעלע מיט דער לעפעל און אוועק צו־פרידען מיט א פולען בויך צו דער גמרא.

## 58
## די הנהגה אין דער ישיבה ביינאַכט נאָכ'ן לערנען

צוועלף אזייגער ביטאָג, ווען מען האָט געענדיגט דעם שיעור גמרא, זיינען אלע געגאנגען עסען ווארמעס, פארבליי־בען פלעגען מעהר ניט יענע ישיבה בחורים, וואָס זיי האָט געפעלט דער טאָג צום עסען. האלב נאָך איינס זיינען אלע ווייטער זיך צונויפגעקומען אין דער ישיבה און גענומען זיך צום לערנען ביז 9 אזייגער אין אווענד, דאַן פלעגט דער משגיח מיט די שטאָדטישע בחורים געהן אהיים און די פרעמדע, כמעט אלע פלעגען זיך אָפּשטעלען אין דער ישיבה נעכטיגען. מען האָט זיך דאמאָלסט צוטיילט גרופּעסווייז, ווער עס האָט געגעסען (אז ער האָט געהאט וואָס), אנדערע האָבען זיך גע־זעצט שרייבען בריעף און וועלכע האָבען זיך געזעצט פאריכ־טען זייער מלבושים, און די וואָס האָבען ניט געהאט וואָס צו טאָן, האָבען זיך געזעצט רעדען: פּאָליטיקע, דערצעהלען מעשיות פון גוטע אידען וכדומה און זאָגען המצאות, א שטי־קעל מושב לצים. אזוי האָט מען פאַרבראַכט ביי א שטונדע צייט, נאָכדעם האָט מען זיך גענומען גרייטען צום שלאָפען. עס פלעגט ווערען א גערודער, מען האָט גערוקט די ביינקלאך, די סטענדערס, די טישען, יעדער האָט געהאט חזקה אויף זיין אָרט און אויף די חפצים צו נעמען באנוצען, צוגרייטען זיין געלעגער צום שלאָפען. קיין אַנדערער האָט ניט געטאָרט פאַר־כאַפּען זיין אָרט אדער זיין ביינקעל, צי זיין סטענדער. מען האָט געשלעפט פון איין ווינקעל אין צווייטען ביז וואנען יעדער האָט איינגעאָרדענט זיין געלעגער, געמאכט זיין בעט פארטיג מיט די קלויזניקשע בעטגעוואנט און ארויף אויף זיין הסיבה אויסרוהען. אַנדערע האָבען געלייענט קריאת שמע, וועלכע

האָבען גערעדט צווישען זיך ביז מען האָט איינגעדרעמעלט און אין דער ישיבה איז געווארען שטיל. עס פלעגען זיך אויך געפינען, וואָס האָבען זיך פארנומען מיט דעם פארגעניגען א שפיל טאָן שטילערהייט אין קאָרטען. אמת'ע קאָרטען האָט זיך ניט געטאָרט געפינען, פאר אזעלכע זאכען וואָלט מען שטארק באשטראפט געווארען מיט „גירוש", דאָס הייסט פשוט ארויסטרייבען פון דער ישיבה, נאר גמרא קעפּ גיבען זיך אן עצה, פלעגט מען מאכען צעטלאך פון פאפּיר און אנשרייבען אויף זיי נומערען פון איינס ביז צעהן און שפּילען מיט זיי אין איין־און־דרייסיג, דאָס האָט אויך באדארפט זיין בצנעה, דער ראש ישיבה זאָל דערפון ניט וויסען, נאָר אין דעם פרט איז געווען אחדות צווישען זיך, אז דאָס זאָל זיין בסוד און עס האָט קיין מאָל ניט געטראָפען, אז איינער זאָל אויסזאָגען פון חדר. דאָס פלעגט זיך פארציהען ביז חצות, נאָכהער פלעגט ווערען שטיל, עס פלעגט זיך הערען מעהר ניט דער ניגון פון דעם בעל־משמר, וואָס פלעגט לערנען מיט אן אומעטיגען גמרא ניגון און אָנווארפען א אומעט אויף די שלעפערדיגע ישיבה בחורים.

## 59
## דער משמר

די תורה האָט אונז אָנגעזאָגט „והגית בה יומם ולילה" (יהושע א), דו זאָלסט לערנען טאָג און נאַכט. ווער פון די בעלי־בתים וועט דאס וועלען אָפּזיצען א גאנצע נאַכט און לערנען? האָט מען דאס אָנגעוואָרפען אויף דעם ישיבה בחור (אזעלכע פארגעניגענס האָט מען זיי פארגונען), דערום איז איינגעפיהרט געווארען אין אלע גרויסע ישיבות, אז ביינאכט, ווען די גאנצע וועלט רוהט, שלאָפען רוהיג אויף זייער געלע־גער זאָל כאָטש איין ישיבה בחור זיצען אין א ישיבה און לערנען די גאנצע נאכט, דאָס האָט זיך גערופען משמר! אָבער וועלכער ישיבה בחור וועט וועלען פארוואָגלען זיין שלאָף, זיין דער „שעיר המשתלח" פאר דעם כלל? דערום האָט מען איינגעפיהרט, אז איין נאַכט מוז יעדער ישיבה בחור

זיצען א משמר, ווען איהם וועט אויסקומען נאָכ'ן סדר ווי עס געהט מיט'ן צאָל, נאָר אויב יעניער וועט דערצו קיין חשק ניט האָבען, האָט ער זיך געקענט אויסקויפען מיט געלט, ד. ה. ער האָט געקענט דינגען אן אנדער ישיבה בחור ער זאָל זיצען פאר איהם (דער מקח איז געווען א באשטימטער צעהן קאָפּי־קעס פאר א ווינטערדיגע און פינף פאר א זומערדיגע נאכט). אזוי ווי עס האָט זיך געפיהרט פאר דעם קייזער אלכסנדער דעם צווייטען, ווען עס איז איינעם אויסגעקומען געהן אין סאָלדאטען, אויב ער איז געווען פארמעגליך, האָט ער געקויפט אן אכוואָטניק, ד. ה. ער האָט גערונגען אן אנדער מענשען ער זאָל דינען פאר איהם. אויף זיצען א משמר האָבען זיך געפּו־נען מעהר בעלנים ווי צו געהן דינען פאָניע־גנב. וואָס הייסט? א גרינגע און א גוטע פרנסה, זיצען אין דער ווארעם, פאר איין נאַכט צעהן קאָפּיקעס? און נאָך א מצוה אויך דערצו!

איך בין געווען תמיד פון די ערשטע בעלנים דערויף. איך בין זיך מודה ומתודה, אז ניט אזוי פון מצוה וועגען, נאָר פּשוט צוליעב פרנסה. איך האָב זיך זייער גענויטיגט אין געלט. פון דער היים האָט מען מיר ניט געשיקט, מיינע קרובים האָ־בען מיר ניט געהאָלפען, קיין אנדערע הכנסות האָב איך ניט געהאט און מען איז דאָך א לעבדיגער מענש (אפילו א קלויז־ניק), עס פאָדערט צו האָבען א גראָשען אויף דער הוצאה און דערצו האָב איך נאָך יענעם ווינטער גערונגען א לערער (א ישיבה בחור) ער זאָל מיך לערנען לעזען און שרייבען רוסיש. געצאָלט האָב איך איהם פופצעהן קאָפּיקעס א וואָך. היינט וואו נעמט מען דערויף געלט? דערום האָב איך שטענדיג אָנגענומען די ארבייט זיצען משמרים, אָפטמאָל א דריי מאָל א וואָך.

איך דערמאָן זיך אויף יענע נעכט (איך ווייס איצט ניט ווי זאָל איך זיי אָנרופען, צי גוטע, צי שלעכטע?) איך בין גע־זעסען אויף דער בימה איינער אליין איבער אן אפענער גמרא, א קליין ליכטעלע א חלב'נע וואָס האָט דונקעל געברענט

קוים, קוים באלויכטען די קליינע ווערטערלאך פון דער גמרא מיט רש״י, אויף דער גאנצער ישיבה איז פינסטער, שטיל. אלע שלאָפען. איך הער ניט דעם עכאָ פון מיין אייגענעם קול וואָס איך לערען מיט א אומעטיגען גמרא ניגון און דעם קלאַפּען פון זייגער, וועלכער איז געהאנגען אויפ׳ן וואַנט, געקלאַפּט לאנגזאם טיק, טיק, און דער כראָפּען פון די שלאָפענדיגע בחורים. אָפט האָט זיך געהערט פון איינעם אומפארשטענד־ליכע רייד, וואָס ער רעדט פון שלאָף. עס האָט זיך איהם עפּעס גע׳חלומ׳ט, צי גוט, צי שלעכט? ווער ווייס וואָס א ישיבה בחור קען זיך חלומ׳ען? דאָס פלעגט מיך איבערשרע־קען, אז איך פלעג מוזען א ווײַלע מפסיק זיין מיין לערנען. שרעקליכע געדאנקען פלעגען קריכען אין מח, און שטערען דעם לערנען. פון די מעשיות, וואָס איך האָב זיך אמאָל אָנגע־הערט פון מיינע חדר־חברים. איך פלעג מורא האָבען אויפ־הויבען די אויגען א קוק טאָן אָן א זייט. מיט קנאה פלעג איך קוקען אויף די שלאָפענדיגע בחורים ווי זיי שלאָפען זיך רוהיג און זעהען זיסע חלומות. זיי ווילט זיך אז די נאכט זאָל זיך ציהען וואָס לייגגער, אבער ניט פאר דעם משמר בחור. פאר איהם איז די נאַכט צו לאנג, ער וויל און גארט, וואָס גיכער זאָל זיך ענדיגען די נאַכט ווי דער שכיר יום, דער אַרבייטער האָפט אז דער טאָג זאָל וואָס גיכער אראָפּ. און איך פלעג טראַכטען, ווען וועט שוין דער זייגער שלאָגען פינף, איך זאָל שוין פטור ווערען און מעגען אראָפּ פון בימה אויפוועקען די ישיבה בחורים און איך זאָל געהן שלאָפען. אָט אזוי פלעגט אריבערגעהן די משמר נעכט. כשר פאַרדינט מיינע שכירות!

אז דער זייגער האָט אָפּגעקלאפּט פינף, האָט מיר אָנגע־זאָגט די גוטע בשורה, אז מיין קאַראַול האָט זיך געענדיגט, האָב איך באלד צוגעמאכט די גמרא, אראָפּ מיט שמחה פון בימה, די בחורים האָבען אָנגעהויבען אויפשטעהן, דאן האָבען זיי מיר מקנא געווען, און איך בין אוועק שלאָפען צופרידען, פארגעסען אויף אלץ און געווען גרייט זיצען ווייטער.

# דער משמר

פאַר אַ קליין ליכטעלע שפּעט ביינאַכט
אין קלויז איז שטיל אַלע שלאָפן,
נאָר איינער זיצט פאַרקלערט, פאַרטראַכט
און אַ גמרא ליגט פאַר איהם אָפן.

שטיל קלאַפּט דער וואַנט־זייגער טיק־טיק.
די קלויזניקעס דרעמלען מיט זיסע חלומות,
ער כאַפּט פון ווייט אויף זיי נאָר אַ בליק,
און פאַרטיפט זיך ווידער מיט זיינע רעיונות.

לערענט און זינגט זיך דעם גמרא ניגעלע,
טרויעריג און זיס מיט גרויס געפיהל,
ווי אַ מוטער ביי איהר קינד'ס וויגעלע,
וויגט און זינגט איהר ניגעלע שטיל.

אַלע באַשעפעניש שווייגען דאַן שטום,
זיי רוהען אויס די מידע גלידער,
ס'איז רוהיג שטיל אַרום און אַרום,
די פויגעל זינגט ניט איהרע לידער.

נאָר אויפ'ן שעדעלע קרייעט דער האָהן,
אַז עס טאָגט שוין באַלד זאָגט ער אונז אָן,
און דער משמר'ניק איבער גמרא ער זיצט,
קנייטשט דעם שטערען טראַכט און שוויצט!

זאָג מיר אָרעם בחור, שלאָפסט ניט קיין נעכט
ברעכט דיין מוח אויף אַ שטיקעל „רש"י"?

אדער א „תוספות" איז דיר ניט רעכט
און אפשר גאָר אַ מהרש"א'ס קשיא?

דרעהסט מיט'ן פינגער, קנייטשסט דעם שטערען,
בלעטערסט די גמרא א בלאַט נאָך א בלאַט,
די האַרבע קשיא פארענטפערט זאָל ווערען,
וויסען, פארשטעהן דעם ריכטיגען פּשט!

אפשר האָסטו גאָר אן אנדער פראגע?
אן אנדער קלער, אן אנדער געדאַנק.
דו באדויערסט דיין אייגענע לאגע,
דאַרפסט עסען טעג און קוועטשען די באַנק!

דיין בעט, א הארטע באנק מיט א זאַק שטרוי
שטעהסט אויף צובראָכען כמעט האלב טויט
דיין אַפּרוה, דיין לעבען איז אָך און וועה,
שטילסט דיין הונגער מיט פרעמדען ברויט!

דיין עסען איז תמיד מאָגער און דאַר,
שוואַרצע ברויט מיט אביסעל געקעכץ,
דער געבער האָט נאָך א מצוה דערפאַר,
דאָס איז דיין זיפץ, דאָס איז דיין קרעכץ?!

אָדער מיט דיר האָט אן אומגליק געשעהן
דיין ליעבע איז אוועק מיט'ן רויך,
וועלכע דו האָסט נאָר אין חלום געזעהן,
דאָס טרעפט אָפט מיט א קלויזניק אויך!

זאָג מיר גוטער ברודער וועלכע פון זיי
האָט צובראָכען דיין האַרץ, געשטערט דיין רוה?
שלאָפסט ניט און ביזט פארטראכט אזוי
און מיט א טרויער-ניגעלע זינגסט דו?

## ע נ ט פ ע ר

דעם ישיבה בחור׳ס לעבען פארשטעהן
ריכטיג וויסען זיין פרייד, זיין קלאגע,
קען נאָר פיהלען דער ישיבה בחור אליין,
נאָר דער וואָס איז געווען אין דער לאגע.

דער גמרא ניגון טרויעריג טוט קלינגען,
אָבער אין איהם ליגט פרייד און נחמה,
ווען מיט געפיהל טו איך איהם זינגען
לעבט אָפּ מיין הארץ, מיין נשמה!

איך פארגעס דאן מיין ארמוט, מיין פּיין
מיר ליגט ניט אין זינען וואָס מיר פעלט
איך זעה נאָר פאר זיך זונען שיין
פון אמאָליגער גייסטליכער וועלט!

איך שווים אין א ים פון פארגעניגען,
אין דעם ים פון רבא און א ביי־ע
און זינג מיר זים דעם גמרא ניגון,
איך בין זיך פּשוט מחייה!

איך פארברייינג מיט רבינא ורב אשי
מיר ליגט ניט קיין אנדערש אין זינען,
און ווען איך טרעף נאָך א „מהרשאות" קשיא
ווי איך וואָלט אן אוצר געפונען!

איך דערשטיק מיין לוסט, מיין געפיהל,
איך מעג אפילו ניט עסען צו זאַט,
דעם הונגער גאָר ווינציג איך פיהל,
ווען איך לערען גמרא א בלאַט!

איך טרוים אויך פון ליבע, געניס פאַרפול
נאָר א ליעבע פון א העכערע וועלט
ליעבע צום לערנען, ליעבע צו מיין שוהל
דערגרייכען דאָס וואָס מיר פעלט!

— — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי האָט דער ישיבה בחור געלעבט
אין קלויז זיינע בעסטע יאָהרען פארבראכט,
דאָרטען האָט ער זיסע חלומות געוועבט
אנדערע תכליתים ניט געטראכט!

60

## וואָס מיט מיר האָט געטראָפען אין דער משמר נאַכט

ניט תמיד איז געווען אומעטיג אין דער משמר נאכט. עס פלעגט טרעפן, אז די ישיבה בחורים פלעגן וועלען א שפיל טאָן אין „ל״א", אזא מין שפיל ווי אין קאָרטען. אזייגער עלף, אז מען איז זיכער אז דער משגיח וועט שוין ניט קומען, פלעגט זיך אָנפאנגען די שפיל. עס פלעגט ווערען פרעהליך ביז אזייגער איינס, אמאָל ביז צוויי נאָך האלבע נאכט. מיר איז דאן אומעטיג ניט געווען און עס פלעגט זיך געלוסטען כאפען א בליק אויף זיי ווי זיי שפילען. עס פלעגט ציהען די הארץ אביסעל א שפיל טאָן, אויספרואווען מזל, נאָר מיין געוויסען פלעגט מיך אָפּהאלטען דערפון, טאָן אזא פארברעכען מבטל זיין פון לערנען און שפילען קאָרטען. א צייט געראנגעלט זיך מיט׳ן יצר הרע, נאָר עס האָט מיך עפּעס א שלעפּ געטאָן א בליק טאָן צו זיי. קלערענדיג — איך וועל נאָר איין מאָל א שפיל טאָן, מעהר ניט. איך וועל דערפאַר נאָכדעם לערנען מיט מעהר התמדה. אָט אזוי האָב איך זיך געראַנגעלט מיט׳ן יצר הרע א היבשע צייט, אז דער לערנען איז מיר אין קאָפּ ניט געקראָכען, ביז וואַנען דער יצר הרע האָט מיך גובר געווען, און איך בין אַראָפּגעשפרונגען פון בימה, אזוי ווי אימעצער וואָלט מיך אַראָפּגעשטופּט און אוועקגעזעצט זיך נעבען די שפּילער, נאָר מיט דעם געדאַנק, אז מעהר ווי איין קאָן אדער צוויי זאָל איך ניט שפילען. וועל איך געווינען, איז געווים גוט, און טאָמער ניט, איז אויך קיין אומגליק ניט, אז איך וועל אפילו פארשפילען די משמר געלט פון היינטיגע נאכט. זאָל דוכטען איך בין היינט קיין משמר ניט געזעסען. נו מיך אמאָל פּרואווען מיין מזל!

איך האָב אָבער פארגעסען, דעם ווערטעל, וואָס מען זאָגט — גיב דעם שטן איין האָר וועט ער ארייגשלעפען דיין גאנצע קאָפּ.

איך האָב אָנגעהויבען שפּילען. מיר איז ניט געגאנגען ביז איך האָב שוין פארשפּילט די משמר געלט, האָב איך שוין גע־וואָלט אוועקגעהן, אָבער ווי געהט מען אוועק אן אָנגעוואָרענער? מען דארף פּרואווען שפּילען ווייטער, פּילייכט וועל איך אָפּגע־ווינען צוריק כאָטש מיינע משמר געלט צוריק, בין איך געלאָ־פען צו מיין קעסטעל, ארויסגענומען נאָך עטליכע קאָפּיקעס און ווייטער געשפּילט, אבער עס איז מיר געגאנגען שלים־שלי־מזל, אָנגעוואָרען כסדר. געלאָפען נאָך אמאָל צום קעסטעל, ארויסגענומען מיין גאנצען פארמעגען (מעהר אז א האלבען רובעל) און געשפּילט ווייטער, שוין מיט היץ, בקיצור איך האָב פארשפּילט ביז איין קאָפּיקע. איך וואָלט שוין ניט קוקען, וואָס איך בעדארף זיצען און לערנען מיין משמר, איך וואָלט ווייטער געשפּילט, נאָר איך האָב שוין ניט געהאט מיט וואָס און מיט וועמען, ווארום די שפּילער זיינען שוין אוועק שלאָפען.

אומעטיג, פארצווייפעלט בין איך ארויף צוריק אויפ׳ן בימה אָנגעצונדען די משמר ליכטעל, געעפענט די גמרא, נאָר ס׳איז מיר פינסטער אין די אויגען, איך זעה כמעט קיין ווערטער ניט, די קאָפּ שווינדעלט מיר, איך קען ניט עפענען דעם מויל לערנען. איך בין געזעסען א צייט מיט ביידע הענט אונטערגעשפּאַרט די קאָפּ און באטראכט, וואָס מיט מיר האָט געטראָפען די נאכט, מיין פארמעגען, וואָס איך האָב צונויפגעקליבען פאר א חודש צייט פון די משמורים, וויפיעל נעכט האָב איך ניט דערשלאָפען ביז וואנען איך האָב דאָס צוזאמען געקליבען, האָב איך דאָס פארלאָרען און בענין רע מיט א שלעכטען אופן. עפּעס מעשה שטן, עס האָט מיך געצויגען טאָן אזא פעלער. איך האָב אויף זיך אליין מצדיק הדין געווען, גאָט האָט מיך געשטראָפט דער־פאר וואָס איך האָב מבטל געווען פון לערנען.

יענע נאכט האָב איך זיך שוין פאר קיין זאך ניט געשראָ־קען, פון קיין אנדער זאך ניט געטראכט, קיין חדושים האָב אין

מיין לערנען ניט אויפגעטאָן, אביי מיט רבא׳ן זיינען מיר אין קאָפּ ניט געקראָכען. א לאנגע, א לאנגע צייט האָב איך גע־דיינקט יענע משמר נאכט, און אז איך האָב נאָך אמאָל, זיצענ־דיג אויף׳ן משמר דערזעהן די שפּילער, האָב איך אויף זיי מיט פאראכטונג געקוקט און מיט א זיפץ האָב איך זיך דערמאָנט אויף יענער נאכט, וואָס זיי האָבען מיר פארשאפט און גענומען זיך מיט חשק צו דער גמרא, איך זאָל חלילה נאָך אמאָל ניט נכשל ווערען.

אז איך באטראכט איצט די לאגע פון דעם ארעמען, עלענ־דען ישיבה בחור, אין וואָס ער האָט פארבראכט זיינע יונגע, בעסטע פריהלינג יאָהרען, די בעסטע צייט פון דעם מענשען׳ס לעבען, איידער ער טוט אָן אויף זיך דעם יאָך פון לעבען, פון מאַטערניש, וואָס די מלחמת החיים לייגט ארויף אויף איהם. צי האָט דער ישיבה בחור געוואוסט פון די פארגעניגענס וואָס אלע קינדער אין זיין עלטער געניסען? ווען אלע זיינען זאט און אויסגערוהט אין זייערע היימען אונטער דער השגחה פון זייערע עלטערען, באזאָרגט מיט אלעס וואָס זיי באדארפען, איז דער ארעמער ישיבה בחור פארוואָגעלט פון זיין היים, עלענד, ניטאָ ווער זאָל זאָרגען פאר איהם, פאר׳יתומ׳ט, פארפרעמדט, זיין שפּייז איז מאָגער און דאַר, פון לחם של חסד, פון גוטע לייט, וועלכע ווילען קויפען עולם הבא דורך איהם. זיין אָפּרוה איז אויך ניט בעסער, א שטרויענער זאַק צוקאָפּען אויף א האר־טער הוילער באנק. טעג מיט נעכט געזעסען אין א פארשטיק־טער אטמאָספערע אין די ד׳ אמות של הלכה מיט אן איינגע־בויגענעם רוקען איבער דער גמרא און מיט אן איכה־ניגון גע־זונגען ביז אין האלז האָט איהם אויסגעטריקענט. און אין וואָס איז באַשטאַנען זיין גליק און זיין אומגליק? אין עטליכע פאר־שימעלטע קאָפּיקעס.

מיט א זיפץ פון טיפען הארצען, מיט רחמנות און ליבשאפט דערמאָן איך דיך ארימער ישיבה בחור! דו ביזט געוועזען דער קולט־טרעגער פון אונזער אידישער וועלט, דו האָסט געטראָגען

די ליכט פון אונזער תורה, דו האָסט פארשיינט דעם אידישען לאַגער מיט תורה, חכמה און וויסענשאפט, פיעל מעהר פון די קינדער וואָס זיינען ערצויגען געווארען ביי די עלטערען אויף אלע וועלט פארגעניגענס, און אליין האָסטו געלעבט אין ליידען און פיין. מען קען אויף דיר זאָגען וואָס אונזערע חכמים האָבען געזאָגט אויף דעם תנא ר׳ חנינא — „כל העולם ניזן בשביל חנינא בני” — די גאנצע וועלט ווערט געשפייזט צוליב חנינא מיין זוהן — וחנינא בני די לו בקב חרובין — און חנינא מיין זוהן באנוגענט זיך מיט עטליכע שטיקלאך באָקסערן.

מיט באגייסטערונג מוזען מיר באוואונדערען אונזערע אמאָ־ליגע מוטערס, ווי גרוים איז געווען זייער לוסט צו ערציהען זייערע קינדער אין אידישען גייסט, מאכען זיי פאר לומדי תורה. כמעט ביי יעדער מוטער איז רעכט געווען שיקן איהר קינד וואלגערען זיך אין דער פרעמד, אין פיין און נויט, אבי מאכען איהר קינד פאר א למדן, א אידישען געלערענטען מענשען. „חבל על דאבדין”, ניטאָ איצט אזעלכע מוטערס!

## 61
## כאַפּערס באַפאַלען אין מיטען דער נאַכט די קלויז

די צייט איז געגאנגען כשורה, דער לערנען איז געווען מיט הצלחה. עסען און שלאָפען איז אויך געווען צו דער צייט, ניט געווען אויף וואָס צו באַקלאָגען זיך, דאָס איז געווען חנוכה צייט, דאַמאָלסט איז די צייט פון די „נאַבאָרען”, ד. ה. דאן נעמט מען נייע סאָלדאטען אין דינסט. דאָס איז געווען ווען אלכסנדר דער צווייטער האָט געקיניגט, דאמאָלסט איז נאָך ניט געווען דער איינפיהר פון די 21 יאָהריגע, אז יעדער 21 יאָהריגער (אויסער ליגאָטניקעס) מוז זיין א סאָלדאט, אויב ער איז ניט קיין קאליקער, אין נקי, ניטאָ קיין יחסנים, דאן איז נאָך געוון דער איינפיהר, אז יעדער קהל האָט געמוזט צושטעלען סאָלדאטען צום דינסט נאָכ׳ן חשבון פון די נפשות וואָס עס געפינט זיך אדער באַצאָלען דער קרוין א געוויסע סומע געלט

פאר יעדען סאָלדאט וואָס זיי דארפען געבען, אבער יעדע שטאָדט האָט ניט געקענט אָפּצאָלען אזוי פיעל געלט וויפיעל זיי וואָל־טען דארפען צאָלען, האָט מען געמוזט געבען נפשות — סאָלדא־טען. איז וואו נעמט מען זיי? איז אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל האָבען די קהלה׳ס-לייט, די פיהרער פון אָרט גע־האָט אזעלכע לייט, נידעריגע, פארדאָרבענע נפשות, וואָס האָ־בען פארקויפט זייערע נשמות פאר געלט, מיט א גוטען וואר־מעס און מיט עטליכע טרונק בראנפען, די האָבען געדינט אין קהל פאר „כאַפּער" און די כאַפּער האָבען געהאט רעכט פון דער רעגירונג צו באפאלען א הויז אין מיטען נאכט און כאפען דאר־טען איינעם-צוויי פון די יונגע מענשען, ניט אויסקלייבענדיג צי א בחור, צי א באוויבטער, ער האָט געמעגט זיין א פאָטער פון קינדער, נאָר אויב ער טויג פאר א סאָלדאט האָבען זיי איהם צוגענומען. (פלעגען ארויסשלעפען פון בעט א שלאָפענ־דיגען אין איין העמד אפילו) און שמידען איהם אין קייטען און אוועקפיהרען זייער קרבן אין קהל-שטיבעל (א הויז וואָס איז געוועזען באַשטימט פאר די געכאפּטע סאָלדאטען). עס האָט ניט געהאָלפען דער יאָמער און דער געוויין פון די געכאאפטע פא־מיליעס, די שטיינערנע הערצער פון די רשעים, די אכזרים האָט ניט געקימערט, די פארווילדעטע מענשען, די שכורים האָבען קיין מיטלייד ניט געהאט. אָהן א פונק רחמנות פלעגען זיי פארשטיקען דעם מויל פון זייער קרבן און פיהרען איהם צום פונקט. זיי פלעגען אָנפאלען אויף די ארימע פאמיליעס, אויף אלמנות און צונעמען ביי זיי אפילו זייער איינציגען זוהן. אָט די ארימע, עלענדע קינדער זיינען געוועזען די קרבנות, די שעירי־העזאזל פאר דעם גאנצען קהל, פאר די רייכע און פאר די בעלי בתים פון שטאָדט. אָט די אומגליקליכע קרבנות פלעגט מען האַלטען ביז עס איז געקומען די צייט שטעלען זיי אין „פריאָם" דאָרטען האָט מען זיי צוגענומען פאר סאָלדאטען און אוועק־געשיקט די עשירי העזאזל לארץ גזירה, אין פאָלק אריין, דאן אז די קהל׳ס לייט זיינען פטור געווארען, זיי האָבען מקריב געוועזען

די צאָל פון קרבנות פיעל זיי האָבען באדארפט, האָט מען מיט פרייד געפייערט דעם יום טוב, געמאכט סעודות און גערופען זייערע שלוחי של מצוה (די כאַפּער) און מען האָט אלע צוזאמען געגעסען און געטרונקען עד דלא ידעי. געפרעסען געבראָטענע געגזלאך מיט לאַטקעס, מען האָט זיך משמח געווען אויף דער סעודה פון זבחי־מתים, וואָס זיי האָבען געקוילעט אומשולדיגע מענשען, נאָר זיי האָבען דאס אָנגערופען „סעודה של מצוה", ד. ה. זיי האָבען מקים געווען דינא דמלכותא, דעם דין פון דער מלוכה. אנדערע שטעדט אדער שטעדטלאך פלעגען קויפען „אכוואָטניקעס" אזעלכע מענשען, וואָס פלעגען אליין מיט זייער ווילען פארקויפען זיך פארגעלט זיין סאָלדאטען, מען פלעגט זיי גוט באצאָלען און געבען זיי אלע פארגעניגענס ביז וואנען מען האָט זיי אָפּגעגבען פאר סאָלדאַטען, דערויף האָבען די רייכע, וועלכע זייערע קינדער האָבען בעדארפט געהן אין סאָלדאטען געבען אלע הוצאות, און אזוי ווי די שטאָדט מינסק איז גרויס, האָבען זיי באדארפט געבען פיעל סאָלדאטען, האָבען זיי געטאָן ביידע זאכען: געקויפט אכוואָטניקעס און כאפּער האָבען גע־כאפּט פון די אָרימע וואָס האָבען ניט געקענט געבען קיין געלט.

אלכסנדר דער צווייטער איז אפילו געווען א מלך של חסד, נאָר ווארטען האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט געזאָגט מיט'ן הארבען וואָרט — „תן לי הנפש"! גיב מיר מיינע נפשות! די די צייט פון ענדיגען דעם פריאָם איז געווען קורץ, האָבען די קהל'ס־לייט ארויסגעשיקט „כאַפּער" (אידעלאך) מיט דער הילף פון דער רעגירונג, פּאָליציי און סאָלדאטען. זיי זיינען אומגע־גאנגען „שיכורי) גאנצענע נעכט זוכען זייער רויב, ווי די ווילדע חיות אין וואָלד, אין אלע ארימע הייזער אויך איבער אלע בתי מדרשים און ישיבות (ישיבה בחורים זיינען דאך עלענד, ניטאָ קיין שרייער פאר זיי) און געכאפּט וואו זיי האָבען נאָר געקענט. אונזער „בלומקע'ס קלויז" האָט מען אויך ניט דורכגעלאָזען. אין מיטן נאכט, אזייגער איינס האָבען מיר דערהערט מען קלאפּט אין טיהר, מען שרייט אויף יונית — אָטוואָרי! (עפען) און

דערלייגט מיט א יונגעשן „מי שברך”... מיר האָבען זיך אויפגע־כאַפּט מיט שרעק. דער בעל־משמר (ניט איך) האָט געמוזט עפענען די טיהר. דער ערשטער איז אריין „בוטשאַנקע” דער כאַפּער, ער איז געווען מפרוסם מיט זיין נאָמען, דאָס איז געווען א גרויסער, געזונטער איד, א גרויסער שכור, א גרויסער רשע ווי המן. זיינע באקען האָבען געברענט פון שכרות, זיינע אויגען האָבען געפלאַמט פון רשעות. נאָך איהם האָבען גענומען געהן פּאָליציי און סאָלדאַטען. בוטשאנקע האָט א קאָמאַנדעווע גע־טאָן מיט א געשריי פּראָסט אויף אידיש: — חברה גיכער טוט זיך אָן! קומט שעפּסעלאָך מען דאַרף אייך האָבען!

אז מיר האָבען דערהערט בוטשאנקעס ווערטער און דער־זעהען די פּאָליציי און סאָלדאַטען מיט די שווערדען און ביק־סען, האָבען מיר פארשטאַנען, אז דאָ וועט ישיבה־בחור'שע המצאות ניט העלפען, מען מוז פאָלגען. מיר זיינען אראָפּגעקראָ־כען פון אונזערע געלעגערס, צושראָקענע, מיט טויטע פנים'ער און מיט ציטערדיגע הענט אָנגעטאָן זיך, ניט ווילענדיג. די סאָלדאַטען האָבען זיך צושטעלט ארום טיהר און בוטשאנקע האָט א געשריי געטאָן — העי, צאָן קדשים אין סאראָנג! — און די סאָלדאַטען האָט ער געהייסען אויסזוכען אומעטום אויף דער ווייבערשער שוהל, אונטער די ביינק, טאָמער האָט זיך ווער באַהאַלטען. נאָכדעם האָט ער איבערגעצעהלט זיינע קרבנות. איך בין אויך געשטאַנען צווישען אלעמען און קלער:

— אָט איז דער סוף, וואָס איך בין געלאָפען קיין מינסק! געקלערט, איך וועל ווערען א חתן, א רב! ערשט פון ביידע זאכען וועט זיך אויסלאָזען, אז איך וועל גאָר ווערען א סאָל־דאָט! ווי איך שטעה אזוי פארטראכט, האָט מיך בוטשאַנקע אָנגעכאפּט פאר'ן האנט און געגעבען מיך א שלעפּ, אז איך בין שיעור ניט פארפלויגען צום טיהר און אויסגעשאָסען א גרויסען געלעכטער, און א זאָג געטאָן אויף רוסיש — „וואָט גוואַרדייסקי סאָלדאַט”! אָט איז א געזונטער, א גרויסער סאָלדאט! — און האָט מיך אוועקגעשטעלט אין א זייט און זאָגט — „סטופּיי, ניע

גאָדין״! — געה, דו טייגסט ניט! (איך בין דאן אַלט געווען פערצעהן יאָהר, דערצו נאָך געווען קליין און מאָגער). דעם בזיון, וואָס ער האָט מיר אָנגעטאָן האָב איך צוגענומען מיט פרייד. איך בין אוועק אָן א זייט און זיי אלעמען האָט מען אָפּ־געפיהרט מיט א קאָנוואָי ווי ארעסטאַנטען אין פּאָליציי. זיינען אלע געגאנגען מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ, יעדער האָט באַ־טראכט זיין ביטערען גורל, נאָר קומענדיג אין פּאָליציי איז זיי אביסעל פרעהליכער געווארען. זיי האָבען דערזעהן אז זיי זיינען ניט די איינציגע, העכער הונדערט בחורים זיינען שוין דאָרטען געווען, מען האָט אהין געבראכט אלע ישיבה בחורים פון אלע ישיבות, פון אלע בתי־מדרשים (די וואָס האָבען נאר געטייגט פאר צו זיין סאָלדאטען). איך בין געבליבען אין דער ישיבה איינער אליין. שלאָפען האָב איך שוין ניט געקענט און לערנען אויך ניט. געזעסען און געווארט ביז דער עולם וועט זיך צונויפקלייבען דאוונען. אזייגער זיבען, מענשען זיינען אָנ־געקומען, איז געוואָרען א רעש, מען איז באלד געלאָפען צום ראש ישיבה און ער איז געלאָפען צו די גבירים פון שטאָדט. עס איז געוואָרען א טומעל אין שטאָדט, אלע ראש־ישיבות האָבען געשריען קולות ביי די גבירים, אז אזא נבלה איז נאָך קיין מאָל ניט געהערט געווארען, אז מען זאָל אָנפאלען אויף ישיבות און כאפּען לומדי תורה פאר סאָלדאטען. די נכבדים פון שטאָדט זיינען באלד געלאָפען צום גובערנאטאר, און אזייגער צעהן אין דער פריה האָט מען אלע ישיבה בחורים באפרייט. לומדי תורה זיינען אמאָל געווען באַשיצט פון די זאכען, מען האָט ניט דערלאָזען א קלויזניק זאָל געהן אין סאָלדאטען. מיר זיינען אָפּגעקומען מיט שרעקעניש יענע נאכט און דערפאר האָבען מיר געהאט א פרייען טאָג, יענעם טאָג ניט געלערענט.

62

## דער סיום — איך בין קראַנק געוואָרען — דער מינסקער הקדש (האָספּיטאַל)

אויף פּסח געוועזן אין דער היים, נאָך יום טוב ווייטער גע-פאָהרען לערנען קיין מינסק, אין דער זעלבער ישיבה. געגעסען די זעלביגע טעג, געזופּט ר׳ תנחום׳ס דעם זעלבען קרופּניק, אַלס כבימי קדם אָהן השתנות, אפילו מיט דעם זעלביגען חבר א״ש געלערענט און געזעסען משמורים זומערדיגע. געלערענט האָבען מיר דאן מ״ס „ביצה״, און אזוי ווי זי איז א קליינע מסכתא, האָבען מיר זי געענדיגט נאָך שבועות. דער ראש ישיבה ר׳ מאָניע האָט געזאָגט א שעהנעם הדרן מיט פּלפּול. נאָכ׳ן סיום האָט ר׳ תנחום אריינגעטראָגען פון רבקה בלומקעס א פּאָר פלעשלאך גוטע וויין און א גרויסע צאָירליע מילכיגע, פּעטטע בלינטצעס, מיר האָבען געטרונקען און פארביסען, פיין זיך משמח געווען. מיר זיינען געוואָרען בגילופענ׳דיג (פיעל באדארף האָבען א ישיבה בחור ער זאָל ווערען שיכור ?), מיר האָבען זיך גוט צוהיצט און אוועק באָדען זיך אין טייך, געכאפּט א גוטען שווים, אז איך בין ארויס פון טייך, האָב איך באלד דערפיהלט א שטעכעניש איןביידע זייטען, אז איך האָב קוים זיך פארשלעפּט צו מיין שוועסטער (זי האָט געוואוינט ניט ווייט פון טייך) קיינער פון זיי איז אין דער היים ניט געווען. איך האָב זיך אוועקגעלייגט אויפ׳ן קאַנאַפּע נעבען די וואַרימע לעבלאך ברויט, וועלכע מען האָט ניט לאַנג ארויסגענומען פון אויווען, אביסעל דערוואַרימען זיך (מיר האָט זעהר געטרייסעלט פון קעלט). פארנאכט אז די שוועסטער איז געקומען און האָט דערוויסט מיך ליגענדיג, איז זי צוגעגאנגען און האָט מיך גע-

פרעגט, וואָס איך ליג, און געטאַפּט מיך פאַר'ן קאָפּ, האָט זי באַמערקט אַז איך האָב שטאַרקע היץ, האָט זי באַלד געשיקט רופען איהר הויז דאָקטאָר (ישראל דעם רופא) ער האָט מיך באַטראַכט, האָט ער אויסגעפונען, אַז ביי מיר אַנטוויקעלט זיך לונגען אָנצינדונג אין ביידע זייטען. ער האָט קיין סך ניט געטראַכט, באַלד אַרויסגענומען פון זיין טשעמאָדאַנטשיקעל אַ גרויסע גלאָז אַ פאַרבונדענע פול מיט פּיאַווקעס, צוגעשטעלט צו צוויי אונטער ביידע אויערען, זיי האָבען געזויגען מיין בלוט ביז וואַנען זיי זיינען אַרונטערגעפאַלען, אָבער דער פיבער איז ניט אַרונטערגעפאַלען. אויף מאָרגען אַז דער רופא האָט מיך באַזוכט, האָט ער געהייסען מען זאָל מיך אָפּפיהרען אין הקדש (האָספּיטאַל) וואָרום איך בין געפעהרליך קראַנק. פאַרנאַכט האָט מיך מיין שוואָגער אָפּגעפיהרט אויף אַ פורעל אין הקדש. דער הקדש האָט זיך געפונען אויף „ליאַחוקע" (דאָס איז אַ פאָרשטעדטעל אין מינסק). אַ גרויסער, אַ שעהנער בנין מיט אַ גרויסען הויף, מיט פאַרזעצטע בוימער ווי אַ בולוואַר, אַ שוהל איז אויך דאָ אין הויף פאַר די אָנגעשטעלטע פון הקדש, וואָרום אַלע משרתים פון הקדש, די דאָקטוירים, די פעלדשאַרעס, די צוזעהער זיינען אַלע אידישע. חולאים האָט מען צוגענומען דאָרטען אויך נאָר אידישע, ווייל דאָס האָבען אויסגעהאַלטען נאָר אידען. דאָרטען איז געווען אַ אידישע קיך, אַ משגיח האָט אַכטונג געגעבען אַז עס זאָל צוגעהן בתכלית ההכשר. אידישע פרויען האָבען אַכטונג געגעבען, אַז עס זאָל זיך פיהרען אין אָרדענונג און פלעגען ברייגנען אָפּט פאַר די חולאים פון זייערע היימען עסען און אַלערליי געפּרעגעלטע פרוכטען, צוקער, טעה און ד. ג. אַז מען האָט בעדאַרפט אַריינגעבען אַ חולה אין הקדש, האָט מען בעדאַרפט ברייגגען אַ צעטעל פון דעם גבאי פון הקדש מען זאָל איהם צונעמען, אָהן אַ צעטעל האָט דער צוזעהער פון הקדש ניט אַריינגעלאָזען. (אָהין האָט מען געבראַכט חולאים וועלכע מען האָט געקורירט אָהן געלט, ד. ה. דאָס איז געווען אַ צדקה אַנשטאַלט.

אז מיין שוואָגער האָט מיך געבראכט צום טיהר פון הקדש, האָט דער צוזעהער איהם געזאָגט, אז ער קען ניט אריינעמען מיך ביז מען וועט איהם ברייננגען א צעטעל פון גבאי. קיין טעלעפאָן איז נאָך דאַן ניט געווען מען זאָל קענען אָפּרינגען דעם גבאי, האָט דער שוואָגער געמוזט פאָהרען מיט דעם פוהר־מאַן צום גבאי אהיים, מיך האָט מען איבערגעלאָזען אויפ׳ן גאַניק פון הקדש אויף די קאלטע שטיינערנע טרעפּ, וואו איך געפין זיך און אויף וואָס איך ליג האָט איך ניט געפיהלט, ווייל איך האָב געהאט זעהר שטארקע היץ. אזוי בין איך געלעגען ביז דער שוואָגער איז געקומען מיט א צעטעל און מען האָט מיך אריינגענומען קריינקען. קריינקען אָהן אן ערלויבעניש האָט מען ניט געקענט. דער נס איז געווען, וואָס גראדע יענעם אווענט איז דער גבאי געווען אין דער היים, ווען ניט וואָלט איך מוזען נעכטיגען אויף די שטיינער נעבען טיהר. טאקע א הקדש מיט א משגיח אז עס זאָל זיין כשרה מאכלים, אבער צונעמען אהין א חולה, האָט געקענט ביים חולה די כשרה נשמה ארויס ביז מען האָט איהם צוגענומען.

## 63
## איך ליג אין האָספּיטאל ביי דריי וואָכען

צוויי משרתים האָבען מיך אריינגעטראָגען אין א צימער און אויסגעטאָן די בגדי חול (מיינע קליידער) און אָנגעטאָן מיך אין בגדי הקדש. א לאנגע העמד מיט א פּאָר לייווענטענע לאנגע זאָקען, א ווייסע מוטשקע אויפ׳ן קאָפּ, אויסגעקליידט פון קאָפּ ביז די פיס און אוועקגעלייגט מיך אויף א בעטעל. אין צימער האָבען זיך געפונען פיער בעטען, צוויי זיינען געווען פארנו־מענע מיט חולאים, אויף איינער בין איך געווען, די פערטע בע־טעל האָט געווארט אויף א חולה. איך ווייס ניט, וואָס ס׳איז געווען מיט דעם פאָריגען חולה, וואָס איז געלעגען אויף איהר, צי ער איז געזונט געווארען און אוועק אהיים, אָדער מען האָט איהם צוגענומען אויף דער אמת׳ער וועלט. אין צימער איז גע־

ווען פינסטערלאך, דער קליינער לעמפעל האָט ניט געהאט בכח צו באַלייכטען גוט. איך האָב איינגעשלאָפּען זייער שלעכט מיט ווילדע חלומות, פאַרגעשטעלט ווי בוטשאנקע מיט סאָלדאטען כאַפּען מיך און מען שטעלט מיר פּיאווקעס, זיי זויגען מיין בלוט, מען טוט מיך אָן אין ווייסען און מען טראָגט מיך ערגעץ. איך האָב אָנגעהויבען שרייען, נאָר ווער האָט מיך געהערט אוי־סער די חלאים איז אין צימער קיינער ניט געווען. אין דער פריה האָט מען מיר צוגעטראָגען א קליין קריגעלע „ספּעטשים" אַזאַ סאָרט טעה. איך האָב באַנעצט מיינע טרוקענע ליפּען און געלעגען אָהן א רפואה ביז אזייגער צעהן איז געקומען דער דאקטאר, האָט מיך באקוקט און געהייסען די פעלדשארעס וואָס זיינען נאָכגעגנאגען מיט איהם אָנשרייבען אויף דער ברעטעל וואָס איז געשטאַנען איבער מיין קאָפּ ווי א מצבה דעם נאָמען פון מיין קראנקהייט. מען האָט מיך געהיילט מיט רפואות, מיט אלערליי פלאסטער. א וואָך צייט בין איך אָפּגעלעגען ניט ווי־סענדיג וואָס עס געהט פאָר מיט מיר, נאָר דאָס גדיינק איך, אז מיין שוועסטער שיינע (זי איז דאמאָלסט אין מינסק געווען ביי אונזער שוועסטער רבקה) פלעגט אָפט זיצען נעבען בעט און פארגיסען טרערען שטילערהייט.

נאָך דער וואָך האָב איך אָנגעפאנגען בעסער ווערען. אלע מיינע קרובים, וואָס געזונטערהייט האָב איך זיי קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהן פלעגען קומען געוואר ווערען מיך, אויך ר' מאניע דער ראש ישיבה מיט מיין פעטער לייזער (ר' אליעזר קארעליטשער) זיינען אויך געוועזן געוואָר ווערען מיך עטליכע מאָל. מיין שוועסטער רבקה פלעגט מיר שיקען עסען אלע טאָג. אין א פּאָר וואָכען ארום האָב איך אָנגעפאנגען פיהלען ניט שלעכט, איך פלעג שוין אראָפּגעהן פון בעט און אָנגעהויבען קלערען וועגען אויסשרייבען זיך פון הקדש, האָט אבער געטראָ־פען א סבה, אז איך האָב געמוזט פארבלייבען נאָך ביי א וואָך צייט. — דער חולה, וואָס איז געלעגען נעבען מיין בעטעל איז געשטאָרבען אין א מיטען נאכט און איך האָב געזעהן ווי די

משרתים האָבען איהם אראָפּגעטראָגען, דאָס האָט פארנאנדער־געשרויפּט מיינע שוואכע נערוועז און איך בין אָפּגעלעגען צום בעט נאָך עטליכע טעג. אין עטליכע טעג ארום, ארום ר״ח אב, האָט אין מינסק אויסגעבראָכען א מגפה (חאָלעריע בלע״ז), האָט מען גענומען פיהרען די חולאים אין הקדש, אז קיין אָרט איז ניט גענוג געווען פאר זיי, האָט מען געמוזט א סך חולאים פון די וואָס זיינען געווען אויסשרייבען אביסעל פאר דער צייט, האָט מען מיך אויך אויסגעשריבען.

מיט גרויס פרייד האָב איך פון זיך אראָפּגעוואָרפען די בגדי הקדש און אָנגעטאָן מיינע בגדים, און ווי איך בין שוואך געווען, בין איך ארויס אין הויף, דערזעהן די פרייע וועלט. באלד איז געקומען מיין שוועסטער שיינע, וואָס פלעגט מיר טראָגען ווארמעס אלע טאָג, אז זי האָט מיך דערזעהן איז פון גרויס פרייד ביי איהר ארויסגעפאלען דער טעפּעלע מיט די געקעכטס פון איהרע הענט. נאָר ווער האָט געקוקט אויף דעם. זי האָט באלד גערופען אן איזוואָסטשיק און מיר זיינען געקומען צו אונזער שוועסטער רבקה. אלע האָבען זיך דערפרעהט מיט מיין קומען, איך בין געווען אן אָנגענומענער גאסט, מען האָט מיר אָפּגעגעבען דעם אויבען־אָן, די קאַנאַפּע. עס איז מיר געווען אלץ אזוי ליעב, אזוי פריינדליך, אפילו די ווארימע לעבלאך ברויט, וואָס זיינען געלעגען נעבען מיר ניט ווייט, האָבען מיר אויסגעוויזען אזוי ליעב, גלייך ווי איך וואָלט דערזעהן מיינע בעסטע פריינד. נאָר דער דאקטאר האָט געזאָגט, אז איך מוז אָפּפאָרען פון שטאָדט, זיצען ערגעץ אין א דאָרף נעבען א וואלד, אזוי פאָדערט מיין שוואכער געזונט. אלזא, איז געבליבען איך זאָל פאָהרען צו מיין ברודער מ. צ. ה., ער האָט געוואוינט אין א וואלד און האָט א פאָר בהמות, וועל איך טרינקען מילך. דארטען וועל איך קענען גיך געזונט ווערען. (מיינע עלטערען האָבען גאָרנישט געוואוסט פון אלעם וואָס קומט פאָר מיט מיר.)

# מיין וועג מיט'ן בעל העגלה

איך פאָהר מיט אַ בעל-העגלה. איך פיהל ניט גוט אין וועג. מען לאָזט מיך איבער אין קרעטשים. מיט אַ יאָהר עטליכע און פופציג איז נאָך קיין באַן ניט געווען פון מינסק קיין ווילנא. איז ווער עס האָט באַדאַרפט פאָהרען אויף יענער וועג, האָט ער געמוזט פאָהרען מיט די בעלי-העגלות, אויך סחורה פאַר די אַרומיגע שטעדטלאַך און דערפער האָט מען געפיהרט מיט די בעלי-העגלות. מיין ברודער האָט געוואוינט צווישען די שטעדטלאַך: לעבאד און מאלאד וואָס שטעהען אויף דער וועג פון מינסק קיין ווילנא. אלזאָ האָב איך באַדאַרפט פאָהרען מיט יענע בהע"ג, וואָס פאָהרען אויף ווילנער טראַקט. מיין שוועסטער שיינע איז געגאַנגען אויף סמאַרגאָנער אכסני' און האָט באַשטעלט אַ בעהע"ג, וואָס איז געפאָהרען אין סמאַרגאָן (אַ שטאָדט פאַר ווילנא) ער זאָל מיך נעמען ביז לעבעד', און אָפּגעפיהרט מיך מיט מיין פעקעלע צום בעה"ג. זי איז אַוועק אַהיים, און איך בין געבילבען אויפ'ן אכסני' וואַרטען ביז דער בעה"ג וועט פאָהרען. דער בעה"ג האָט אַרויפגעלייגט די פּעק מיט די סחורה אויף זיין צוגעדעקטען וואָגען (בויד בלע"ז) קעסטלאַך, מכל המינים סחורה, פעסלאַך, פּעק וועלכע ער האָט געלייגט אין בויד, וועלכע ער האָט צוגעבונדען מיט שטריק פון אַלע זייטען. אויף פּעק און די זעק סחורה האָט ער צוזעצט זיינע פּארשוינען, (דער בעה"ג פלעגט רופען זיינע פּאַסאַזשירען „פּאַרשוינען". ער האָט ניט איבערגעקליבען וועלכע צו נעמען, גענומען וועלכע עס האָט זיך געמאַכט.מאַנסבלען, ווייבער, אַ רב, אַ גלח (להבדיל). האָט זיי איינגעפּאַקט ווי הערינג אין אַ פעסעל, פיעל עס האָט זיך געמאַכט.

אַז איך בין אַריין אין בויד מיט מיין פּעקעל, איז שוין די בויד פול געוועזן מיט פּאַסאַזשירען, עטליכע אידען, און א קריסט, אויך אַ אידענע. מיר האָבען זיך אַלע צוזעצט, איינער האָט געוועקטשעט דעם צווייטען. איינער שרייט: — שטופּ זיך ניט — קוועטש מיר ניט — לאָז אָפּ מיין פוס, — און נאָך אַזוינע טענות. נאָר איינער אַ געניטער פאָהרער האָט געזאָגט: — ברידערלאַך, שרייט ניט, איך וועט באַלד ווערען גראַם, פאָהרענדיג וועט איהר זיך איין טרייסלען.

דער בעהע״ג האָט זיך רוהיג געזעצט אויף זיין אָרט (קעלניע בלע״ז), גענומען די לייטשעס אין איין האַנט, די בייטש אין דער אַנדערער, אַ טשמאַק געטהאָן מיט די ליפּען צו זיינע פּאָר סוסים, און אַ שמיץ געטהאָן מיט׳ן בייטש און היידאַ! דורך געפאָהרען די שטאָדט איבער די געברוקירטע גאַסען מיט די גרויסע שטיינער, עס האָט געקלאַפּט, געטרייסעלט, עס האָט אָנגעהויבען ווערען גראַמער, ביז מיר זיינען אַרויס פון שטאָדט זיינען מיר זיך שוין איינגעזעסען. מיר זיינען אַרויס אויפ׳ן פעלד, אַ ווינטעלע האָט געבלאָזען, די זון האָט געשיינט, די תבואות מיט די גראָזען פון די פעלדער האָבען גוט געשמעקט. דער בעהע״ג האָט געטריבען די סוסים און אָפּט מכבד געוועזן זיי מיט׳ן בייטש, זיינען זיי געלאָפען גאַנץ שנעל, און אַזוי ווי די וועג איז ניט געוועזן גאָר גלאַט, האָט זיך די בויד געוויגט אין אַלע זייטען, געשאָקעלט זיך ווי א סוכה און אַ שטורעם ווינט. די פּאַסאַזשירען האָבען זיך געטרייסעלט, געקלאַפּט אַ קאָפּ אָן אַ קאָפּ, געשטורכעט אין די זייטען איינער דעם צווייטען. דער איינציגער, וואָס איז ניט צופרידען געוועזן, בין איך, ווייל איך, נאָך אַזאַ קראַנקהייט, בין איך נאָך שוואַך געוועזן, האָט דער טרייסלען מיר פאַרשאַדט. עס האָט מיר גענומען שטעכען אין די זייטען, געליטען גרויסע שמערצען.

זאָגען דעם בעהע״ג ער זאָל ניט פאָהרען גיך, האָב איך ניט געקענט, די אידענע, וואָס איז געסען נעבען מיר, האָט דאָס באַמערקט, האָט זי מיך געפרעגט, וואָרום קרים איך זיך?

איך האָב איהר דערצעהלט, אַז איך קען ניט ליידען וואָס ער פאָהרט צו גיך, ווייל איך בין ניט לאַנג אויפגעשטאַנען פון אַ קרענק. האָט זי באַלד געזאָגט דעם בעהע״ג, ער זאָל אָנ־הויבען פאָהרען אַביסעל שטילער. דער בעהע״ג האָט אַ קליי־נע צייט געפאָהרען שטילער, נאָר דער בעהע״ג האָט קיין פולע ניט געקענט איבערטראָגען, האָט ווייטער גענומען זיך צו דער בייטש, און די פערד האָבען אָנגעהויבען לויפען, נאָך מעהר ווי פריהער, איך האָב זיך ווייטער געכאַפּט פאַר די זייטען, האָט די אידענע ווידער גענומען שרייען צום בעהע״ג ער זאָל ניט טרייבען אַזוי שטאַרק די פערד, ער האָט גענומען שרייען — וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניש אויף מיר, מיר וועלען מוזען אין וועג שבת האַלטען איבער איהם.

די פּאַסאַזשירען האָבען אויך אָנגעהויבען מורמלען צווי־שען זיך, אַז איבער מיר וועלען זיי זיך שלעפּען אין וועג איבע־ריגע צייט, אַנדערע זיינען געוועזען פאַר מיר, און אַנדערע דאַ־געגען. דער בעהע״ג האָט געפאָלגטביידע צדדים. אַביסעל געפאָהרען גיך, אַביסעל פּאַמעלאַך, און איך בין געזעסען און געשוויגען, געהאַלטען זיך פאַר די זייטען, און געליטען ביז מיר זיינען ביי נאַכט געקומען אין שטעדטעל ראַדאָשק׳, ביי פיער מייל רוסישע פון מינסק.

## 65

## ראַדאָשק׳ אויפ׳ן אכסני׳, דער בעהע״ג אַנטלויפט פון מיר

אין ראַדאָשק׳ זיינען מיר פאַרפאָהרען אויף אַן אכסני׳. דער בעהע״ג איז אַריין געפאָהרען מיט די פערד און בויד אין סטאַדאָלע. מיר זיינען אַלע אַראָפּ פון בויד. יעדער האָט גענומען זיין פעקעל און אַוועק אין קרעטשעם. מיין פעקעלע האָט דער בעהע״ג אַריין געטראָגען און איך בין נאָכגעגאַנגען נאָך איהם. מיך האָט שטאַרק געוואונדערט אויף דעם בעהע״ג גוטסקייט. דוכט זיך ער האָט פון מיר ווינציג נחת געהאַט.

וואָס איז ער מיט אַמאָל אַזוי גוט געוואָרען? ער זאָל נאָך מיין פּעקעל אונטערטראָגען? הפנים אַז אַ איד איז פאָרט פון די בני רחמנים, אַ אידישע נשמה קען מען ניט חושד זיין. אַ בעהע״ג האָט אויך יושר, מיט אַ אידישע האַרץ.

די נאַכט האָב איך רוהיג געשלאָפען. גאַנץ פריה האָב איך דערהערט, ווי דער בעה״ג רופט זיינע פאַרשוינען, זיי זאָלען געהן פאָהרען. איך האָב זיך גיך פאַרטיג געמאַכט, גענומען מיין פּעקעל און לויף גיכער צום וואָגען. ערשט עס איז ניטאָ קיין זכר פון דעם בעה״ג מיט די פאַרשוינען מיט די פערד. דאַן האָב איך פאַרשטאַנען די גוטסקייט פון דעם בעהע״ג, וואָס ער האָט אונטערגעטראָגען מיין פּעקעלע. איך האָב אָנגעהויבען שרייען מיט קולות, איז דער בעל אכסני׳ אַרויס געלאָפען און האָט מיך געפרעגט, וואָס איז געשעהן? איך האָב איהם אין קורצע ווערטער אַלס דערצעהלט. דער בעל אכסני׳ האָט קיין סך ניט געקלערט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער בעהע״ג האָט מיך דאָ בכיוון איבערגעלאָזען. האָט באַלד געכאַפּט דאָרטען אַן איינגעשפּאַנטען פערד און וועגעל, האָט מיך אַרויפגעזעצט און געלאָפען כאַפּען דעם בעהע״ג, האָט איהם אָפּגעשטעלט אין מיטען שטאָדט, מיט אַ געשריי: — דו יונגאַטש! וואָס האָסטו אַוועקגעוואָרפען אַן עלענד קינד אַליין, און ביסט אַנטלאָפען?

אויף זיינע קולות האָבען זיך צונויפגעקליבען פיעל מענשען, פיעלע אידען מיט זייערע טלית-זעקלאַך, וואָס זיינען געגאַנגען דאַווענען דעם ערשטען מנין אין שוהל, אויך פיעל ווייבער, וואָס זיינען געגאַנגען אין מאַרק. עס איז געוואָרען אַ געשריי, אַ טומעל פון אַלע זייטען, מען האָט געזידעלט דעם בעהע״ג מיט אַלע שענדליכע ווערטער, און מיך האָט מען אַרויפגעזעצט אויפ׳ן וואָגען, געמאַכט פאַר מיר אַ גערוימען אָרט.

עטליכע ווייבער זיינען געלאָפען אין אַפּטייק, געבראַכט אַ באָטעלע קאָפּ.ליעס, און אַ קליין פלעשעלע בראַנפען מיט

אינגבער. איך האָב אַביסעל גענומען דערפון, (די וויבער האָבען מיר איינגעגעבען), און אַלע וואָס זיינען געשטאַנען אַרום בויך, האָבען מיך באַגלייט מיט ברכות: — פאָהר־געזונד, אינגעלע! — דעם בעהע״ג האָבען זיי אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל ניט טרייבען שטאַרק די פערד, און זיי זיינען אַוועק.

דער בעהע״ג האָט אַ בליק געטהאָן אויף מיר מיט כעס, און אַ שמיץ געטהאָן די פערד, און געזאָגט צו זיינע פאַרשעהנען: — אָט האָט מיר גאָט צוגעשיקט אָן אָנשיקעניש, נו, נו, געקויפט זיך מפטיר! און צו מיר האָט ער געזאָגט, נו, וואָס מאַכסטו מיין טייערער פאַרשעהן? וואָס מאַכען דיינע זייטעלאַך? און נאָך אַזעלכע בעהע״ג המצאות. און זיינע פאַרשוינען האָבען געקוואָלען פון זיינע בעה״ג חכמות. אפילו מיין שכנה די רחמנות־אידענע האָט אויך אונטערגעשמייכעלט, וואָרים ווי איז דאָס טאַקע אַ סברה מען זאָל ניט קוועלען פון אַזעלכע וויציגע ווערטער, וואָס אַ בעהע״ג לאַכט אָפּ פון אַן עלענדען, קראַנקען קינד?

איך האָב „זיי אויף צו להכעיס" אָנגעהויבען פיהלען גוט, וואָס עס האָט מיר געהאָלפען וויים איך ניט? צי ברכות, וואָס די ראַדאָשק׳ האָבען מיך געבענשט, צי די ביסעל משקה מיט די אינגבער, אָדער פיליכט, גאָר דעם בעהע״ג וויצען? נור פון וואַנען די רפואה איז געקומען, אַבי צו גוטען. איך האָב ערלויבט דעם בעהע״ג, ער מעג טרייבען די פערד פיעל ער וויל. דער עולם האָט גענומען פאַרברענגען מיט מיר, איבערהויפט מיין שכנה די רחמנות־אידענע. מיר האָבען גוט פאַרבראַכט פאָהרענדיג. דער בעהע״ג איז אָפּגעגאַנגען פון כעס.

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קרעטשמע, געטרונקען טעה, און פאַר נאַכט זיינען מיר געקומען קיין לעבעד׳, 10 וויאָרסט פון מיין ברודער׳ס וואוינונג. דער בעהע״ג האָט מיך אַראָפּגעלאָזען, און האָט אויסגעשריען: — ברוך שפטרני — (מיט בעהע״ג עברי). איך האָב זיך מיט אַלעמען צוזעגענט, אויך מיט דעם בעהע״ג, געבענשט איהם, אַז גאָט זאָל איהם

שיקען בעסערע פארשוינען פאר מיר, ער זאָל קענען שמייסען די פערד פיעל זיין האַרץ וועט געלוסטען ! די אידענע האָט מיר אָנגעבענשט אַ פולע קאָפּ. וילך בעהע״ג לדרכו, און איך בין אריין אין קרעטשעם.

דער בעל קרעטשמער איז געווען מיין ברודער׳ס אַ גוטער באַקאַנטער. איך האָב ביי איהם וועטשערע אָפּגעגעסען און ער האָט אַריינגערופען אַ פויער, וואָס איז געשטאַנען ביי איהם מיט אַ פערד און וואָגען, געגעבען איהם אַ גוטען טרונק בראַנ־פען, און געהייסען איהם ער זאָל מיך ברענגען צו מיין ברו־דער (דער פויער האָט געוואוינט אין דעם זעלבען דאָרף וואו מיין ברודער) און מיין ברודער וועט איהם גוט באַצאָהלען. איך האָב באַדאַנקט דעם גוטען מענשען, און מיט שמחה אַוועק־געפאָהרען צום ברודער.

מיין ברודער משה צבי ז״ל, איז אַמאָל געווען אַ ישיבה בחור אַזוי ווי איך. צי ער האָט פאַרבראַכט זיין צייט בעסער פאַר מיר, אָדער ניט ? ווייס איך ניט. נאָר דאָס בין איך זי־כער, אַז אין פאַרגעניגען געווים ניט, וואָרים די וועג פון אַלע ישיבה בחורים זיינען מיט בלומען ניט פאַרזייט. ער האָט געלערענט אין דער שטעדטעל לעבעדאֹ׳, געווען אַ למדן מופלג. האָט איהם אַ רייכער וואַלד סוחר אַ באַלעבאַטישער חסיד גענומען פאַר אַן איידעם, כאָטש זיין שווער האָט ניט ליעב געהאַט קיין מתנגד, נור ער האָט איהם גענומען פאַר אַן איידעם פאַר זיינע לומדות, מיט׳ן האָפענונג, אַז מיט דער צייט וועט ער איהם מאַכען פאַר אַ חסיד. נור עס האָט ניט געהאָל־פען. דער איידעם איז געווען אַ ברענענדיגער מתנגד. ער איז געזעסען אויף קעסט אַ פאָר יאָהר און געלערענט. אַז ער איז געוואָרען אַ פאַמיליע מאַן, האָט דער שווער איהם באַזעצט אין אַ וואַלד פאַר אַ פריקאַזשיק אין דעם דאָרף פון איינעם אַ וואַלד סוחר.

איך בין אַהין געקומען שפעט אין אָווענד. זיי האָבען שוין געשלאָפען. דער פויער האָט אָנגעקלאַפּט אין לאָדען און האָט

געזאָגט — מאָשקע, יע טעביע בראַטאַ פּריוויאָז — משה, איך האָב געבראַכט דיר אַ ברודער.

מיין ברודער מיט זיין ליעבע פרוי האָבען מיך צוגענו־מען פאַר אַ גוטען גאַסט, זיי האָבען מיך גוט צוגעזעהן, געטרונ־קען פיעל מילך, געשפּאַצירט פיעל צייט אין דעם סאָסנאָווען וואלד מיט מיין ברודער. די שפּייז מיט דעם פרישען לופט האָבען געווירקט שטאַרק צום גוטען אויף מיר, און אין אַ קורצער צייט בין איך פאָלקאָם געזונד געוואָרען.

אין עטליכע וואָכען צייט איז געקומען צו זיי מיין שוועג־גערינ׳ס אַ ברודער, אַ בחור׳ל אין מיין עלטער, געקענט גוט לערנען. מיר זיינען ביידע באַפריינדעט געוואָרען. און נאָך סוכות זיינען מיר ביידע געפאָהרען לערנען אין דער שטעד־טעל מאלאדעט׳, אַ וויאָרסט צעהן ווייט פון מיין ברודער.

66

## די שטעדטעל מאלאדעט׳, אונזער לערנען דאָרטען

די שטעדטעל מאלאדעט׳ געפינט זיך אויפ׳ן וועג פון מינסק קיין ווילנא. אַ קליין שטעדטעל געווען אין יענער צייט, אומגעפער ביי פינף און זיבעציג אידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבען פאַרנומען דעם צענטער פון שטעדטעל מיט די געשעפ־טען. זי איז ניט געווען אָפּגעטיילט פון אלע אידישע שטעדט־לאַך אין אַלע הינזיכטען. זי האָט געהאַט אַלע כלי קודש: אַ רב, אַ חזן און אַ שוחט (אין איין מענשען) מלמדים, קרעמער פון אַלע מינים, בעלי מלאכות אַלערליי, דאָרף־מענשען, שיינ־קאַרעס, צוויי בתי מדרשים. אַלע געווען פאַרפרומטע, געלאָפען דאַוונען אין שוהל דריי מאָל אַ טאָג. דער רב האָט געזאָגט נאָכ׳ן דאַוונען אין דער פריה אַ שיעור גמרא פאַר בעלי־בתים, מנחה למעריב געלערענט מדרש, עין יעקב. האָבען ליעב גע־האַט געבען אַ ישיבה בחור עסען אַ טאָג אָדער צוויי אין וואָך.

קיין ישיבה איז דאָרטען ניט געווען, נור עטליכע על־טערע בחורים האָבען דאָרטען פאַר זיך געלערענט און די שטאָדט האָט זיי אויפגעהאַלטען מיט עסען. געשלאָפען האָבען זיי אין בית המדרש.

אָט אין דער שטעדטעל האָט מיין ברודער געבראַכט מיך און מיין חבר זיין שוואָגער, לערנען. ער האָט אונז פאַרפיהרט צו זיינעם אַ גוטען פריינד, און געבעטען איהם ער זאָל אונז באַזאָרגען מיט טעג אויף צו עסען. דער פריינד האָט איהם צוגעזאָגט טהאָן דאָס מיט פאַרגעניגען. דער ברודער איז גע־פאָהרען אַהיים רוהיג וויסענדיג אַז זיין פריינד וועט אַלעס טהאָן ווי ער האָט צוגעזאָגט, האָט אונז געלאָזען עטליכע קאָפּיקעס אויף דער הוצאה, און אַוועק.

מיר זיינען ביידע באַלד געגאַנגען אין בית המדרש, צו־געגאַנגען צום אַלמער ספרים אַרויס גענומען גמראות און גע־זעצט זיך לערנען. די עטליכע ישיבה בחורים, וואָס זיינען דאָרטען געווען, וועלכע האָבען געלערנט, און וועלכע האָבען געדרעמעלט איבער זייערע גמרות, אַז זיי האָבען אונז דערזעהן, נייע פּנים'ער, האָבען זיי געוואָרפען בליקען אויף אונז, נור קיינער איז צו אונז ניט צוגעגאַנגען. פאַרנאַכט דער עולם האָט זיך אָנגעהויבען קלייבען צו מנחה, די ישיבה בחורים האָבען אָנגעהויבען זינגען דעם גמרא ניגון אויפ'ן קול. די דרעמעלדיגע זיינען וואַכעדיג געוואָרען. נור מיר, גרים, פרעמדע, האָבען מיר זיך געלערענט שטילערהייט. דער עולם האָט אונז דערזעהן, האָט מען פריהער באַקוקט אונז פון וויי־טען, נאָכדעם האָט מען זיך גענומען צורוקען צו אונז איינציג־ווייז, אַריין גערוקט אַ ברייטען שלם עליכם, פאַרוואָרפען אונז מיט פאַרשיידענע פראַגעס, אַז לערנען האָבען מיר שוין ניט גע־קענט. נאָכדעם אַז דעם ברודער'ס גוטער פריינד איז געקומען, האָט ער שוין אונז מפרסם געווען פאַר אַלעמען, האָט אונז נאָך מעריב פאָרגעשטעלט פאַר'ן רב, און מען האָט שוין אָנ־געהויבען באַזאָרגען אונז מיט טעג אויף צו עסען.

יענע נאַכט האָבען מיר איבערגענעכטיגט ביי איהם, און אויף מאָרגען זיינען מיר אַוועק אין אונזער האָטעל (אין שוהל) און גענומען איינאָרדענען זיך, ווערען תושבים. געקויפט צוויי שוועבעל־קעסטלאַך, צוגעפּראַוועט זיי אויף צו פאַרשליסען, אַריינגעלייגט אַהין אונזערע חפצים, געקויפט צוויי גוטע זעק, אָנגעשטאָפּט זיי מיט היי, בעטגעוואַנט אויף צו שלאָפען. די ישיבה בחורים האָבען זיך באַקאַנט מיט אונז און געהאָלפען איינאָרדענען זיך. נאַכהער האָבען זיך גענומען צום לערנען. אָנגעהויבען מס׳ שבת, (פּסחים און ביצה האָב איך געלערענט אין מינסק אין בלומקעס קלויז). מיר האָבען ביידע געלרענט בהתמדה. מיר פלעגען זיך אָפט קריגען אין לערנען (מחלוקות לשם שמים) און אָפטמאָל אַזוי שטאַרק, אַז מיר פלעגען אָנ־רופען איינער דעם צווייטען „גראָבע קאָפּ״ „גוי איינער״ און ד״ג. אָבער ווי נאָר געענדיגט דעם לערנען, ווייטער גוטע חברים, ביידע צוזאַמען געלערענט, ביידע פאַרבראַכט אין דער ליידיגער צייט.

נאָר ניט איינעם פון אונז איז אַרויף אויפ׳ן זינען, לערנען תנ״ך, קוקען אַן השכלה ספר, אָדער לערנען די לאַנד שפּראַך. מעהר ווי די גמרא און אַ מפורש האָבען מיר אין האַנט ניט געהאַלטען און ניט געקלערט וועגען דעם, נור די גמרא מיט די מפרשים, אַ קשיא, אַ תירוץ עפּעס אַ חידוש אויפטהאָן, פאַרענטפערען מהרשא״ס אַ „ויש לישב״. דאָס איז געווען אונ־זער גאַנצער פאַרגעניגען, מעהר האָבען מיר ניט באַדאַרפט, מעהר האָבען מיט ניט געזוכט, אפילו קיין וועלטלאַכע — גשמיות־פאַרגעניגען אויך ניט געזוכט, באַנוגענט זיך מיט די „ד׳ אמות של הלכה״. געגעסען און געלרענט, געלרענט און געגעסען. קיין אַנדער זיך ניט געוואוסט.

אויף חנוכה האָט אונז דער ברודער גענומען אויף עט־ליכע טעג צו זיך. דערנאָך צוריק אין שטאָדט, און געלערענט. מיר האָבען געלערענט ביידע דאָרטען כמעט אַ יאָהר צייט. מיר זיינען קלאָר געוואָרען צוויי מסכות „שבת און ערובין״.

נאָכדעם אָרום נאָך תשעה באב האָבען מיר זיך צושיידט. ער איז אַוועק צו זיינע עלטערען, און איך בין אויך געפאָהרען אַהיים זעהן זיך מיט מיינע עלטערען, וואָס איך האָב זיי ניט געזעהן אַ יאָהר און אַ האַלב.

67

## איך קום אַהיים, דערוויס ניט דער מאַמען, געה מיט מיין ברודער אהרן צופוס אין מינסק געוואָר ווערען אונזער קראַנקע מוטער

פרעהליך בין איך געפאָהרען אַהיים. פול מיט האָפע־נונג, אַז איך וועל פאַרברענגען גוט מיין צייט. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, די שמחה וואָס וועט זיין ביי אונז אין הויז, אַז מיינע עלטערען וועלען מיך דערזעהן. די פרייד פון מיין מוטער אַז זי וועט דערזעהן איהר מוזיניקעל, ווי איך בין אויסגעוואַקסען פאַר דער צייט, זינט איך בין אַוועק פון זיי און שוין געוואָרען אַ שטיקעל למדן אויך.

די גאַנצע וועג בין איך געווען פאַרנומען נאָר מיט די געדאַנקען. איך האָב קוים דערלעבט צו קומען צו אונזער הויז. שנעל בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגען, אַריינגע־לאָפען אין הויז. מיין פאָטער איז מיר געקומען אַנטקעגען, מיט אָפענע אָרימס אַרומגענומען מיך, האָט מיך געקושט. איך האָב איהם באַלד אַ פרעג געטהאָן — וואו איז די מאַמע? — האָט ער מיר אומעטיג געענטפערט — אַז די מאַמע איז אין מינסק געפאָהרען צו אַ דאָקטער. זי איז קראַנק געווען. מיין שמחה איז פאַרקערט געוואָרען צו טרויער. איך בין געזעסען אַ צייט און געוויינט, נור דער טאַטע האָט מיך געטרייסט, אַז זי איז שוין געזונד און אין אַכט טעג אַרום וועט זי קומען.

עטליכע טעג האָב איך פאַרברעכט מיט מיין ברודער א׳ און מיט זיין פרוי, (זיי זיינען צוזאַמען מיט מיינע עלט־רען געווען). דער טאַטע איז געווען פאַרנומען מיט זיין אַר־

בייט, די מאַמע איז ניטאָ. מיר איז שוין ניט אנגענעם געווען צו זיצען אין דער היים, מיר האָט זיך שוין געגלוסט פאָהרען צוריק צו מיין ברודער מ"ה.

אין א פּאָר וואָכען ארום האָבען די איוועניצער בעהע"ג וואָס פאָהרען פון מינסק אין איוועניְ דורך אונזער דאָרף, (מיר האָבען דאַמאָלסט געוואוינט אין אַ דאָרף נעבען איוועניְ, גע־האַלטען אין אַרענדע אַ ברויז), האָבען זיי געבראַכט דעם טאַטען אַ בריף, פון מיין שוואָגער פון מינסק (די מאַמע איז ביי זיי געזעסען). ער שרייבט אַז דער טאַטע זאָל קומען וואָס גיכער קיין מינסק, ווייל די מאַמע איז געפעהרליך קראַנק. איך מיט'ן ברודער זיינען מיר געלאָפען באַלד אין דאָרף קריי־גען אַ פוהר קיין מינסק. נור די פויערים האָבען פאַר קיין אופן ניט געוואָלט פאָהרען אזא נסיעה, וואָס אהין און צוריק דאַרף געווערען אַ דריי טעג. און דאָס איז געווען אַרבעט צייט ווען מען נעמט אַראָפּ די תבואה פון די פעלדער.

מיר האָבען זיך עצות געהאַלטען וואָס צו טהאָן. דעם טאַטען לאָזען געהן צו פוס איז פאַר איהם צו שווער. איז געבליבען אַז איך מיט'ן ברודער זאָלען מיר ביידע באַלד געהן דורכ'ן נאַכט וועלען מיר קענען אויף שבת קומען קיין מינסק, (דאָס איז אַ מהלך פון זיבען רוסישע מייל). קיין פולע מעהר ניט געטראַכט, מיר האָבען זיך צוגעגרייט און פאַר נאַכט זיי־נען מיר אַוועק אין וועג. דער טאַטע האָט אונז אָנגעזאָגט מיר זאָלען ניט געהן צו גיך, און זאָלען זאָגען אויפ'ן וועג תפלות הדרך. (ער האָט אונז געגעבען זיין קליין סדור'ל).

אַ וויאָרסט צעהן זיינען מיר אָפּגעאַנגען ביז די זון איז פאַרגאַנגען. אין דער ליכטיגקייט מיט פרישע כחות. דער וועטער איז געווען שעהן. אַ שטיל ווינטעלע האָט געבלאָזען, זיינען מיר געגאַנגען מיט פאַרגעניגען, גאַנץ גיך. דערנאָך אַז די זון האָט גענומען אונטערגעהן, איהרע שטראַהלען האָבען מעהר ניט געשיינט אויף די שפּיצען פון די בוימער. וואו ניט וואו האָבען זיך שוין אָנגעהויבען ווייזען שטערען אויפ'ן

הימעל. די לבנה האָט שוין אויך אָנגעהויבען טונקעל צו באַ־
ווייזען זיך. עס איז געוואָרען אַביסעל אומעטיגלאַך. די פיס
האָבען אויך אָנגעהויבען פיהלען מידקייט, נור אָפּשטעלען זיך
האָבען מיר ניט געוואָלט. זיינען מיר לאַנגזאַם געגאַנגען ביז
אַזייגער דריי נאָך האַלבע נאַכט. די לבנה האָט געשיינט,
האָט אַביסעל באַלויכטען אונזער וועג. זיינען מיר געקומען
ניט ווייט פון דער שטעדטעל ראק׳, אריין אין שטעדטעל אין
מיטען דער נאַכט האָבען מיר ניט געוואָלט, האָבען מיר אין
וואַלד פאַאַנדערגעלייגט אַ פייער און מיר האָבען זיך געזעצט
אויסרוהען, גערעדט צווישען זיך, מיר זאָלען ניט איינשלאָפען.
נור מיד זיינען מיר געווען, שלאָפען האָט זיך שטאַרק געוואָלט,
זיינען מיר ביידע איינגעשלאָפען.

אָפּגעשלאָפען ביז די פויגלען האָבען אָנגעהויבען זינגען
זייערע מאָרגען לידער, עס איז שוין ליכטיג געוואָרען האָבען
מיר זיך אויפגעכאַפּט. איך האָב געפיהלט זעהר גוט, אויסגע־
רוהט, אָפּגעפרישט זיך, קרעפטיג, און געווען גרייט צו געהן
ווייטער, אָבער דער ברודער האָט זיך אָנגעהויבען באַקלאָגען,
אַז ער פיהלט ניט גוט, עס טהוט איהם וועה אין האַלז און
האָט קאָפּ שמערצען (ער האָט זיך צוגעקילט שלאָפענדיג).
היינט וואָס טהוט מען דאָ פאַרטאָג אין מיטען וואַלד? וואָס
קען מען טהאָן? עס איז ניט גוט! נאָר בלייבען אין וואַלד
קען מען דאָך ניט, מען מוז געהן. מיט מאַטערניש האָט ער זיך
אויפגעהויבען און מיר זיינען לאַנגזאַם געגאַנגען. איהם איז
אַביסעל גרינגער געוואָרען, האָבען מיר זיך אין שטעדטעל אויך
ניט אָפּגעשטעלט. מיר זיינען אַזוי געגאַנגען ביז אַזייגער צוויי
ביי טאָג, פאַרשלעפּט זיך ביז׳ן דאָרף שטרעש׳ דריי מייל פון
מינסק.

מיר זיינען אַריין אין קרעטשים, (אַ איד האָט זי געהאַל־
טען אין אַרענדע). מיין ברודער האָט זיך באַלד אַוועקגעלייגט
אויף איינער פון די לאַנגע בענק. איך האָב זיך געזעצט אַ
פאַרצווייפעלטער נעבען איהם, און געקלערט, וואָס מען טהוט,

ווי קומט מען אָן קיין מינסק? עס איז ערב שבת, דער זייגער איז שוין נאָך דריי. עס איז ביז נאַכט מעהר ניט אַ שעה פיער. מיר האָבען נאָך ביז מינסק דריי מייל, בלייבען דאָ קענען מיר אויך ניט, מיר מוזען זיין וואָס גיכער אין מינסק. דער ברודער איז קראַנק, ער קען ניט געהן צופוס. ווי איך בין געזעסען און געטראַכט, איז דער בעל הבית צוגעגאַנגען צו אונז און האָט געפרעגט — וואוהין געהען מיר? — איך האָב איהם דער־צעהלט די גאַנצע געשיכטע. ער האָט מיר גאָרנישט געענט־פערט, נור אַ קראַץ געטהאָן די קאָפּ און אַוועק אויף גיך. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער אונז אָנגענומען ניט פאַר גרויסאַרטיגע אורחים, אַז קיין געלט וועט ער פון אונז ניט פאַרדינען, מיר זאָלען ביי איהם בלייבען איבער שבת, וואָרים באַלד האָט ער געבראַכט אַ פויער מיט פאָר פערד, געשפּאַנט אין אַ גרויסען וואָגען אויסגעבעט מיט היי, און אריין געזעצט מיין ברודער (איך בין אליין אריין), און געהייסען דעם פויער פאָהרען אויף גיך.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין מינסק פאַרנאַכט, אַז די בענטש־ליכט האָבען שוין געשיינט דורך די פענסטער. געקו־מען צו דער שוועסטער, דערוויסט אונזער מוטער, אַז זי איז בעסער געוואָרען. צום ברודער האָט מען גערופען דעם הויז דאָקטער (ישראל דעם רופא) ער האָט איהם געגעבען אַ רפואה. ביז אין דערפריה איז ער געזונד געוואָרען און אין אַ פּאָר טעג ארום זיינען מיר אלע דריי געפאָהרען אהיים.

דער ברייזעל וואָס מיין פאָטער האָט געהאַלטען, האָט גע־געבען ווינציג פרנסה פאַר אונז און פאַר דעם ברודער. האָבען זיי איהם געלאָזען דאָ און זיי זאָלען אַרויס פאָהרען קיין ברע־זען צו מיין ברודער יודעל, און איך זאָל פאָהרען צוריק צו מיין ברודער מ״ה, לערנען ווידער אין מאלאד׳.

נאָך ראש השנה האָב איך זיך געזעגענט מיט מיינע על־טערען און מיט׳ן ברודער א׳, וילך יעקב לדרכו, מיין פאָטער יעקב איז אַוועק אין זיין וועג קיין ברעזען. דאָרטען איז ער

געוואָרען אַ מלמד אין תלמוד תורה, תורה האָט ער געהאַט מעהר ווי די שכירות וואָס ער האָט גענומען, נאָר פּאַר אַ פּאָר אַלטע לייט אין יענער צייט איז גענוג געווען די שכירות צו מאַכען אַ לעבען בדחק. איך בין אַוועק צום ברודער מ"ה, געזעסען ביי איהם ביז נאָך סוכות. פאָהרען צוריק אין מאלאד' האָב איך ניט געוואָלט, מיר האָט זיך געגלוסט פאָהרען אין וואָלאָזשענער ישיבה. מיין ברודער האָט געזאָגט, אַז איך וועל ניט קענען דאָרטען לערנען, ווייל איך בין צו אָרים, מען דאַרף דאָרטען דינגען קעסט. נאָר איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל דאָס גרייכען, אין דבר העומד בפני הרצון, אַז מען וויל קען מען גרייכען. און איך בין אַוועק קיין וואָלאָזשען.

## 68
# וואָלאָזשענער ישיבה

איך זאָל נעמען באַשרייבן די גרויסקייט פון וואָלאָזשינער ישיבה, (ישיבת „נשמת חיים", זי רופט זיך מיט דעם נאָמען, ווייל דער גאון וצדיק ר' חיים זצ"ל, דעם ווילנער גאונ'ס זצ"ל, תלמיד האָט מיסד געווען די ישיבה, רופט זי זיך דערום „נשמת חיים") באַשרייבען די ישיבה איז איבעריג. המפורסמים אין צריכין ראיה, די ישיבה איז מפורסם אויף דער גאַנצער וועלט. זי איז געשטאַנען אין דער גרעסטער גייס־טיגער מדרגה, פון דער וועלט ישיבות. נור ווען איך רעד ווע־גען איהר, האַלט איך פאַר אַ חוב קדוש, איך זאָל שרייבען וועגען איהר עטליכע ווערטער, וואָרים זי איז ביי מיר איינגע־קריצט אין האַרצען, אין מיין נשמה ליעב און טייער עד היום, ווייל איך בין געווען אַ תלמיד אין דער ישיבה נאָהענט פון דריי יאָהר צייט, ביי דעם גאון וצדיק נצי"ב זצ"ל, פון דעם יאָהר תרל"ג ביז תרל"ו. איך בין דאַן אַלט געווען 15 יאָהר.

וואָלאָזשענער ישיבה (אין יענער צייט) איז געווען דער צענטער, די האַרץ פון דעם אידישען גייסט, די אידישע נשמה, די אַמאָליגע „יבנה", דער מקור התורה, דער באר מים חיים,

דער ברונעם, וואָס האָט געפליסט קלאָרע, קוועליגע וואַסער. מיט איהר תורה האָט זי אָנגעטרונקען אַלע אידישע שטעדט און שטעדטלאַך. פיעל גדולי ישראל האָט זי אַרויס געגעבען, וואָס האָבען מיט זייער תורה והכמה באַלויכטען די אידישע וועלט. זי האָט געגעבען גייסטיגע שפייז פאַר גאַנץ רוסלאַנד און פוילען. ביי דריי הונדערט בחורים און ביי צוואַנציג, דרייסיג „פרושים", יונגע לייט מוסמכים, מופלגי תורה האָבען זיך דאָרטען געפונען. פון אַלע עקען וועלט, רייכע און אָרימע האָבען פאַרלאָזען זייערע היימען און געקומען לערנען אין דער ישיבה. ביי צוואַנציג גרויסע טישען זיינען געווען באַזעצט אַרום זיי מיט ישיבה בחורים. אַלע געזעסן פאַרטיפט אין זייערע גמרות און פוסקים. מיט זייער זיסען קול „הקול,קול יעקב" פלעגען זיי צוציהען יעדער אידישע האַרץ, פול מאַכען מיט אַן עונג רוחני און פיהלען ליעבשאַפט צו דער תורה מיט איהרע לערנער. קוקענדיג ווי אַזוי פיעל יונגע לייט גיבען אָפּ זייערע כחות, זייערע בעסטע יונגע יאָהרען, צו לערנען תורה.

ראש ישיבות זיינען געווען: דער גרויסער גאון וצדיק הנצי"ב (ר' נ'פתלי צ'בי י'הודה ב'ערלין זצ"ל), און זיין איידעם הגאון הצדיק ר' רפאל שפירא, זצ"ל (ער איז געווען נאָכדעם דער אב"ד אין באָברויסק) ר' רפאל'ס איידעם הגאון ר' חיים סאָלאָווייציק (ער איז געווען בריסקער אב"ד שפעטער) בן הגאון הגדול ר' יוסף מסלוצק זצ"ל. ר' חיים איז נאָך דאַן געווען אַ יונגער מאַן, ער איז שוין דאַן אויך געווען אַ גאון נאָר דעם שיעור האָט ער ניט געזאָגט. אָט די צוויי גרויסע גאונים פלעגן זאָגען דעם שיעור איבער אַ טאָג, דער נצי"ב זצ"ל פלעגט זאָגען דעם שיעור גמרא על דרך הפשט אָהן פלפול, אָהן דרעהדלאַך. ער האָט זיך באַנוצט מיט די ראשונים. ר' רפאל ז"ל פלעגט זאָגען דעם שיעור על דרך הפלפול פאַרשיידענע מיינונגען איז געווען. פיעל האָבען ליעב געהאט דעם נצי"ב'ס זאָגען, און פיעל ר' רפאל'ס. דער נצי"ב פלעגט זאָגען אַלע טאָג נאָכ'ן דאַווענען אַ פרשה חומש פון דער וואָך. דער

חומש איז אָפּגעדרוקט געוואָרען). אַ גאַנצען טאָג פלעגט ער זיצען אין דער ישיבה ביי זיך אין צימער (אין תפילין) פלעגט אָפּט אַריינלויפען אין דער ישיבה אַכטונג געבען צי לערענט מען. און אָפּשטעלען זיך נעבען דעם ישיבה בחור, וואָס פלעגט אַרוים פון זיין אָרט מיט דער גמרא אין האַנט, אַ צייכען אַז ער וויל עפּעס פרעגען. ריכטיג ווי דער דאָקטאָר שטעלט זיך אָפּ אין האָספּיטאַל ביי יעדער חולה באַקוקען איהם וואָס איהם פעלט, פלעגט שטעהן אַזוי לאַנג לעבען ישיבה בחור ביז וואַנען ער פלעגט איהם ענטפערען אויף זיין פראַגע. ר' חיים סאָלאָווייציק ז"ל פלעגט אויך זיצען אין דער ישיבה אין זיין צימער דעם גאַנצען טאָג. מיר פלעגען אַריין צו איהם פרעגען שאלות, קשיות. ער פלעגט אַלעמען ענטפערען פלינק, מיט גרויס חריפות. מיר פלעגען פאַרלאָזען זיין צימער, מיט גרויס באַגייסטערונג. ער פלעגט אונז צו נעמען בסבר פנים יפות. חבל על דאבדין!

אין יענעם יאָהר איז אָנגעקומען אַ משגיח אין דער ישיבה, ר' שמעון נאָוויגראָדסקי ז"ל פון ווילנא. אַ איד אַ בן ששים, אַ גדול בתורה. ער פלעגט זיצען אויבען אָן איבער אַ גמרא דעם גאַנצען טאָג אין דער ישיבה. די ישיבה בחורים, כמעט אַלע זיינען געווען אומצופרידען פון זיין אָנקומען. זיי האָבען דאָס געהאַלטען פאַר בזיון מען זאָל נעמען אַ משגיח, ער זאָל אַכטונג געבען אויף זיי. דער משגיח פלעגט פיעל ליידען פון זיי. ווען ער פלעגט אַריין אין דער ישיבה, אָדער אַרויס, פלעגען אַלע בלייבען שטיל פון לערנען, נאָר זיי פלעגן שאַקען ש-ש-ש, ער פלעגט דורכגעהן די ישיבה מיט א צופלאמטען פנים. דאָס האָט געדויערט א לאנגע צייט ביז מ'איז צוגעוואוינט געוואָרען. די פיהרונג איז געווען דאָס דער וואָס האָט בעדארפט אָנקומען אין דער ישיבה, האָט געמוזט ברענגען א בריף פון א רב פון זיין שטאָדט אדער פון א גביר מפורסם. איך האָב קיין בריף ניט געהאט, ווייל איך בין געווען א ישיבה בחור אָהן א שטאָדט, מיין פאָטער האָט זיך אין דער צייט

אריבערגעצויגען פון אווינ. קיין ברעז. איך בין אוועק פון מיין ברודער אין איזונ. און געקומען אין וואָלאָזשין א ברעז. בין איך געוועזן מסופק צו וועט מען מיך צונעמען.

שמואל דער באַלעגאָלע האָט מיך פארפיהרט צו א שניי־דער (איך געדענק ניט זיין נאָמען) נעבען דער ישיבה. ביי איהם זיינען איינגעשטאַנען ישיבה בחורים. די וואָלאָזשינער באַלעבאטים האָבען געהאט פרנסה פון די ישיבה בחורים, קרע־מער, באלמעלאָכעס. דריי הונדערט בחורים, פון זיי פילע רייכע גיבען אויס זייער געלט און קיין געשעפטען פארנעמען זיי ניט, דארום האָבען די באלעבאטים דרך ארץ געהאט פאר די ישיבה בחורים.

אז שמואל דער באלאגאָלע האָט מיך אריינגעפיהרט צום שניידער, האָט ער זיך דערפרעהט, ווי ער האָט דערזעהן מיך אריינקומענדיג מיט׳ן פעקעל, ווארום ביי איהם איז געשטאנען א ליידיגע בעטעל, וואָס האָט געווארט, אז א ישיבה בחור זאָל זי פארנעמען. דער שניידער איז געלאָפען אנטקעגען מיר, צו־גענומען מיין פעקעלע, אנידערגעלייגט אויף דער ליידיגער בעטעל און גענומען מיר אויסדערצעהלען די מעלות פון זיין אכסניא, און ווי זיין ווייב קאָכט זעהר גוט און די קוואַרטיר קאָסט מעהר ניט ווי צעהן גילען א חודש, געלט צאָלט מען נאָכ׳ן חודש, און נאָך, און נאָך מעלת, נאָר איך בין געוועזן געוואָרען, אז ער איז אוועק צו זיין ארבייט און געלאָזען מיך אליין, ארומזעהן זיך וואו בין איך אין דער וועלט.

אין דער צימער וואו די ליידיגע בעטעל איז געשטאנען זיינען געוועזן נאָך דריי בעטלאך פארנומענע פון דריי ישיבה בחורים. דאָס איז געוועזן א זייגער אכט, די ישיבה־לייט זיינען נאָך געוועזן אין דער ישיבה, האָב איך דערווייל געקענט ארומ־קוקען זייער באלעבאטישקייט, אין וואָס באשטעהט זייער פאר־מעגען, וועט מיר ניט אויסקומען שעהמען זיך געגען זיי מיט מיין ביסעל אָרימקייט. איך האָב באַטראַכט זייערע מלבושים (מסתמא די שבת׳דיגע) וואָס איז געהאנגען אויף די וועגט און

זייערע קעסטלאך וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זייערע בעט-
טען, האָב איך פאַרשטאַנען, אז זיי זיינען מיט מיר פון איין
חדר, דיזעלביגע גבירים וואָס איך.

אין א שטונדע ארום זיינען זיי געקומען. אריינגעהענדיג
אין זייער חדר האָבען זיי מיך דערזעהן א פנים חדשות. אָהן
צערעמאָניעס צוגעגאַנגען צו מיר, געגעבען מיר א ברייטען
שלום עליכם, באלד פריינדליך פאַרבראַכט מיט מיר, אויסגע-
פרעגט ווער איך בין און פון וואַנען און פאַרזיכערט מיר, אז
זיי וועלען מיר בעהילפיג זיין אין אלץ. איך האָב אָנגעהויבען
פיהלען היימיש, מיר איז געוואָרען פרעהליכער, בין אחי אנכי
יושב (צווישען ברידער זיץ איך). איך באַטראַכט איצט דעם
אונטערשייד צווישען אמאָליגע ישיבה בחורים ביז איצטיגע
ציוויליזירטע סטודענטען אין דער פרייער מדינה. זעהט ווי גוט
און נאָבעל איז געווען דער אמאָליגער ישיבה בחור, ווי ער האָט
מקרב געווען דעם גר, וואָס איז געקומען אין זייער געזעלשאַפט,
און זעהט איצט דעם ציוויליזירטען סטודענט, ווען עס קומט אָן
צו זיי א נייער סטודענט פאַרפאָלגען זיי איהם, טוהען איהם
אָן כל הצרות ביז ער ווערט א תושב און דערנאָך טוהט ער
דאָס זעלבע דעם גר, ווי זיינע חברים האָבען מיט איהם געטאָן.
אָט דאָס האָט אויפגעטאָן די ציוויליזאַציע!

אויף מאָרגען פריה האָבען זיי מיך אָפּגעפיהרט אין דער
ישיבה און אָנגעוויזען מיר דעם צימער וואו דער נציב זיצט.
אז איך בין אריין צו איהם, איז ער געזעסען אין תפלין פאַר-
טיפט אין א גמרא און האָט ניט באַמערקט מיין אריינקומען.
איך בין געשטאַנען און געציטערט, אָן אימה איז אויף מיר
אָנגעפאַלען טראַכטענדיג אז איך שטעה דאָ פאַר דעם וועלט-
באַריהמטען גאון און מיין שיקזאַל וועט ענטשיידען ווערען
באַלד פון איהם, לשבט או לחסד, צי וועט ער מיך צונעמען
אין דער ישיבה אָהן א בריף? אז ער האָט מיך דערזעהן, האָט
ער מיך געפרעגט — וואָס פאַרלאַנג איך? שטאַמלענדיג פון
שרעק האָב איך איהם דערצעהלט, אז איך בין געקומען אהער

לערנען, נאָר קיין בריף האָב איך ניט און געזאָגט די סיבה דער-פון. ער האָט מיך באַטראַכט און געפרעגט צי וויל איך לער-נען? געוועהנליך, איך האָב געענטפערט, אַז איך וויל, האָט ער מיר געהייסען געהן צום משגיח ער זאָל מיך פארהערען. דער ליכטיגער פנים פון דעם גאון וצדיק און זיינע ווייכע רייד האָט מיך ערמוטיגט און געגעבען האָפענונג, אַז איך וועל אויס-האַלטען דעם עקזאַמען און צוגענומען ווערען אין זיין ישיבה.

## 69
## מיין אריינגאַנג אין דער ישיבה, מיין עקזאמען ביים משגיח

אַז איך האָב אויפגעעפענט די טיהר פון דער ישיבה בין איך געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל, ניט געקענט געהן וויי-טער. די הונדערטער קולות פון די לערנער האָבען פארטויבט מיינע אויערען. פינסטער איז מיר געוואָרען אין די אויגען, ניט געקענט אריבערטראָגען די בליקען פון די הונדערטער אויגען, וואָס האָבען געקוקט אויף מיר. איך בין געשטאַנען אַ פארצווייפעלטער אויף איין אָרט, נאָר מיין חבר אבא שיראַד-קין האָט מיך באפרייט פון מיין פארצווייפלונג, ער האָט מיך דערזעהן איז ער צוגעלאָפען צו מיר, האָט מיך צוגעפיהרט צום משגיח און דערצעהלט איהם, אַז איך בין זיינער אַ חבר פון בלומקעס קלויז (איהם האָט דער משגיח געקאָנט פאַר אַ גוטען בחור) און דער נציב האָט מיך געשיקט צו איהם ער זאָל מיך אויסהערען. דער משגיח האָט מיר געגעבען אַ לייענען אין שבת דף ד' דעם ענין פון „קלוטה כמו שהונחה", אַ בלאַט גמרא מיט די תוספות. איך בין צופרידען אוועק און גענומען אַ גמרא, זיך אוועקגעזעצט נעבען אַ טיש איבער דער גמרא, געקנייטשט דעם שטערען און צוגעגרייט אַ גוטע קשיא פרעגען ביים פארהערער, ווייזען איהם וואָס איך קען (פיליכט נאָך מעהר ווי איך קען), ווייל דערויף איז געהאַנגען מיין גאַנצער שיקזאַל, מען זאָל מיך צונעמען אין ישיבה.

נאָך מעריב האָב איך גענומען די גמרא ווי דער זעלנער זיינע וואפען, ווען ער געהט אויפ'ן שלאכטפעלד און איך בין אוועק צום משגיח. ווי איך האָב פריהער געשריבען, אז די ישיבה לייט זיינען ניט געווען צופרידען, וואָס מען האָט אָנגעשטעלט איבער זיי א משגיח, האָבען זיי געזוכט מיט וואָס דערנידעריגען איהם, וכאן מצאו בעלי חוב לגבות את חובם, דאָ האָבען זיי געקראָגען א געלעגענהייט מיט איהם זיך אָפּרעכענען. מיין חבר אבא סיראָטקין האָט זיי געזאָגט, אז דער משגיח וועט פון מיר האָבעןליידען. עס קען געבען אז ער וועט ניט וויסען וואָס צו ענטפערען מיר אויף מיינע פראגעס. ער האָט מיך פארהערט אין דעם אונטערשטען עטאַזש פון דער ישיבה. פילע פון די ישיבה-לייט, די הויפּט פון זיינע געגנער האָבען זיך ארומגעשטעלט ארום די פענסטער ווי להבדיל די אנשי סדום ארום לוט'ס שטוב און געווארט וואָס דאָ וועט פאָרקומען. איך האָב דאָס באמערקט, האָט מיר פארדראָסען, וואָס דורך מיר קען ארויסקומען א רעה אן אָרענטליכען מענשען, נאָר וואָס האָב איך געקענט בעסער מאכען? געה פרעג איהם קיין קשיות ניט, איך קען דאָך דערפון האָבען דעם גרעסטען שאדען. איך וועל אפשר דורך דעם פארלירען מיין גאנצע קאַריערע. פאַרפאַלען איך מוז טאָן מיינס. איך מוז ווייזען וואָס איך קאָן. איך האָב אָפּגעזאָגט די גמרא מיט די תוספות און געפרעגט וואָס איך האָב צוגעגרייט, ער האָט געקנייטשט דעם שטערען, געמאטערט זיך פארענטפערען, נאָר איך האָב זיך ניט געלאָזען. געווען אן אמת'ער שטרייט, א מלחמה של תורה, און איך האָב מנצח געווען און ער איז געבליבען זיצען א באזיעגטער.

די ישיבה לייט האָבען דאָס באמערקט, האָבען זיי געקלאפּט אין די פענסטער, ער איז געבליבען זיצען א צומישטער, נאָר איך האָב איהם ארויסגענומען פון פארצווייפלונג, דערצעהלט איהם, אז איך האָב געלערנט און איך בין קלאָר גוט אין די מסכת שבת, האָט ער מיר געגעבען א מגן אברהם אין הלכות שבת איך זאָל צוטרעפען א קשיה פון גמרא שבת,

דאָס האָט מיר אויך אָפּגעגאָלטען, איך בין א צופרידענער, נאָר מיר האָט באנג געטאָן וואָס דורך מיר האָט דער משגיח גע־ליטען.

אויף מאָרגען גאנץ פריה אז איך בין געקומען אין דער ישיבה האָב איך שוין דערוויסט דארטען דעם נצי״ב, ער האָט מיך צוגערופען און האָט מיר אויסגערעדט, וואָס איך האָב געמאכט בזיונות דעם משגיח. ער האָט מיר געזאָגט — דו לערענסט דאָך שבת, ווייסטו דאָך דעם מאמר, וואָס די גמרא זאָגט — אם קאי רבי וכי״ — אז דיין רבי האלט די מסכתא פרעג איהם ניט אין אן אנדערער. איך האָב זיך פארענטפערט, אז איך האָב קיין בייז ניט געמיינט, נאָר איך האָב דאך גע־מוזט ווייזען מיין פארהערער וואָס איך קאָן. ער האָט מיר געזאָגט, אז איך זאָל זיך פיהרען גוט, איך זאָל לערנען בהתמדה און ער וועט מיך באַזאָרגען. איך האָב איהם צוגעזאָגט אז איך וועל טאָן אלץ ווי ער הייסט און גענומען א גמרא און געזעצט זיך לערנען גלייך מיט אלע ישיבה בחורים.

מיין שמחה איז געווען גרויס, ווי מען וואָלט אָנזאָגען איינעם, אז ער האָט געקריגען דעם גרעסטען אַמט. מען האָט מיר געגעבען פון דער ישיבה פיער רובעל א חודש, דאָס איז געווען א גרויסע געהאלט. פיעלע האָט מען געגעבען צו פופציג און פינף און זיבעציג קאָפּיקעס א וואָך. איך האָב געלערענט בהתמדה. דער נצי״ב איז געווען צופרידען מיט מיר און דער משגיח אויך. איך פלעג אָפּט אריין צום נצי״ב אין חדר פרע־גען ביי איהם א קשיא, אמאָל צו ר׳ חיימ׳ען. איך בין פארע־כענט געווען פון די גוטע ישיבה בחורים.

70

# מיין בעל הבית דער שניידער און דער נצי״ב ז״ל האָבען גורם געווען

אז איך האָב אָנגעהויבען לערנען תנ״ך און אריינקוקען אין השכלה ספרים.

אין די חדרים האָבען מיינע רביים מיט מיר קיין תנ״ך ניט געלערענט, מעהר ניט ווי א קאפיטעל תהילים און די חמש מגילות, אין דער צייט ווען מען לייענט זיי אין שוהל און האָבען אויך ניט מדקדק געווען אז איך זאָל דאָס וויסען, דער עיקר לערנען איז געווען, די גמרא און חומש מיט רש״י, אז מען האָט ביי מיר געפרעגט וואו געפינט זיך דער אדער דער פסוק איז מיין ענטפער געווען — אָט אין דער אדער אין דער מסכתא, ווייל איך האָב געוואוסט דעם פסוק ניט פון תנ״ך, נאָר וואָס איך האָב איהם אין גמרא געלערענט. זיצענדיג אין וואָלאָזשין עטליכע חדשים האָב איך אָנגעהויבען לערנען תנ״ך און אריינקוקען אין השכלה ספרים און דער גורם דערפון איז געווען, דער ערשטער מיין בעל הבית דער שניידער און דערנאָך דער נצי״ב ז״ל. איהר קענט זיך געווים וואונדערען ווי קומט דאָס אז א שניידער זאָל מיך מוסר'ן וואָס איך לערען ניט קיין תנ״ך? נאָר אויף א מעשה פרעגט מען קיין קשיא ניט.

אָט וואָס עס האָט פאסירט. מיינע שכירות, וואָס איך האָב גענומען פון דער ישיבה איז געווען א רובעל א וואָך (ווי איך האָב פריהער געשריבען) נו, קען מען לעבען מיט א רובעל א וואָך? אפילו מען זאָל מקים זיין ריכטיג, ווי אונזערע חכמים האָבען געזאָגט: „כך היא דרכה של תורה: פת במלח תאכל" (אז לערנען זיך תורה דארף מען זיין צופרידען עסען ברויט מיט זאַלץ), נאָר דערויף איז אויך ווינציג געווען, אפילו אמאָליגע יאָהרען ווארום פון דעם האָב איך באדארפט צאָלען דירה-

געלט און די שניידערקע האָט אויך בעדאַרפט עפּעס פאַרדינען פון דעם עסען וואָס זי פלעגט צוגרייטען פאַר מיר, איז נאָך אלעמען בין איך געבליבען א בעל חוב, נאָר מיין גוטער בעל הבית האָט געוואָרט ביז מען וועט מיר אונטערשיקען געלט פון דער היים) נאָר אז ער האָט דערזעהן, אז עס איז אריבער עטליכע מאָנאַטען, איך ערהאַלט בריף פון דער היים, נאָר ליי־דיגע, דאן איז ער ארויס מיט לשון, מיט א „ויצעקו" שרייען מיט'ן הארבען וואָרט, אז ער וועט מיך ארויסזעצען פון קוואר־טיר. איך האָב פארשטאַנען פון זיינע רייד, אז ער וועט מקיים פסק זיין, בין איך אוועק צום נצי"ב ז"ל און דערצעהלט איהם וואו עס האלט מיט מיר, האָט ער מיר געהייסען איך זאָל אנ־שרייבען צו מיין פאָטער א בריף ער זאָל מיר שיקען געלט (ער האָט געמיינט, אז מיין פאָטער וויל ניט, און ניט גע־וואוסט, אז ער קען ניט) און ער וועט אונטערשרייבען אין מיין בריף, אז מיין פאָטער איז מחויב צו העלפען מיר, ווייל איך לערען זיך זעהר גוט.

איך האָב אָנגעשריבען מיין בריף און געגעבען איהם ער זאָל אונטערשרייבען, אז דער נצי"ב ז"ל האָט איבערגע־לעזען מיין בריף, זאָגט ער צו מיר — ברעזענער! לערנען וועסטו איה"ש און אויב דו וועסט לערנען, וועסטו קענען. אָבער שרייבען קענסטו גאר ניט.

די ווערטער זיינע האָבען אויף מיר שטארק געווירקט, און טאַקע יענעם טאָג האָב איך געקריגען א תנ"כ'ל און אָנגעהויבען לערנען. ביינאכט האָב איך פאר'ן שלאָף געלעזען א השכלה ספר. דער ערשטער ספר איז געווען דער „אהבת ציון" (מאפּעס) איך בין זיך מודה, אז עס פלעגט מיר זעהר שווער אָנקומען איבערלעזען א בלעטעל „כל התחלות קשות". פון אָנפאנג איז שווער, נאָר לייכט ווערט נאכהער. ווייטער, ווייטער איז מיר אלץ גרינגער געווען, אז איך האָב געקריגען דערצו גרויס חשק, אָבער אין דער ישיבה איז געווען פארווערט צו לעזען ספרים חצונים. איך האָב געקלערט, דאָס איז דאָך ווי אין גלות

מצרים, קיין שטרוי גיט מען ניט און ציגעל הייסט מען מא־
כען. קיין השכלה ספרים טאָר מען ניט קוקען און שרייבען
דאַרף מען קענען, האָב איך געטאָן דאָס באהאלטענערהייט ווי
א סך ישיבה בחורים טוען.

עס האָבען זיך געפונען אין דער ישיבה א סך משכילים,
קענער אין העברעאיש אויך אין אנדערע שפראכען, און דער
נצי״ב ז״ל האָט זיי ליעב געהאט, ער האָט געוואוסט אז זיי
לערנען דאָס בשתיקה, נאָר מתיר זיין דאָס האָט מען ניט גע־
טאָרט, ד. ה. „פטור, אבל אסור". איך בין באקאנט געווארען
מיט יענע ישיבה לייט און זיי האָבען מיר געהאָלפען אין מיין
לערנען. איך האָב שוין מיט דער צייט געלעזען די שירי שפת
קודש, אדם הכהן'ס און אונטערזינגען די שירים (מיין זינגען
האָט געהאט איין טעם מיט מיין שרייבען), נאָר די גמרא
לערנען האָט ניט געמינערט, געלערענט מיט התמדה די גאנצע
דריי יאָהר. איך בין קלאָר געווארען. אין דער צייט כמעט גאנץ
סדר מועד, די דריי בבא"ס און חולין מיט'ן ערשטען חלק
יורה דעה.

## 71
## מיין בריף און דער קומען פון מיין פלימעניק ד. ב. האָבען פאַרבעסערט מיין לאַגע

מיר האָט זיך געלעבט גוט די גאנצע צייט, זאָט אין גשמיות
און אין רוחניות.

מיין בריף מיט דעם נציב"ס ז"ל אונטערשריפט, האָב איך
אָפּגעשיקט צו מיין פאָטער, אז מיין פאָטער האָט איבערגעלע־
זען דעם נציב'ס אונטערשריפט, ווי ער לויבט מיר זעהר, האָט
איהם זעהר געפרעהט, אבער געלט שיקען, דאָס איז פאר איהם
געווען אונמעגליך (א מלמד אין יענער צייט) איז ער אוועק
מיט'ן בריף צו דעם רב (א רב איז דאן געווען ר' יאָסעלע סלוצ־
קער'ס, ז"ל א זוהן), אז ר' מאיר האָט איבערגעלעזען דעם

נציב'ס בריף, האָט ער באלד אָנגעשריבען א בריף צום נצי"ב, מיט די ווערטער: הבחור שוקד בלמודו, והוא יראה ברכה בו, לכן מן הראוי להעניקהו מקופת הישיבה כדי צרכו. (ד. ה„ אז דער בחור לערענט פלייסיג און ער געפינט אז ער וועט ווע־רען א רעכטער מענש, בעדארף מען איהם אונטערהאלטען פון דער ישיבה, געבען איהם פיעל ער דארף). מיין פאָטער האָט ר' מאיר'ס בריף אָפּגעשיקט צו מיר און איך האָב איהם אי־בערגעגעבען צום נצי"ב ז"ל, ער האָט איבערגעלעזען דעם בריף, האָט ער ז"ל געזאָגט מיט די ווערטער, אביסעל מיט רוגז.

— ר' מאיר הייסט! נו, געה לערנען!

ר' מאיר'ן האָט דער נצי"ב בעדארפט פאָלגען. ערשטענס איז ער א זוהן פון הגאון המפורסם ר' יאָסעלע סלוצקער ז"ל, און צווייטענס, איז ר' מאיר א רב אין שטאָדט בערעזין. בע־רעזין איז דאן געווען א שטאָדט פון די גרויסע גבירים „זעל־דאָוויצעס, זיי האָבען געצאָלט אויף וואָלאָזשינער ישיבה א פולע געלט יעדען יאָהר און איך בין געווען דער איינציגער ישיבה בחור פון דאָרט אין וואָלאָזשין.

בקיצור מען האָט אָפּגעצאָלט מיין באלעבאָס וואָס פון מיר האָט געקומט און געהייסען איהם ער זאָל מיך ווייטער האלטען. איך האָב געלערענט בהתמדה, צייטענווייז געזעסען א גאנצע נאכט און געלערענט.

„אין לך אדם שאין לו שעה", זאָגען אונזערע חכמים. (עס איז ניטאָ א מענש ער זאָל ניט האָבען זיין גוטע צייט), דעם ישיבה בחור טרעפט אויך א גוטע צייט. מיר האָט אָנ־געהויבען צו געהן גוט, אויסער וואָס מען האָט מיר געגעבען פון דער ישיבה אויף מיינע הצטרכות, האָט מיר געטראָפען נאָך א גליק, מיין שוואָגער פון מינסק ר' מ. ש. ז"ל האָט צוגעשיקט זיין זוהן (אין מיין עלטער) „דב"ש" איך זאָל מיט איהם לערנען אין דער ישיבה און זיין מיט מיר אויף מיין קווארטיר. מיין שוואָגער איז געווען א פארמעגליכער, האָט ער געשיקט זיין בחור אויף זיין אייגענעם קאָסט, פלעגט ער אונז שיקען יעדע

וואָך מיט שמואל דעם באַלעגאָלע א ווייסען ברויט (שיטניצע בלע"ז) מיט קעז און פּוטער און ד. ג. איך האָב געהאַט גוט פון חלב און פון דבש. מיר זיינען געשטאַנען צוזאַמען, געלע־רענט און פאַרבראַכט צוזאַמען, דאָס איז געווען די בעסטע צייט אין מיין לעבען (מעג איך זאָגען), ווייל איך האָב געהאַט פאַרגעניגען אי אין גשמיות אי אין רוחניות. געהאַט פאַרגע־ניגען לערנענדיג און נאָכ'ן לערנען, אויפגעטאָן א שטיקעל נייעס אין דער גמרא, געפרעגט ביים ראש ישיבה א רעכטע פראַגע איז דאָס געווען דער גרעסטער געווינס.

איך געדענק, דאָס איז געווען יום טוב שבועות, מיר האָבען אָפּגעגעסען וואַרמעס זיינען מיר ארויס דורכגעהן זיך אביסעל, אונז איז אויסגעקומען צו געהן ארום דער ישיבה, ערשט מיר זעהען ווי דער נצי"ב ז"ל שטעהט אויפ'ן גאַניק פון דער ישיבה. אומקערען זיך צוריק האָט ניט געפּאַסט (ער האָט אונז געזעהן), ווי מיר זיינען צוגעגאַנגען נעהענטער, זאָגט ער צו אונז מיט אזוינע גוטע רייד — א ברכה אויף אייער קאָפּ קינדער, וואָס איהר געהט לערנען אין דעם טאָג פון יום טוב, יום מתן תורתנו. מיר האָבען שוין געמוזט אריין אין דער ישיבה און זעצען זיך לערנען. אָט מיט דעם אופן האָט דער צדיק פול געמאַכט די ישיבה מיט בחורים, און איז אריין אין דער ישיבה אָפּגעזעסען ביז מנחה, מען זאָל זיך ניט פאַנאַנדערגעהן. ניט ווילענדיג האָבען מיר געמוזט זיצען און לערנען. ווי מען זאָגט: וואָס קען א פליג טאָן דעם לייב? איז כאַטש א זינג טאָן איהם אין אויער. מיר האָט זיך געוואָלט עפּעס אָפּטאָן דעם נצי"ב, איך האָב דאַן געלערענט חולין, האָב איך איהם א פרעג געטאָן אין דער סוגיא „התיר רבי את בית שען", ער איז אָפּגעשטאַ־נען נעבען מיר א מינוט צעהן (ער האָט פיינט געהאַט מדהה זיין בקש) איך האָב דערפון געקליבען א געטליכען פאַרגעניגען.

אָט אזעלכע פאַרגעניגענס האָב איך געהאַט, וועלכע איך וועל קיין מאָל ניט האָבען, דאָס האָט מיר פאַרשאַפט די וואָלאָזשינער ישיבה.

איך האָב אָנגעהויבען לערנען פּוסקים, שניידען זיך אויף רבנות, דורכגעלערענט דעם ערשטען חלק יורה דעה, נאָר ווי עס וויייזט אוים האָט זיך פאר מיר נאָך ניט אויסגעבויט קיין שטעדטעל, האָט זיך מיר פאַרוואָלט פאָהרען אהיים, זעהן זיך מיט די עלטערען, וועלכע איך האָב ניט געזעהן העכער דריי יאָהר צייט. דער נצי"ב ז"ל האָט מיך געבעטען איך זאָל זיך אָפּשטעלען ווייטער לערנען, נאָך א פּאָר יאָהר צייט, אבער איך האָב ניט געוואָלט. ער האָט מיר געגעבען א מכתב תהלה (אָטעסטאָט) זעהר א פיינעם (הוא עודני ת"י) אויך ר' שמעון דער משגיח האָט מיר געגעבען אזא בריף. איך האָב זיך מיט זיי געזעגענט און מיט אלע ישיבה בחורים, פילע פון זיי האָבען מיך באגלייט ביז'ן הינטערן שטאָדט, דאָס איז געווען סוף שנת תרל"ה לסדר „ברוך אתה בצאתך" (אזוי האָט גע־שריבען דער משגיח אין זיין בריוו) און איך בין אװעקגע־פאָהרען מיט דעם זעלביגען באלעגאָלע שמואל וואָס האָט מיך געבראכט אין וואָלאָזשין.

מיינע עלטערען ע"ה האָבען זיך זעהר דערפרעהט מיט מיר, איבערהויבט די מאמע, עפּעס ניט קיין קליינינקייט, דער־לעבט אז איהר מוזשיניקעל האָט געענדיגט וואָלאָזשינער ישיבה שוין כמעט א האלבער רב. איך בין אָפּגעזעסען עטליכע וואָ־כען מיט פארגעניגען. דער פאָטער האָט מיך געפיהרט צום רב ר' מאיר ז"ל, ער האָט מיך פארהערט. דער טאָטע איז זאָט געװען מיט נחת הערענדיג ווי ר' מאיר לויבט מיך. איך וואָלט נאָך געזעסען ביי די עלטערען, זיי האָבען מיך ניט געוואָלט לאָזען פון זיך, נאָר איך האָב ניט געקענט זעהן ווי זיי איז שווער געווען, מאטערען זיך מיט אלע כחות צופרידען שטע־לען מיך, געבען מיר אלעס ניט נאָך זייער פארמעגען, בין איך אװעקגעפאָהרען צו מיינער א שוועסטער אין שטעדטעל לאָ־פּיטש, איך האָב זיך מיט דער שוועסטער כמעט ניט געקענט זיך. זי האָט חתונה געהאט אז איך בין נאָך א קינד געווען פאר א יונגען מאן, שלמה קוזמינאוו, אן אָרענטליכער מענש.

זי האָט געלעבט באַלעבאַטיש. אָט צו דער שוועסטער איטע־גאָלדע ע"ה צו איהר בין איך געקומען פאַר ראש השנה שנת תרל"ו, קיין לאַפּיטש.

72

## די שטעדטעל לאַפּיטש מיט אידרע איינוואוינער

די שטעדטעל לאַפּיטש, זי איז ניט ווייט פון מינסק, ביי 4 באַהן סטאַנציעס, א קליין שטעדטעל אומגעפעהר ביי פופציג פאַמיליעס אידישע. אין גאַנצען איז זי באַשטאַנען פון צוויי גאַסען ווי א דלת, אין דלת צווישעןביידע גאַסען איז געשטאַנען זייער שוהל און נעבען שוהל גאָר ניט ווייט איז געוועזן דער בית־עלמון (קענטיג אז מיט יאָהרען צוריק איז מעהר ניט געוועזן ווי איין גאַס און דער בית־עולם אונטער שטאָדט און נאָכדעם האָט זיך באַזעצט נאָך א גאַס איז דער בית־עולם געבליבען אין מיטען שטאָדט צווישען ביידע גאַסען). די שטעד־טעלדיגע איינוואוינער זיינען געוועזן צוגעוואוינט צו דעם בית עולם מיט די מצבות, וואָס זיי שטעהן נעבען וועג, איז אזוי ווי די פאַרבייגעהער האָבען ניט געשטערט די רוה פון די שוכני עפר, אזוי האָבען די שוכני עפר ניט אָנגעוואָרפען קיין שרעק אויף די פאַרבייגעהער, מען פלעגט געהן פאַרביי דעם בית־עלמין אזוי ווי פאַרביי א בולוואר, וואָס איז באַוואַקסען מיט ביימער און בלומען. די שוהל איז געשטאַנען גאָר נאָהענט פון בית־עולם און אלע כלי מכשירין וואָס ווערען באַנוצט צו א טויטען, די מטה, די טהרה־ברעט, די שווארצע געוואַנט, וואָס מען באַדעקט דעם מת צו דער לויה איז דאָס אַלעס געשטאַנען אין פאָרהויז פון שוהל (פּאָלעש בלע"ז), דערום אז מען האָט בעדאַרפט אריין אין שוהל, האָט מען געמוזט געהן פאַרביי אָט די אלע זאַכען, וואָס דאָס האָט אָנגעוואָרפען אן אומעט, א מורא אויף א פרעמדען מענשען, ווען ער האָט בעדאַרפט אריין אין שוהל, נאָר די איינוואוינער פון שטעדטעל, גרויס

און קליין זיינען געוואוינט געווארען צו דעם און די אלע טרויעריגע כלים האָט ביי זיי אויסגעקוקט ווי זייערע הויז־מעבעל. די שטיפערישע קינדער פלעגען אריינלעגען איינעם אין מטה און ארומטראָגען איהם און שרייען „צדק לפניו יהלך״! אז מען פלעגט שטעלען נעבען שוהל א חופה, פלעגט אויסקומען דעם חתן מיט דער כלה שטעהן צווישען שוהל און בית עולם, אז שטעהענדיג אונטער זייער חופה האָבען זיי געזעהען יענע וועלט.

א באַשטימטער אָרט פאר א מארק און פאר קראָמען איז דאָרטען ניט געווען, נאָר יעדער קרעמער האָט געהאט זיין קרעמעל נעבען זיין הויז וואו ער האָט געוואוינט. קיין גבירים איז דאָרטען ניט געווען, אבער קיין ארימע לייט אויך ניט. דער רייכסטער איד פון דארטען איז באַשטאַנען זיין פארמעגען וואָס ער האָט געהאט אן אייגענע הויז מיט א קראָם פון שניט סחורה, ער איז געווען דער גבאי פון שוהל, דער גבאי פון חברה קדישה און דער גאנצער פיהרער פון דער קהלה. עס זיי־נען געווען קליינע געשעפטסלייט, בעלי מלאכות מכל המינים, דארפס־לייט, עטליכע מלמדים, א רב, א חזן, א שוחט, א שמש, א בעדער, א פאָר שיינקלאך אָהן פאטענטען, א פאָר קצבים. עס האָבען זיך געפונען אָט אין דער קליינער קהילה פילע אידען לומדים, פלעגען זאָגען פאר דעם עולם שבת בייטאָג משנית, עין יעקב און מדרש. קיין ישיבה בחורים איז דאָרטען ניט געווען. עס פלעגען אריינקומען שטאָדטישע בחורים אויף א צייט לערנען. אין דער שטעדטעל בין איך געקומען צו מיין שוועסטער און איך בין דארטען פארבליבען.

# איך בין פאַרבליבען לערנען אין לאַפּיטש

איך האָב פארבראכט ביי מיין שוועסטער ביז נאָך יום טוב און געוואָלט פאָהרען צוריק אין וואָלאָזשין, האָט דער שטעדטעלדיגער רב מיך פארהאלטען, איינגערעדט איך זאָל דאָרטען פארבלייבען לערנען. א רב איז דאן געווען הרב ר׳ משה אהרן אלופין, א גדול בישראל, א מחבר פון דריי ספרים שו״ת, „צור תעודה״, „תורה בלמודה אין עמק הלכה,״ א למדן א גרויסער און א קבצן נאָך א גרעסערער, נאָר ער האָט געלעבט מיט חשק. געווען צופרידען דערמיט, וואָס ער האָט געהאט צייט צו לערנען. די מענשען פון שטעדטעל האָבען איהם ליעב געהאט, ער איז געווען א משכיל און א קלוגער אין וועלטליכע זאכען. ער איז געווען אן איידים טאקע פון דער שטעדטעל, געווען א יתום אָהן א פאָטער, געוואלגערט זיך אין ישיבות, חתונה געהאט נאָך גאָר יונג, געווען א בן שמונה עשרה, א שניידער׳ס א טאָכטער ארייגעכאפט פאר א ווייב, נאָר איהר האָט ער געמעגט פארדאנקען וואָס ער איז א רב געוואָרען, ער האָט פיעל צייט נאָך דער חתונה געמוזט אנטלויפען פון זיין ווייב, ווייל זי איז געווען די אמת׳ע רביצין מיט א גוטען מענה לשון, איז ער אָפּגעזעסען אין איישעשאק א יאָר פיער נאָכ־אַנאַנד און געלערענט בהתמדה, האָט ער געקריגען סמיכה פון הגאון ר׳ יצחק אלחנן זצ״ל, דאן האָט ער זיך צוריקגעקערט אהיים, ער האָט גערעכענט אז פאר א רב וועט זיין „אשת חיל״ דרך ארץ האָבען, נאָר די רביצין האָט זיינע סמיכות ניט גע־לעזען, האָט זי איהם דערגאנגען די יאָהרען ווי פריהער, און אזוי ווי פאר א רב איז ניט שעהן צו קריגען זיך מיט דער ווייב, פלעגט ער אלס מקבל באהבה זיין און שווייגען, נאָר דעם

כבוד האָט ער געהאַט פון איהר, ווען זי פלעגט איהם שילטען מיט איהרע קללות וואָס זי האָט גע׳ירש׳נט פון איהר מאַמען, האָט זי געאירצט איהם, געזאָגט „איהר״ ניט „דו״. למשל — צו „אייער״ קאָפּ, צו „אייער״ לייב און לעבען. ער האָט זיך באַנוגענט כאָטש מיט דעם. אנטלויפען נאָך אמאָל, וואָס וועט ער פועל זיין? סמיכות אויף רבנות האָט ער שוין, איז ער געזעסען אין דער היים און געלערענט. אָפּגעלעבט האָט ער, ווען איך פלעג קומען צו איהם, פאַר מיר האָט זי זיך געשעמט. מיר האָבען זיך באַפריינדעט פלעג איך זיין ביי איהם אָן אָפּטער גאַסט. מיר פלעגען פאַרברייגגען אין תורה, אין וועלט־ליכע זאכען. אזוי איז דורכגעגאנגען עטליכע חדשים, איך האָב געהאַט דריי ערטער, דעם בית המדרש, דעם רב׳ס הויז און דער שוועסטער׳ס הויז.

## 74
## ס׳איז געקומען נאָך א ישיבה בחור, איך ווער מיט איהם גוט באַפריינדעט

מיר פלעגט זיין זייער אומעטיג זיצען אָפּט אליין אין שוהל און לערנען, פלעג איך געהן זיצען צום רב, צו דער שוועסטער, נאָר אין א פּאָר חדשים ארום איז געקומען א מינס־קער בחור צו אונז אין שטעדטעל און איז פאַרבליבען לערנען אין בית המדרש.*) איך האָב אויסגעפונען, אז ער איז א קלו־גער בחור, א פרעהליכער, א וויצלער, געקענט זינגען. עס איז גוט געווען פאַרברייגגען מיט איהם. פון דאַמאָלסט אָן פלעג איך בעסער וועלען זיצען אין שוהל, מיר פלעגען פאַרברייגגען אין איינעם, ווען עס האָט זיך ניט געוואָלט לערנען (דאָס האָט זייער אָפּט געטראָפען). פאַרבראַכט אין שוהל, געהענדיג אין גאָס, געהן מיט איהם צו מיין שוועסטער, צום רב האָב איך

*) דער נאָמען פון מיין חבר איז געווען צאלע, געוועזן נאָכדעם באַוואוסט אין מינסק מיט׳ן נאָמען צאַלע באָס.

װעלטענער אָנגעהױבען געהן. אַמאָל פרעגט מיך דער רב װאָרום האָסטו אױפגעהערט געהן צו מיר װי דו פלעגסט געהן פריהער? האָב איך איהם געזאָגט — די חכמים האָבען געזאָגט: „עשה לך רב וקנה לך חבר”, מען בעדאַרף האָבען אי א רב, אי א חבר, איצט האָב איך שױן א חבר אױך, בעדאַרף איך פאַר מײן חבר אױך אָפּגעבען א צײט.

זאָגט דער רב — איך װעל דיר געבען אַן עצה, אַז דו קענסט האָבען בײדען מיט אַמאָל. דו נעם דײן חבר און קומט בײדע צו מיר, װעסטו האָבען א רב מיט א חבר אין אײנעם.

פון דעמאָלט אָן פלעגען מיר בײדע געהן זײער אָפט צום רב. אַמאָל זיצענדיג בײדע בײם רב, זאָגט מיר דער רב: „דבר לי אליך השר”, איך האָב מיט דיר עפּעס צו רעדען, דו זאָלסט קומען בײנאַכט צו מיר. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער מײנט איך זאָל אַלײן קומען אָהן מײן חבר, איך האָב איהם צוגעזאָגט. קומענדיג אין שוהל, זיצענדיג בײם יורה דעה, קלער איך — אױף װאָס קען דאָס מיך בעדאַרפען דער רב, װאָס ער װיל מיט מיר רעדען ביחודות? װאָס פאַר א געשעפטען קען האָבען א רב מיט א ישיבה בחור? מיט װאָס קען איך איהם בעהילפיג זײן? דאָס װאָס איהם פעלט קען איך ניט פאַריכטען, נאָר עפּעס איז דאָך דאָס! איך בין זײער נײגעריג געװוען װיסען, נאָר איך האָב געמוזט װאַרטען ביז בײנאַכט. איך בין געקומען צום רב האָט איך דערװיסט דעם סאַמאָװאַרטשיק שטעהן אױפ'ן טיש, דער רב זיצט זיך אױפגעלײגט מעהר װי אַלעמאָל. ער האָט געבעטען מיך זיצען, אָנגעגאָסען מיר א גלאָז טעה, נאָכ־דעם האָט ער אנגעפאַנגען צו רעדען. געפרעגט בײ מיר װי אַלט איך בין, איך האָב איהם געזאָגט, אַז מיר װערט אכטצעהן יאָהר, נאָר איך האָב ניט פאַרשטאַנען צוליב װאָס בעדאַרף ער װיסען מײנע יאָהרען. נאָר באַלד איז אַרױס די קאַץ פון זאַק און איך האָב שױן פאַרשטאַנען צוליב װאָס האָט ער מיך גערופען און װאָס ער פרעגט מײנע יאָהרען. װען ער האָט מיר געזאָגט — אָ! זײער גוט, ריכטיג צו דער צײט „בן שמונה עשרה

לחופה" — ווייס איך שוין, אז ער וויל מיך פארשלייערן, מאכען מיר אויס ישיבה בחור, נאָר מיט וועמען וויל ער מיך פירען אונטער דער חופה, ווייס איך ניט. הויבט ער מיר אָן צו רעדען און איך וויל טאקע הערען.

זאָגט ער — דו האָסט ביי מיר נושא חן געווען, וואָלט איך וועלען האָבען דיך פאר א שוואָגער.

גוט — קלער איך.

זאָגט ער ווייטער — איך האָב א מוטער, זי איז דער שוויסלאָוויצער שוחט'ס א פרוי, זיי האָבען א טאָכטער, א מיידעל פון א יאָהר זיבעצעהן, א קלוגע, א געראטענע און יפת תואר. זיי וועלען איהר געבען א פאָר הונדערט רובעל נדן און דריי יאָהר קעסט, דו וועסט קענען זיצען און לערנען נאָך דער חתונה און דו וועסט ווערען א רב.

אז ער האָט מיר דערמאָנט, אז איך וועל ווערען א רב, האָט מיר שוין אָפגעטריבען דעם חשק. ערשטענס, דאָס האָט מיר דערמאָנט מיין פעטער לייזער'ס אייניקעל די יפת תואר, וואָס דורך איהר האָבען זיי געוואָלט מאכען מיר פאר א רב, צווייטענס האָב איך געזעהן זיין רביצין וועלכע האָט איהם פאר א רב געמאכט, הפנים אז א רב מוז האָבען א שלאָק א ווייב, האָב איך איהם געענטפערט בשפה רפה, אז איך וועל אָנפרעגען ביי מיינע עלטערען. דערביי איז געבליבען.

75

## איך ווער אַ שדכן

איך האָב דאָס דערצעהלט דער שוועסטער מיט'ן שוואָגער, איז דאָס זיי זעהר געפעלען געוואָרען. די שוועסטער האָט אַמאָל געזעהן דער מיידעל, האָט זי איהר זעהר גערימט פאַר אַ שעהנע. איך האָב געשריבען די עלטערען מיינע, איז זיי אויך געפעלען געוואָרען, דאָס איז דאָך עפּעס אַ יחוס שידוך, אַ שוחט'ס אַ טאָכטער און אַ רב'ס אַ שוועסטער, דערצו מיט נדן און מיט קעסט. זיי האָבען דערויף געגעבען זייער הסכמה.

דער רב פון זיין זייט האָט אויך ניט געשוויגען, ער האָט אראָפּ־געבראַכט זיין מוטער מיט דער כלה צו זיך, און האָט מיך גערופען צו איהם. מיר האָבען זיך געזעהן בגניבה געוואָרפען בליקען, איינער אויפ'ן צווייטען. רעדען האָבען מיר צווישען זיך ניט גערעדט, וואָס האָט צו רעדען אַ בחור מיט אַ פרעמ־דער מיידעל? נור מיר זיינען געפעלען געוואָרען איינער דעם אַנדערען. די מחותנ'סטע האָט מיט מיר גערעדט, און צוגע־זאָגט צו געבען דעם נדן מיט דעם קעסט ווי דער רב האָט געזאָגט, נור איין מניעה איז געווען, וואָס מען האָט ניט גע־קענט שרייבען קיין תנאים, און זיי האָבען דערוויילע געמוזט פאָהרען אַהיים און אָפּגעלייגט די תנאים. די מניעה איז גע־ווען, איך האָב געהאַט אַ שוועסטער, אַ מיידעל מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון מיר, (דאָס איז מיין אינגסטע שוועסטער שיינע), האָב איך ניט מסכים געווען צו שרייבען תנאים, ווע־רען אַ חתן פריער פאַר איהר. איז מיר ארויף אויפ'ן זי־נען, אַז מיין חבר „צאַלע" וואָלט געווען אַ גוטער שידוך פאַר מיין שוועסטער שיינע. איך האָב דאָס פאָרגעלייגט פאַר מיין שוואָגער און מיין שוועסטער, איז זיי אויך געפעלען געוואָרען. האָבען מיר אַוועקגעשיקט נאָך מיין שוועסטער זי זאָל קומען, און איך האָב זיך אונטערגענומען זיין דער שדכן. ווען די שוועסטער איז געקומען, האָב איך פאַרפירט אַ רייד מיט מיין חבר, און זאָג צו איהם:

— צאַלע, דו ווייסט? איך וויל ווערען אַ שדכן, איך וועל רעדען דיר אַ שידוך.

— דו ווייסט, אַז אַ בחור קען ניט זיין קיין שדכן. אויב עס איז אַ רעכטער שידוך, נעמט ער דאָס פאַר זיך. דעראיבער גיב איך דיר אַן עצה, שדכן אוים פריהער פאַר זיך, דערנאָך וועסטו זעהן פאַר מיר.

— איך קען אָבער אַליין קיין חתן ניט ווערען, איידער איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ חתן, ווייל די כלה, וואָס איך וויל דיר רעדען, איז עלטער פון מיר.

— וואָס, דו ווילסט באַזאָרגען אַלע עלטערע מיידלאַך, איידער דו ווערסט אַ חתן, אויף אַזאַ אופן קענסטו פאַרבלייבען זיצען אַן אַלטער בחור.

— דו מיינסט, אַז איך וויל פאַר דאגה׳ן אַלע אידישע טעכטער? מיר אינטערעסירט מעהר ניט די איין איינציגע, וועלכע איך רעד דיר, ווייל זי איז מיינע אַ שוועסטער.

— אויב אַזוי ביסטו גערעכט, נאָר זאָג מיר דעם אמת — צי דו דאגה׳סט פאַר דיין שוועסטער, אָדער דו זוכסט דיין אייגענע טובה?

— איך וועל פון דיר ניט לייקענען, איך מיין טאַקע מיין טובה אויך. אבער דער עיקר איז איך זוך דעם גליק פון מיין שוועסטער, און איך האָב דיך געפונען פאַר דעם פאַסענדען מענשען פאַר איהר, און דאָס גלייכען, זי פאַר דיר. איך קען דיך גוט, און דו קענסט מיין שוועסטער, און דו ווייסט איהר אָפשטאַמונג. זאָג אַליין, בין איך ניט אַ גוטער שדכן?

— אָבער דאָס ווייסטו, אַז אַ שדכן איז מיט איין צד ניט יוצא, דאָס איז דאָך ווינציג וואָס מיר איז זי געפעלען, דו ווייסט דאָך, וואָס דער פסוק זאָגט: „וישאלו את פי הנערה", מען דאַרף דער מיידעל פרעגען, וואָס וועט זי זאָגען?

— דאָס, מיין ליעבער פריינד, קענסטו זיך פאַרלאָזען אויף מיר, עס וועט רעכט זיין!

אין עטליכע טעג אַרום איז מיין שוועסטער „שיינע" מיט מזל אַ כלה געוואָרען פאַר מיין חבר צאַלע, בצלאל באַסין. אַלע האָבען געפייערט די שמחה פון דער פאַרלאָבונג, און איך האָב געהאַט אַ דאָפּעלטע שמחה, פאַר מיין שוועסטער, און פאַר זיך אויך!

אָט אַזוי איז אַמאָליגע יאָהרען שידוכים געשלאָסען געוואָרען. ניט פיהרענדיג קיין ליעבעס חדשים און יאָהרען לאַנג, וואָס עס טרעפט, אַז מיט אַ צייט קיהלען זיי אָפּ, אָדער זיי ווערען אין גאַנצען אויסגעלאָשען. אויך ניט געזוכט קיין פולע חשבונות אין לעבען, וואָס אָפט, נאָך אַלע חקירות און דרישות,

האָט מען געהאַט אַ טעות אין חשבון. דער צוועק פון היי־ראַט, דער ווינקעל־שטיין פון דעם בנין, איז אַמאָליגע יאָהרען געווען אַנדערש ווי איצט. ווען מען וואָלט איצט פאַרגעשטעלט אַט אַזאַ סאָרט בחור ווי מיין שוואָגער איז געווען, אַן אָרימער ישיבה בחור, אָהן קיין פּראָפעסיע, צו מאַכען אַ לעבען, וואָלט די כלה דעם נאָז פאַרקרימט! און דאָס זעלבע די עלטערען אויך.

איך רעד וועגען מיין שוואָגער, און וואָס בין איך? איך בין ניט געווען דער זעלבער אָרימער ישיבה בחור וואָס ער? וואָס איז געווען מיט מיר דער יחוס, אַז איך האָב געקענט לערנען אַביסעל מעהר פון איהם? וואָס האָט זיך געגלוסט דעם לאפּיטשער רב פאַר'שדכנ'ען זיין שוועסטער פאַר אַן אָרימען בחור ווי איך?

די אורזאַכע איז, ווייל די אָרטאָדאָקסישע עלטערען האָבען געשטרעבט צו פאַרבינדען זייערע טעכטער מיט איידעלע מענשען, בני תורה, לומדים, אפילו גאַנץ רייכע לייט האָבען גע־זוכט חתנים פאַר זייערע טעכטער בני תורה, מענשען וואָס קע־נען מיט דער צייט דערגרייכען די גרעסטע מדרגה. וואָרים באמת, ווער האָט באַלויכטען דעם אידישען לאַגער מיט תורה און השכלה, אויב ניט דער אַמאָליגער ישיבה בחור? און זייע־רע טעכטער זיינען תמיד צופרידען געווען מיט די אויסוואַהלונג פון זייערע עלטערען, (ווען דער מענש איז זיי געפעלען געווען). וואָרים זיי האָבען ניט פאַרלאַנגט, אַז זייערע צוקינפטיגע מע־נער זאָלען זיי קענען פאַרשאַפען אַ לעבען פון רייכטהום און לוקסוס. זיי האָבען זיך באַנוגענט און געווען צופרידען פאַר־בינדען זיך כאָטש מיט אַן אָרעמן, נור מיט אַן איידעל מאַן אַ בן תורה. אַלזאָ ווען מען האָט פאַר זיי געפונען אַזאַ סאָרט מענשען, זיינען זיי געווען וויליג, אָהן פיעל חשבונות, און מיט דעם זעלבען חשבון איז מיין שוועסטער אַ כלה געוואָרען.

אין אַ וואָך צייט שפּעטער איז געקומען דעם רב'ס מוטער און מען האָט מיך געמאַכט פאַר אַ חתן. די כלה איז צו די

תנאים ניט געווען. מיר האָבען זיך דאָך שוין געזעהן איין מאָל (כאָטש ניט גערעדט), איז דיינו לכל הדעות! זי (די כלה) האָט זיך געמעגט פארלאָזען אויף איהר ברודער דעם רב, (אַ רב קען מען גלויבען) און איך בין יוצא געווען. איך האָב זי געזעהן, זי איז אַ שעהנע, אַ געזונטע, ניט קיין שטומע, און אַ מיוחסת, אַ רב'ס אַ שוועסטער, אַ שוחט'ס אַ טאָכטער, דערצו איז דאָך דאָס אַ גליק-שידוך. מען גיט דאָך צוויי הונדערט רובעל נדן, און דריי יאָהר קעסט (ניט עסען קיין טעג, נאָר גאַנצע יאָהרען). קען גאָר זיין בעסער? און צו די תנאים האָט נאָך דער כלה'ס מוטער געגעבען מיר מתנות, 15 מזומנ'ע רובעל אויף אַ זייגער, און אַ זילבערנעם פּאָר-טאַבאַק, אַ שלאָפ־ראָק מיט זיידענע קוטאַשען. יעדער ישיבה בחור מעג זיך ווינשען אַזוינע גליקען. איך האָב זיך געשעצט זעהר גליקלאַך!

אָט אויף אַזאַ אופן זיינען ביידע לאפיטשער ישיבה בחורים געוואָרען חתנים מיט מזל!

## 76

## די סיבה, וואָס מיין שוועסטער'ס חתן איז אָפּגעפּאָה־רען פון לאפיטש

עס איז שוין געווען פאַר פורים, נור דער ווינטער האָט געהאַלטען זעהר שטאַרק שנייען מיט פרעסט ווי אין מיטען ווינטער. די לאפיטש'ער אידען האָבען נאָך ניט אויסגעטהאָן זייערע וואַרימע ווינטערדיגע קליידער, די פעלטשען מיט די וואַליקעס, געהייצט די אויוועגס אָנוואַרימען די הייזער, מיט די פאַרפראָרענע פענסטער. דער אַלטער שמש פון שוהל האָט אַלע פאַרנאַכט געהייצט ביידע שוהל-הרובעס, דעם עולם זאָל זיין וואַרעם אויף מאָרגען פריה צום דאַוונען. האָלץ איז אין שטעדטעל געווען זעהר ביליג, פאַר פופצעהן-צוואַנציג קאָפּי־קעס האָט מען געקויפט ביים דאָרפישען פויער דעם גרעסטען וואָגען האָלץ. דער אַלטער שמש האָט קיין האָלץ ניט געזשאַ־לעוועט.

איין אָווענד איז געווען זעהר אַ קאַלטער, האָט דער שמש אָנגעשפּאַרטביידע הרובעס מיט האָלץ פּיעל ער האָט געקענט. איך מיט צאַלען האָבען מיר שטילער־הייט נאָך מוסיף געווען אַ היבשע ביסעל. דער שמש האָט אויסגעהייצט און פאַרמאַכט די קוימענס און אַוועק אַהיים. איך מיט צאַלען האָבען מיר זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש נעבען הרובע, געעפּענט די גמרות, אַביסעל געלערענט, מעהר גערעדט וועגען אונזער קינפטיגער צייט. אזוי האָבען מיר פאַרבראַכט ביז אזייגער עלף אין אָווענד.

איך האָב אָנגעהויבען פיהלען קאָפּ־שמערצען. אין שוהל איז געוואָרען רויכעגלאַך. האָב איך געבעטען צאַלען, מיר זאָלען געהן אַהיים (מיר פלעגען ביידע שלאָפען ביי מיין שווער־טער). מיר זיינען ניט פיעל אָפּגעגאַנגען פון שוהל, איז גע־וואָרען ליכטיג אין גאַס. מיר האָבען זיך אַקער געטהאָן אַהינ־טער, האָבען מיר דערזעהן, אַז פון דאַך פון שוהל האָט אויס־געבראָכען אַ גרויסער רויך מיט אַ פלאַם פייער*). האָבען מיר גענומען שרייען מיט די גאַנצע כחות: פאַזשאַר, פאַזשאַר!

באַלד זיינען אָנגעלאָפען אַ גרויסער עולם אידען, קריסטען, האַלב נאַקעטע און מען האָט זיך גענומען מיט עמערלאַך וואַ־סער לעשען דעם פייער. קיין פייער־לעשער, קיין אינסטרו־מענטען דערצו, זיינען ניט געווען, האָט זיך די שוהל געברענט, ניט געשטערהייט, אַז אין גאַנץ שטעדטעל איז ליכטיג גע־וואָרען. מיט מסירת־נפש האָבען זיך עטליכע אידען אַריין געריסען צווישען די פלאַמען און אַרויסגעכאַפּט די ספרי תורות פון ארון קודש, וועלכער איז שוין געווען אַרומגענומען אין פייער. אין איין שטונדע צייט איז פון שוהל קיין זכר ניט געבליבען, מעהר ניט די האַלעוועשקעס פון די גראָבע בער־ווענעש, פון וואָס די שוהל איז געווען געבויט, האָבען זיך גע־רויכערט.

*) די סיבה פון דעם פייער: דער שמש האָט אונטער'ן אויווען אָנגעלייגט דינע העלצלאַך, אויף אונטערהייצען די אויווען מאָרגען.

איז אין איין נאַכט די שטעדטעל לאפּיטש געבליבען אָהן אַ שוהל, און איך מיט צאָלען אָהן אַ היים, ניטאָ קיין ספרים, ניטאָ קיין אָרט וואו צו לערנען, אוים ישיבה בחורים. ווי אַמאָל האָט אַ חדר־אינגעל געזאָגט: — ווען דער רבי שטאַרבט וועט גאָרנישט העלפען, מען וועט נעמען אַן אַנדערען. אָט אַז דער „סידור" זאָל שטאַרבען, דאַן וועלען מיר ווערען פריי אוים חדר! מיר זיינען געבליבען נשרפים, ניטאָ קיין שוהל, ניטאָ קיין ספרים אין וואָס צו לערנען, איז אוים ישיבה בחורים, און ביי אונז איז געבליבען בהסכם, מיר זאָלעןביידע אַוועק פאָהרען אין קיין בערעזין און ער קיין מינסק.

ער איז טאַקע אין אַ וואָך אַרום אַוועק געפאָהרען, און איך בין פאַרבליבען, ווייל דער רב האָט מיך פאַרהאַלטען, אַז איך זאָל קומען צו איהם אין הויז לערנען.

פון אָנפאַנג איז מיר שווער געווען זיצען ביי איהם אין הויז אַ גאַנצען טאָג אָנגעשטרענגט, ווי מען באַדאַרף זיך פיהרען מיט אַ רב מיט דרך ארץ, מעסטען און וועגען יעדער וואָרט, וואָס מען רעדט, נאָר מיט דער צייט האָב איך געזעהן אַז אַ רב איז אויך אַ בשר ודם, האָט אויך ליעב זאָגען אַ גלייך־ווערטעל. מיר פלעגען אָפּט פאַרברענגען אין מילא דעלמא אין וועלטליכע געשפּרעכען. אויך האָט ער מיך אָנגעהויבען נוצען צו שאלות, און אָפּט צו אַ דין תורה. איך האָב זיך געפיהלט ווי אַ האַלבער רב, און ער, ווי מיינער אַ האַלבער חבר, און ביידע זיינען מיר צופרידען געווען. אויך איז מיר אויסגעקומען ווערען אַ האַלבער דייטש. איך האָב ערהאַלטען אַבריף פון דער כלה, וועלכער איז געווען געשריבען מיט פיעלדייטשישע אויסשפּראַכען (אַ לערער פלעגט אויף שרייבען, האָב איך זיך אין אַ צייט דערוואוסט). האָב איך דאָך געמוזט ענטפערען אויך בזה הלשון, און אַריין בראָקען דייטשישע ווערטער. אָבער וואו נעמט מען זיי? אין חדר און אין דער ישיבה האָב איך דאָס ניט געלערענט. האָב איך געקראָגען אַ חומש מיט דעם „תרגום אשכנזי" און געקליבען פון דאָרטען איינציגע ווערטער (מאָלט

איך, איך האָב גוט געשוויצט) ביז איך פלעג אויפשטעלען א בריף, חצי דייטש, און זי האָט מיך פאר א האַלבען דייטש גע־מאכט, גענאַרט איינער דעם צווייטען און ביידע צופרידען געווען.

אין מיטען זומער האָט דער מחותן געשיקט אַ פוהר נאָך מיר, איך זאָל קומען. (ער האָט מיך, נאָך גאָר ניט געקענט). איך האָב זיך צוגעגרייט, גענומען די שבת׳דיגע קאַפּאָטע, אָן געטהאָן אַ מאַנישקע מיט אַ ווייסען קאָלנער, אונטערגעשאָרען אביסעל די פיאות מעשה חתן, נאָר קיין זייגער האָב איך ניט געהאַט, (די 15 רובעל וואָס די די מחותנ׳סטע האָט מיר גע־געבען קויפען אַ זייגער זיינען ביי מיר אַוועק אויף דער הוצאה). פאָהרען אָהן אַ זייגער האָב איך ניט געקענט, האָב איך גע־ליהען אַ זייגער מיט אַ גרויסער זילבערנע קייטעל אויפ׳ן האַלז ביי אַ יונגען מאַן. אַז איך האָב אָנגעטהאָן, האָב איך געפיהלט, אַז איך בין פאַרפּוצט מעשה חתן.

אַז איך בין אַריין צום מחותן אין הויז, האָב איך דאָרטען אַ פולע הויז מיט ווייבער דערוויסט, וואָס זיינען געקומען אָנ־קוקען דעם הזנ׳ס חתן, וועלכען די חזנ׳טע האָט איהם באַ־רימט שטענדיג אין דער ווייבערשער שוהל, פאַר די ווייבער.

דער מחותן האָט מיר געגעבען אַ ליעבליעכען „שלום עליכם" מיט אַ קוש, און די מחותנ׳סטע מיט דער כלה האָבען געזאָגט שלום עליכם, מיט אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ (אָהן הענט). איך האָב זיי געענטפערט מיט׳ן זעלבען לשון, און דערמיט האָט זיך געענדיגט די ערשטע באַגעגעניש.

עסענדיג וואַרמעס, האָב איך זיך דורכגעוואָרפען מיט ווער־טער מיט דער כלה, (ניט חלילה גערעדט גלייך צו איהר) און מיר האָבען געכאַפּט אַ גע׳גנב׳טען בליק איינער אויף דעם צווייטען.

אויף מאָרגען האָבען מיר ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו רעדען, אויך דורכגעהן זיך אין גאַס. אָבער די מחותנ׳סטע האָט אונז ניט ערלויבט צו געהן אָהן אַ שומר. זי האָט אַוועק־

געשטעלט דער שכנ׳ס אַ מיידעלע זאָל אַכטונג געבען אויף אונז. זי איז נאָכגעגאַנגען נאָך אונז. אויף יעדער טריט און שריט (אַזוי האָט מען איהר אָנגעזאָגט). איך האָב זיך ניט געערגערט פון דער שמירה, מיינענדיג, אַז דאָס דאַרף מען אַזוי, מען מוז היטען אַ חתן־כלה פון מזיקים, פון שדים און רוחות

עטליכע טעג האָב איך דאַרטען פאַרבראַכט אין פאַרגעניגען, אין זיסע, גוטע טרוימען אויף דער צוקונפט. דאָס איז געווען די גליקליכסטע צייט פון לעבען. איך רעכען, אַז דאָס גלייכען איז ביי יעדען מענשען, ווארום די האָפענונג מיט די שעהנע פאַנטאַזיעס, וואָס מען שטעלט פאָר, ברענגען מעהר פאַרגעניגען ווי די גוטעס אליין. אַ גליקליכער בין איך אָפּ־געפאָהרען צורק קיין לאפיטש, אויסגעטהאָן די שבת׳דיגע קאַ־פּאָטע מיט דעם אַנטליהענעם זייגער מיט דער זילבערנער קייט, און ווייטער דער זעלביגער ישיבה בחור, נור מיט אַנ־דערע, פרישע און זיסע געדאַנקען. אַזוי איז אַוועק דער זומער ביז ר״ח אלול!

**ענדע חלק ראשון**

# אינהאַלט פאַרצייכנים

## APPRECIATION

The author desires at this time to acknowledge the material and generous aid given him in making this work possible, and deeply appreciates the encouragement given him by the people whose names appear below:

Makrow, G.
Makrow, G. (Mrs.)
Gurwitz, E.
Gurwitz, E. (Mrs.)
Hessel, H.
Hessel, H. (Mrs.)
Leibman, E. (Mrs.)
Gurwitz, S. A.
Gurwitz, S. A. (Mrs.)
Gurwitz, J. A.
Gurwitz, J. A. (Mrs.)
Halprin, M.
Halprin, M. (Mrs.)
Davis, M.
Davis, M. (Mrs.)
Dallas, Texas
Abramowitz (Rabbi)
Adler, B.
Arstein, B., San Antonio
Adelman, M.
Alter, W.
Alter, D.
Waco, Texas
Blumenthal (Rabbi)
Briskman, S.
Bailen, S.
Cohen, H.
Delkawitz, M.
Donsiz, S.
Davis, M., M. C.
Erlich, S.
Esstman, L.
Eisenberg, O.
Frisch, E. (Rabbi)
Eidelberg, M.
Finkelstein, D.
Frank, S.
Freed, M. B.
Freed, T. (Mrs.)
Fink, Mrs.
Goldberg, E.
Gurinsky, C.
Guttman, Theo.
Goldofsky, M.
Gelfond, G.
Glasser, S.
Groon, S. L.
Shulman, M. M.
Binghamton, N. Y.
Greenberg, Eddie
Hyman, G.
Hyman, G. (Mrs.)
Herschman, J.
Helpain, S.
Harrison, D. (Rabbi)
Cincinnati, O.
Jacobson, N.
Josephson, F.
Kahn, H. (Dr.)
Galveston, Texas
Kahn, B. (Dr.)
Kanter, D. (Rev.)
Katz, Ben
Katz, Z.
Kulik (Rev.)
Karotkin, B. (Mrs.)
Karotkin, J.
Leiberman, H. B. (Rabbi)
Lewin, I.
Lewin, I. (Mrs.)

Levin, S.
Lande, A. S.
Lifshutz, S. B.
Lifshutz, A.
Lifshutz, S.
Lubel, H. (Rev.)
Lebman, H.
Lebman, S.
Marcus, M.
Nevelow, J. M.
Pinken, H.
Pinken, H. (Mrs.)
Pashkoff, B.
Polunsky, M.
Penner, B.
Rabinowitz, A. (Rabbi)
Rosenman, Max
Rosenman, Meyer
Richie, J. D.
Rosenberg, A.
Rubin, J.
Rabinowitz, A.
Sugarman, S.
Sugarman, S. (Mrs.)
Sugarman, H.
Sugarman, H. (Mrs.)
Sugarman, L., Chicago, Ill.
New Braunfels, Texas
Schmidt, Jacob,
Suprun, A., San Antonio
Smith, C.
Spector, B.
Schwartz, Chas.
Schapiro (Rabbi)
Austin, Texas
Safir, D.
Silber, I.
Sinkin, N.
Scheff, M.
Tamarkin, D. (Rabbi)
Tannenbaum (Rev.),
Austin, Texas
Vexler, A.
Weiss, B.
Weidermann, Ben
Weidermann, S.
Wolfson, A.
Wolff, A.
Zweig, D.
Zalim, G.

LAREDO, TEXAS

Granoff, H.
Granoff, A.
Schwartzman, A.
Freed Bros.
Shafer, M.
Shafer, C.
Rosenberg, B.
Rosenberg, I. (Mrs.)
Rosenberg, F.
Rosenberg, R. (Mrs.)
Rosenberg, E.
Rosenberg, J.
Rosenberg, R.
Rosenberg, W.
Goodman, I. (Mrs.)
Netishen, L.

ALICE, TEXAS

Rednick
Geshwir
Lipton Bros.

CORPUS CHRISTI, TEXAS

Wolff (Rabbi)
Phillips, S. (Rabbi)
Grossman, Ade
Sikora, J.
Wolfson, Abe.

PHILADELPHIA, PA.

Kulik, A. Z.
Kulik, A. Z. (Mrs.)
Berkowitz, M.
Berkowitz, M. (Mrs.)
Hoffman, K. (Mrs.)

NEW YORK, N. Y.

Bassein, B. (Rev.)
Bassein, B. (Mrs.)
Salov, A. I.
Salov, A. I. (Mrs.)
Family of M. Steinman
Schulman, H.